י. ל. פרץ

# די צייט

אַרויסגעגעבן פון דער „מאָרגן־פרייהייט"

מיט דער דערלויבעניש פון ב. קלעצקין פארלאג, פוילן

# אינהאלט

# די צייט

די אייביגע צייט, זי גייט זיך איר וועג,
זי ווייס קיין חדשים, קיין וואָכן, קיין טעג,
זי גייט זיך אָן אויפהער איר אייגענעם וועג,
און ווייסט נישט וואָס „נאָענט” איז און „ווייט”!

עס העלפן קיין טרערן, קיין בעטן, קיין צאָרן,
עס ציען קיין לייצן, עס העלפט נישט קיין שפּאָרן,
זי זעט נישט קיין גריבער, קיין שטיין און קיין דאָרן
און גייט זיך איר אייביגן וועג!

עס דונערט וועזובי, עס פּלאַטערט אַ שטויב,
עס פּישטשעט אַ ווערימל, ניאַגאַרא מאַכט טויב!
זי הערט עס ווי אונזער קריטיק אָדער לויב
און גייט זיך איר אייביגן וועג!

ווען טויזנטער נחת'ן, טויזנטער נויטן,
זאָל בליצן דער מאָרגן מיט גאָלדענע צויטן,
זי גריסט נישט דאָס לעבן, באַווײנט נישט דעם טויטן
און גייט זיך איר אייביגן וועג!

---

# דאָס יאָר

שיין איז דער פרילינג!
שיין מיט די געצווייגענע
אויף שטיקער, צויטן, פעדים און שפינוועבס
צעריסענע, צעקראַכענע, וואָלקן און נעבל.
שיין מיט די שטילע, חנ׳עוודיג שטראַלענדיגע,
בלוי פאַרשמייכלטע שטיקער הימל.
און מיט דער זון, וואָס שווימט—א פאַרוויינטע כלה—
פון ווייסן שלייער־נעבל אַרויס
און טיקט צוריק אונטער, פאַרשעמט.
און שיין איז דער ערשטער ציטער פון וואַלד—
פון א גוטן חלום, דורך א גוטע בשורה
געוועקט.
ער ציטערט,
וויל וואַרפן אַראָפּ פון זיך די שנייענע תכריכים
און אויסברייטן ניי־אויפגעבליטע צווייגן
פאַר די געפליגלטע זינגער, וואָס קומען פון דער פרעמד.
שיין איז דאָס האָפן;
שיין איז די בשורה, וואָס טראָגט זיך אויף די לייכטע
ווינט־פליגל, איבער טאָל און באַרג,
איבער טייך און פעלד —

---

באַרג אָפּ, באַרג אָפּ
יאָגן, רוישנדיג, קלינגענדיג,

געשלענגלטע, טיף־בלויע וואסער־לענטן
צווישן ווייסע שנייענע פעלדער—
שפּיציג־גרינע, לעבנס־דורשטיגע קעפּלעך
קוקן שוין דאָ און דאָרט פון שניי ארוים
און פרעגן: ווען?

---

און עס וואקסט דאָס האַרץ ביי דעם, וואָס האָט עס!

---

שיין איז דער זומער.
דער פריידיגיבעגער, רייכער זומער,
מיט דער פייער־פלאַמענדיגער קרוין איבער'ן קאָפּ,
אין געוואַנט פון גאָלד און בראָקאַט
אויף די העל־געשטיקטע דיוואַנען...

---

פון צעפלאָסן־גאָלדיגן ים
פלאַמט ארוים דער מאָן,
קוקן פאַר'חלום'טע האבער־אויגעלעך שטיל—
און די שאַרע שרעקיגע, לוסטיגע פויגל
איבער'ן ים—

---

פאַרטראַכט אין זיך פליסן שטיל די טייכן,
געלאַסן און זיכער גייט זייער וועג
צום ים, צום ים!
מיט'ן בלאַנקען בלויען הימל
אין דער פאַרשפּיגלטער שוים.

---

ברוין געזוימטע וואָלקן אנטלויפן פאר דער זון,
נערוויטלטע, לייכטע, זילבער־נעבל יאָגן זיך נאָך
שפּילנדיג — —
דאָס פייפל הערט זיך אין וואַלד,

דאָס שניטער־ליד פון פעלד—
דעם פּליסאַק׳ס געזאַנג פון טייך —

---

אונטער דער לאַסט פון גאָלדענע עפּל
בויגט זיך דער בוים — —
ערגעץ וואו צעוויגט זיך א גלאָק — —
פון ערגעץ וואו קומט ציטערדיג זיין קלאַנג — —
זאָל בעטן, ווער עס האָט וואָס און ביי ווענען...

---

שיין איז אויך דער הערבסט,—
ווי אַן אונטערגייענדיגע זון
אין געדיכטע פארבן צעפלאַקערט —

---

אין פלאַמען געזעגנט זיך דער וויין,
גאָלדיג זוימען זיך די בלעטער.
גינגאָלדן — די שטאַמען — —

---

דער טאַנץ פאר׳ן טויט,
דער געזאַנג פון לעצטן אָטעם — —
א בעכער שוימענדיגן וויין
אין א פארציטערטער האַנט —
אויפגעפלאַמטע אויגן —
צום לעצטן מאָל... צום לעצטן מאָל...

---

זאָל טרויערן, ווער עס קאָן...
— — — — — — — — — — — — — — — —

---

אמליבסטן דאָך האָב איך דעם ווינטער —
דאָס גלאַטע, דאָס קלאָרע, דאָס אויפגעקלערטע, —
דאָס רואיגע, דאָס בריליאַנטן־בליצענדיג טויטע —

ווייס אָן א גרעניץ,
קלאָר אָן א גרעניץ ;
שוין נישט געהאָפט,
שוין נישט געשראָקן,
נישט געדענקט,
נישט פארלאנגט ;
נישט געלעבט און נישט געליטן...
קאלטע, בלאנקע, שטילע רו...

---

# שלום-בית

חיים איז א טרעגער.

אז ער גייט דורך די גאס, איינגעהויקערט אונטער'ן קאסטן סחורה, זעט מען אים נישט ארויס; עס דאכט זיך, אז דער קאסטן גייט אליין אויף צוויי פיס... דאס שווערע אטעמען הערט זיך דאך פון וויטנס!

פרץ —72—

דאך — אט ליינט ער אפ די לאסט, באקומט זיינע עטלעכע גראשן; ער גלייכט זיך אויס, אטעמט שטארק אפ, בינדט אפ די פאלעס, ווישט זיך אפ דעם שוויים פון פנים, גייט גלייך צום ברונען, טוט א פאר שלינגס וואסער און לויפט אין הויף אריין.

ער שטעלט זיך נעבן א וואנט, הויבט אויף דעם ריזן־קאפ אזוי, אז דער שפיץ בארד מיט דער נאז, מיט'ן דאשעק פונ'ם היטל, קומען אוים אויף איין שטח.

ער רופט:

— חנה!

פון אונטער'ן דאך עפנט זיך א קליין פענצטערל, און א קליין ווייבעריש קעפל אין א ווייסן ציפיק ענטפערט:

— חיים?!

דאס פאר־פאלק קוקט זיך גאנץ צופרידן אן; די שכנים זאגן: זיי קעטשקען זיך. חיים ווארפט ארויף זיין פארדינסט, איינגעוויקלט אין א שטיקל פאפיר. חנה כאפט עס אין דער לופט; עס איז איר נישט דאס ערשטע מאל.

— א בריה נפלאה! — מאכט חיים, און האט גאר קיין חשק נישט אוועקצוגיין.

— גיי, גיי, חיים! — שמייכלט זי, — איך קאן מיך נישט

דירן פון קראנקן קינד... איך האָב צוגעשטעלט דאָס וויגל צום קוימען... מיט דער האַנט שוים איך און מיט'ן פוס וויג איך...

— וואָס מאַכט עס, נעבעך?

— בעסער!

— געלויבט איז גאָט! און הענע?

— ביי דער נייטאָרין!

— יאָסל?

— אין חדר.

חיים לאָזט צוריק אַראָפּ די באָרד, גייט אַוועק און חנה קוקט אים נאָך, ביז ער ווערט פאַרשוואונדן.

דאָנערשטאָג און פרייטאָג דויערט עס לענגער.

— וויפיל האָסטו דאָ אינ'ם פּאַפּירל? — פרעגט חנה.

— צוויי און צוואַנציג גראָשן.

— איך האָב מורא, עס איז ווייניג!

— וואָס דאַרפסטו דען, חנה?

— פאַר אַ זעקסער שמירעכץ פאַר'ן קינד, פאַר עטלעכע גראָשן ליכט, חלה האָב איך שוין... פליייש אויך, אַנדערטהאַלבן פונט... נו—בראָנפן אויף קידוש!... היינט דאַרף מען יאָך עטלעכע דרענגלעך!

— דרענגלעך וועל איך דיר שוין שאַפן, עס מוז זיין אויפ'ן מאַרק.

— דאַרף איך נאָך...

און זי רעכנט אויס, וואָס זי דאַרף נאָך אַלץ אויף שבת. סוף כל סוף בלייבט: אַז מען קאָן קידוש מאַכן איבער חלה, און אַז אַ סך זאַכן איז זיך גאַנץ לייכט צו באַגיין.

דער עיקר איז — בענש־ליכט, אויך די זאַלב פאַר'ן קינד!

און פונדעסטוועגן, אַז גאָט העלפט, די קינדער זיינען געזונט די מעשענע לייכטער — נישט פאַרזעצט, בפרט, אויב עס איז דאָ נאָך אַ קוגל — האָט דאָס פאָר־פאָלק גאָר אַ פריילעכן שבת!

ווארום חנה איז אַ בריה נפלאה צום קוגל!

שטענדיג פעלט איר עפּעס; דאָ מעל, דאָ אייער, דאָ פעטס.

און צום סוף קומט ארויס אַ פּעטער, אַ זיסער, אַ מחיה'דיגער קוגל; ער צעגייט פּשוט אין אַלע אברים!

— דאָס קאָכט דער מלאך, — זאָגט חנה, און שמייכלט פאַר נחת.

— יאָ, אַ מלאך, אודאי אַ מלאך! — לאַכט חיים, — דו מיינסט, אַז דו ביזט אַ קליינער מלאך, אַז דו האָלטסט אויס פון מיר און פון די קינדער... וויפיל מאָל טוען זיי דיר אָן צרות, איך ווער אַמאָל בייז... נו, איך הער עפּעס אַ קללה פון דיר, ווי אַנדערע ביי די ווייבער? און באַשר, דו האָסט אַ סך נחת פון מיר? דו און די קינדער גייען נאַקעט און באָרוועס... צו וואָס טויג איך? נישט צו קידוש, נישט צו הבדלה, איך קען אפילו נישט רעכט קיין זמירות זינגען...

— ביזט פאָרט אַ גוטער טאַטע, און אַ גוטער מאַן! — האַלט זיך חנה ביים איריגן, — אַזאַ יאָר אויף מיר, און אויף כל ישראל... איך זאָל מיך נאָר עלטערן מיט דיר, רבונו של עולם!

און דאָס פאַר־פאָלק קוקט זיך אין די אויגן אַריין אַזוי גוט, אַזוי וואַרים, און אַזוי מיט'ן גאַנצן האַרץ, אַז עס דאַכט זיך, זיי זיינען ערשט פון אונטער דער חופה אַפּער...

עס ווערט נאָך פריילעכער ביים טיש...

נאָך נאָכ'ן שלאָף, גייט חיים אין קליינעם שולכן אַריין הערן תורה.

דאָרט לערנט אַ מלמד מיט'ן פּראָסטן עולם „אַלשיך". עס איז הייס, די פּנים'ער זיינען נאָך פאַרשלאָפן; איינער כאַפּט נאָך אַ דרימל, דער צווייטער לאָזט ארויס אַ הויכן געניץ; נאָר ראַפּטים, ווען עס קומט צום רעכטן אָרט, מען שמועסט פון י ע נ ע ר וועלט, פון גיהנום, וואו מען שמייסט די רשעים מיט אייזערנע ריטער; פון ליכטיגן גן־עדן, וואו די צדיקים זיצן אין גאָלדענע קרוינען און לערנען תורה... דעמאָלט ווערן אַלע אויפגעלעבט; די מיילער — אָפן, די פּנים'ער רויט... מען הערט זיך איין אָן אַן אָטעם, וואָס עס וועט זיין אויף יענער וועלט!

חיים שטייט געוויינלעך ביים אויוון. ער האָט טרערן אין די

אויגן, עס ציטערן אים הענט און פיס; ער איז אינגאנצן אויף יענער וועלט!

ער ליידט צוזאמען מיט די רשעים; באדט זיך אין הייסער סמאלע; ער ווערט געווארפן כף הקלע, קלויבט שפענער אין וויסטע וועלדער... אלץ לעבט ער דורך, און עס באדעקט אים דער קאלטער שווייס... פאר דאס האט ער שפעטער נחת גלייך מיט אלע צדיקים: דאס ליכטיגע גן־עדן, די מלאכים, דער לויתן, דער שור־הבר, און אלע גוטע זאכן, שטעלן זיך אים פאר אזוי לעבעדיג און אזוי בולט, אז ווען דער מלמד ענדיגט, גיט א קוש און פאר־מאכט דאס ספר, כאפט ער זיך אויף ווי פון א חלום, טאקע ווי פון יענער וועלט.

— א, — כאפט ער שווער דעם אטעם, וואס ער האט איינ־געהאלטן ביי דער גאנצער צייט, — רבונו של עולם! כאטש א שטיקל, כאטש א פיצל, כאטש א בראקעניו עולם הבא... פאר מיר, פאר מיין ווייב, און פאר אלע מיינע קינדערלעך!

און דעמאלט ווערט ער טרויעריג; ער פרעגט זיך: „אים־שטיינס געזאגט, פון וואס, פאר וואס?...”

איינמאל איז ער נאכ'ן לערנען צוגעגאנגען צום מלמד:

— רבי, — זאגט ער, און זיין קול ציטערט, — גיט מיר אן עצה, איך זאל זוכה זיין צו האבן עולם הבא!

— לערן, מיין קינד, תורה! — הערט ער א תשובה.

— איך קאן נישט!

— לערן משניות... עין־יעקב, כאטש פרק...

— איך קאן נישט!

— זאג תהלים!

— איך האב קיין צייט נישט!

— דאוון ערנסט!

— איך פארשטיי נישט, וואס איך דאוון!

דער מלמד קוקט אים אן מיט רחמנות.

— וואס ביזטו? — פרעגט ער.

— א טרעגער.

— נו, זיי משמש תלמידי חכמים.

— וואָס הייסט?

— טראָג, למשל, אַלע פאַרנאַכט אין בית־המדרש אַריין אַ פּאָר קאַנען וואַסער, די לומדים זאָלן האָבן צו טרינקען...

חיים ווערט דערפרייט.

— רבי, — האָט ער ווייטער געפרעגט, — און מיין ווייב?

— אַז דער מאַן זיצט אויף אַ שטול אין גן־עדן, איז דאָס ווייב זיין פוס־בענקעלע.

אַז חיים איז אַהיים געקומען הבדלה מאַכן, איז חנה געזעסן און געזאָגט „גאָט פון אברהם". אַז ער האָט זי דערזען, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט ביים האַרץ.

— ניין, חנה, — פאַלט ער צו איר צו, — איך וויל נישט, דו זאָלסט זיין מיין פוס־בענקעלע... איך וועל מיך אַראָפּבויגן צו דיר, איך וועל דיך אויפהויבן און זעצן דיך נעבן מיר. מיר וועלן צוזאַמען זיצן אויף איין שטול, ווי אַצינד... עס איז אונז אַזוי גוט צוזאַמען... הערסט, חנה, דו מוזט זיצן מיט מיר אויף איין שטול... דער רבונו של עולם וועט מ ו ז ן באַשטיין!

# די לעזערין

פרײַטאָג־צו־נאַכט.

אינ׳ם שטיבל איז שרעקלעך שטיל, אין ד׳ אמות שלאָפן זיבן נפשות.

דער אַלטער וואַסער־טרעגער האָט נישט געהאַט: נישט קיין פליש, נישט קיין פיש, נישט קיין בראָנפן, נישט קיין חלה. ער האָט קידוש געמאַכט איבער ברויט. עס איז קוים אויף צוויי גראָשענדיקע בענש־ליכט געבליבן. ער האָט אפילו קיין פריש העמד נישט באַקומען.

איין עונג שבת איז געבליבן: אויסשלאָפן זיך פאַר אַ גאַנצע וואָך.

דעם זעלבן עונג שבת האָט דאָס ווײַב אויך... אַ גאַנצע וואָך לויפט זי אַרום אין די דערפלעך, קויפט־אויף אייער, חזיר־האָר, שמאַטעס. די וואָך איז זי געלאָפן אָן געלט, זי האָט אומזיסט געבעטן קרעדיט, און איז אַהיים געקומען פרײַטאָג פאַרנאַכט אָן סחורה, אַ גע׳הרג׳עטע, אַ פאַר׳חלש׳טע... קוים האָט זי אָפּגע־בענטשט ליכט, איז זי אויך אַנידערגעפאַלן און איז אײַנגעשלאָפן...

געוויינלעך שלאָפט דער וואַסער־טרעגער מיט דריי — און זי מיט צוויי קינדער צוזאַמען. הײַנט זײַנען זיי ביידע צו פרי אַנטשלאָפן געוואָרן, די קינדער האָבן זיי נישט געוואָלט וועקן, און זיי ליגן צעלייגט און כראָפּען אויף דער גאָלער ערד.

פון די בענש־ליכט צאַנקט נאָך איינס, און פון די שטוב־נפשות איז נאָר איינע וואַך.

די עלטסטע טאָכטער.

די צעפלאָטענע האָר זײַנען רויט. דאָס פּנים — געל: גע־נערט פון קאַרטאָפל נישט צו דער זאַט. אין די אויגן דאָך

ברענט; די איינגעפאלענע ברוסט הויבט זיך און פאלט, די דארע הענט ציטערן...

זי לעזט ביים צאנקענדיגן ליכט שמר'ס א ראמאן. די ליפן ציטערן פאר אומגעדולד.

זי איז צערודערט. זי שרעקט זיך: טאָמער גייט איר אויס דאָס ליכטל, און זי וועט נישט געוואָר ווערן דעם סוף פון פּיפּער־נאָטער!

---

# א פאַרשטערטער שבת

האַלב שבת! א בערגל מיסט ביי דער טיר — צום ארויס־וואַרפן; די לאָקשן ליגן אָפּגעשווענקט אין שיסל, מען דאַרף זיי נאָר באַגיסן מיט א לעפל יויך, זיי זאָלן זיך נישט צוזאַמענקלעפּן. אויפ'ן טיש איז גרייט בראַנפן אויף קידוש; א קוילעטש מיט א חלה — צום באַדעקן מיט א זיידן חלה־טישטוכל!

זרח, דאָס יונגע באַלעבעסל, איז שוין אָפּגעוואַשן. מיט צו צוויי פינגער פון יעדער האַנט דריקט ער אויס דאָס וואַסער פון די פּאות. מרים, די יונגע באַלעבאָסטע, שטייט ביי אים און פּוצט אים צו די קאַפּאָטע.

— א, דו... שלימזל! — שמייכלט זי צו אים — אַנדערט־האַלבן יאָר נאָך א חתונה מאַכט מען אַזוי צורעכט מלבושים! זע! דאָ אויפ'ן לאַץ! זעסט? א פלעק פון חלב! — זי קראַצט מיט די נעגל, גייט־איבער מיט דער באַרשט.

— גענוג שוין, — בעט זיך זרח, — די הענט וועלן דיר וויי טאָן! דו קאָנסט דאָך שוין קוים דעם אָטעם כאַפּן, לאָז שוין אָפּ!

— אַ־ווא! גלייבער, זיי זאָלן א ביסל וויי טאָן, איידער מען זאָל זאָגן אין בית־המדרש, אַז דו האָסט א ווייב — א שמאַ־דער, וואָס פּוצט דיר אפילו די שבת'דיגע קאַפּאָטע נישט אָפּ!

זי געפינט נאָך א פלעק, בויגט זיך נאָכאַמאָל איין און פּוצט, דאָס בלאַסע פּנים רויטלט זיך, די אויגן בליצן, און שווער ווערט איר דער אָטעם, — אירם האָט זי דאָך אויסגעפירט... זרח קושט זי אויפ'ן קאָפּ.

— וואָס נעפעלט עס דיר אזוי? — רייסט זיך מרים אוים מיט א געלעכטער — די האָר־באַנד?

— שעם דיך כאָטש פאַר דער מאַמען, — האָט זי צוגעגעבן שטיל.

די האָר־באַנד, וואָס זי טראָגט אויפ׳ן קאָפּ, און די מוטער, וואָס שטייט אצונד איבערגעדרייט צום ספרים־שענקל און זוכט, מכלומר׳שט, דאָס טייטש־חומש — זיינען איר צוויי שטיינער אויפ׳ן האַרץ.

פאַר דער חתונה האָט מרים געהאַט א פּאָר דיקע, לאַנגע צעפּ פון בלאָנד זיידענע האָר. אַלע מיידלעך האָבן זי מיט די צעפּ מקנא געווען. אז זי פלעגט דורכגיין דעם מאַרק, פלעגן מענטשן טראַכטן: אָט, דער יצר־הרע גייט. זרח — דעמאָלט שוין איר חתן — פלעגט ציטערן פאַר פרייד, אז ער האָט אמאָל באַקומען אירם א צאָפּ אין דער האַנט אריין; נאָר אימשטיינס געזאָגט, ווען עס איז אים געראָטן? א האַלב יאָר אינגאַנצן זיינען זיי געווען חתן־כלה... געזען האָבן זיי זיך קוים עטלעכע מאָל... איינמאָל שבועות ביינאַכט (הושענא־רבא האָט מרים מורא געהאַט פאַר׳ן יום־הדין); איינמאָל האָבן זיי זיך ארויסגענאַרט שמחת־תורה פון הקפות; נאָך אמאָל האָבן זיי זיך געטראָפן חול־המועד פסח אויפ׳ן שפּאַציר אונטער דער שטאָט... און דעמאָלט מאַקע האָט מען זיי „געכאַפּט”! עס איז געוואָרן א גערודער, א געשרייעריי, דער רב האָט געשיקט רופן די עלטערן; געזאָגט זיי, אז ער גלויבט באמונה שלמה, אז עס זיינען ערלעכע קינדער, פינדעסטוועגן איז זיין עצה, מען זאָל באַלד שטעלן א חופּה...

מרים׳ס מוטער — די „לאַנגע סעריל” — האָט אפילו קיין צייט נישט געהאַט צו מאַכן אַלע איינשיטן. זרח׳ס פאָטער, דער שמריקן־מאַכער, האָט נאָך נישט געהאַט דעם גאַנצן נדן; א דופּה האָט מען דאָך געשטעלט! און פאַר דער חופּה האָט מען אָפּגעשוירן די בלאָנד־זיידענע האָר!

מרים האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן —

זיצנדיג צווישן די בחורים, האָט זרח — אזוי פאַרציילט ער, — דערפילט, ווען מען האָט זיך גענומען צו די צעפּ. עס

האָט אים אַ שניט געטאָן אין האַרץ! ביי דער גילדענער יויך, האָבן זיי ביידע אויסגעזען, ווי „עס וואָלט זיי אונטערגעגאַנגען אַ שיף מיט זויער־מילך".

אַ, די האָר־באַנד, די האָר־באַנד!

די האָר וואָלטן צוריק געוואַקסן, מען זאָל זיי נישט דאַרפן אַלע מאָל אונטערשערן! זרח זאָגט אַפילו, אַז עס זיינען פאַראַן אַזוינע שטעט, וואו אידישע טעכטער טראָגן שייטלען, טייל אַפילו — אייגענע האָר; ווייסט מען דאָך, אַז ער איז אַ שטיק אַפּיקורס, דער זרח. ווען גאָט זאָל אים העלפן, — זאָגט ער, — ער זאָל געווינען אויף דער לאָטעריע (פון סוחר'עריי נתעשר צו ווערן, איז שלא כדרך הטבע), וואָלט ער איבערגעלאָזט דער שוויגער אַ פּאָר טויזנטער, און ער מיט מרים־לעבן וואָלטן אַוועק אין איינע פון די גרויסע שטעט!...

מרים אָבער וויל נישט הערן און געדענקען! זי בעט זיך רחמים ביי זרח'ן, ער זאָל נישט ריידן דערפון; זי קושט אים און האַלזט אים, ער זאָל בעסער שווייגן.

ערשטנס — ווי לאָזט מען עס איבער אַליין אַ מאַמען; טאַקע מיט געלט, נאָר טאָמער ווערט זי, חס ושלום, קראַנק... אַ מענטש אין די יאָרן... ווער וועט איר דערלאַנגען אַ לעפל וואַרים וואַסער? צווייטנס — האָט מרים־לעב אַליין מורא פאַר דער עבֿרה! עס זיינען טאַקע דאָ אַזוינע שטעט; אַז זרח זאָגט, איז אודאי אמת, זי גלויבט, — נאָר אַ קשיא אויף אַ מעשה! סדום ועמורה פון טייטש־חומש זיינען אויך שטעט געווען, מיט נאָך ערגערע מנהגים: אייזערנע בעטלעך פאַר אורחים... יתומים האָט מען אויסגעשמירט מיט האָניג... נו, כהיום! און ווער ווייסט, אויב מאָרגן וועט נישט דער אויבער־שטער אַראָפּשיקן זיינע מלאָכים, זיך אָן עצה האַלטן,, און אין איין רגע איבערקערן די היינטיגע סדום ועמורה'ס?

זי ווייסט, אַז גאָט, ברוך הוא, איז אַן ארך אַפּים; ער וואַרט אודאי... אפשר וועלן זיי תשובה טאָן!...

— נו, הכלל, — זאָגט מרים, — דאַרפן מיר זיך אַריינלייגן אין קראַנקן בעט?

— ניין, זרח, — זאָגט זי, — איך וויל נישט... אז מען זאָגט, מען טאָר נישט, טאָר מען נישט...

פון דער מוטער האָט זי נאָך מער צרות.

די לאַנגע סעריל האָט ליב די טאָכטער מער ווי צען מוטערס צוזאַמען; קיין שלעכט וואָרט וועט זי איר נישט זאָגן. — נאָר זינט מען האָט „געכאַפּט די חתן־כלה", האָט זי אויף זיי שטענדיק אַן אויג... היט זי זיי אָפּ!

— דו ביזט, — זאָגט זי צו מרים'ען, — אַ פרומע נשמה, נאָר אַ ווייך האַרץ האָסטו; און קעגן דעם יצר הרע מוז מען האָבן אַן אייזערנע גבורה. אַ מענטש מוז זיך שטעלן ווי אַ לייב, ווייל דער יצר־הרע איז ערגער ווי אַ שלאַנג!

און זי האָט זיך גענומען צו דער גוטער, נאָר שוואַכער טאָכטער, צו דער פרומער, נאָר שוואַכער נשמה, זי אונטערצוגאַרטלען קעגן יצר־הרע! און נאָך יעדן אונטערגאַרטלען בלייבט מרים אוים מענטש! עס טוט איר ווי דאָס האַרץ; ביינאַכט שרעקן זי אַלערליי חלומות...

קוים גייט זרח אַרויס פון שטוב, הויבט זיך אָן דאָס מוסר־זאָגן.

סעריל איז אַ מושלמת, לייענט עברי־טייטש ווי אַ וואַסער; קאָן דאָס טייטש־חומש מיט'ן קו־הישר, מיט'ן ראשית־חכמה און נאָך עטלעכע אַזוינע ספרים, כמעט אויסנווייניג; אין גיהנום איז זי קלאָר; זי איז אין יעדן ווינקעלע ווי אין דער היים! זי ווייסט, וואו מען קאָכט אין הייסער סמאָלע, וואו מען ברענט מיט שוואַרץ פייער, און שדים בראָטן די נשמות, ווי הינדלעך אויף דער שפּיז! זי איז קלאָר אין גאַנצן שולחן־ערוך פון יענער וועלט; פאַרוואָס מען הענגט אויף דער צונג... מען וואַרפט צווישן הימל און ערד, און אָדלער און קראָען רייסן אוים שטיקער פלייש; פאַרוואָס מען לויפט אַרום אין וועלדער, און ווילדע חיות בייסן די פּיענטעס, פאַרוואָס מען שינדט אָפּ די הויט, מען וויקלט איין אין שטעכעדיגע דערנער... און מען הייסט נאָך שעפּן וואַסער מיט אַ קאָן אָן אַ דנאָ... איין גליק איז נאָר, וואָס נאָט איז פול בארמהערציגקייט! ער וויל נישט מער, נאָר מען

זאָל תשובה טאָן... און מרים הערט דאָס אַלץ אויס מיט האַרצ־קלאַפּן, מיט ציטערדיגע ליפּן, און אַ פּנים ווי קרייד.

זי שרעקט זיך... זי ווייסט, אַז אַ מענטש איז זינדיג... ערגער איז אין די טעג, ווען אַן אשה איז פול מיט שדים, ווען אַרום איר טאַנצן רוחות רעות... ווען אַן אשה טאָר נישט קוקן אין שפּיגל אַריין, פון אירע בליקן זאָל קיין פלעקן נישט ווערן! איר הויך איז דאָך דעמאָלט מיט טומאה, די קליידער — באַשיט מיט דיבוקים, מיט פּיפּערנאָטערס! ווי געציטערט האָט זי דעמאָלט פאַר זרח'ן...

און נאָך איידער עס האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן, האָט שוין די מאַמע מורא געהאַט, וואָס אַמאָל געפרעגט: טאָכטערשי, אפשר שוין? אפשר האַלטסטו עס בסוד, אפשר ווילסטו דיר פאַרזינדיגן די יונגע יאָר... זע, קוק נאָך אַמאָל, טאָמער פאָרט! אפשר האָסטו נישט גוט אכטונג געגעבן...

— מאַמעשי, — פרעגט אַמאָל מרים, — פאַרוואָס האַלט עס זרח אַזוי פאַר גרינג? ער לאַכט אפילו, אַז איך וואַרף אים די שליסעלעך!

— אַן עוולה, אַ גרויסע זינד! — זאָגט די מאַמע, — נאָר אַ מאַנספאַרשוין איז שוין בטבע אַזוי... אימשטיינס גע־זאָגט, זיי ווייסן דען... און וואָס האָט אַזוינער מורא? ער כאַפּט אַמאָל אַריין אַ פּרק משניות, ווערן אים זעקס בלאַט חטאים אויסגעמעקט פון בוך! און ווען איז זייער יום־הדין? איין מאָל אין יאָר — ימים נוראים... אָבער אַן אשה, נעבעך, אַ „שעשני כרצונו", דאָס איז ווי אינדיטשקעס! אַ ליאַדע וואָס, איז אויף זיי, רחמנא ליצלן, אַ פּגירה! היינט זע, בשעת'ן טראָגן, בשעת'ן האָבן — דעמאָלט הענגט דאָ יאָ די נשמה אויף אַ האָר! סאַמע ימים נוראים! און וואָס, אימשטיינס געזאָגט, זאָל אונז מציל זיין? דאָס טייטש־חומש?!... אַ קאַטאָוועס, אַ מענטש אָן ציצית... אינגאַנצן דריי מצוות: חלה, נדה, הדלקת הנר... מיט חלה איז נאָך נישט אַזוי געפערלעך! מען קאָן נאָך יוצא זיין! הדלקת הנר אויך... פרייטאָג, צוועלפן, מאַכט מען שבת... אָבער יענס... עס איז זיך דען גאָר צו דערהיטן?

— אז דיין אויג, — זאָגט זי, — קוקט אויף דעם אייגענעם אָרט, וואו זיין אויג; אז דיין הויך טרעפט זיך צוזאַמען מיט זיין אָטעם, — שוין! לילית כאַפּט דאָס שוין אויף, זי קריגט שוין שליטה, זי פליט אַרויף גלייך צום כסא הכבוד, מיט'ן הויך, מיט'ן בליק, מאַכט דערפון אַן עסק! באַלד הויבן אָן שטאַרבן יולדות... קליינע קינדער...

און מרים האָט זיך געפילט זינדיג פאַר גאָט פאַר אַ סך אַזוינע „בליקן" מיט אַזוינע „הויכן"... נאָך אַזאַ הויך אָדער אַזאַ בליק, האָט זי נעכט נישט געשלאָפן פאַר פחד, איר נשמה זאָל נישט אַרויספליען, און אַליין אָנשרייבן אין בוך!...

איינמאָל איז געקומען אין שטעטל אַריין דער אָקרוזשנאָי סוד. מען איז געלאָפן אויף זיין וואונדער. מרים איז איינמאָל אויך געגאַנגען זען; עס איז געווען באַלד נאָך דער חתונה — גליסטן זיך אַזוינע זאַכן. האָט זי געזען דריי סודיאַס, אַ פּראָקו־ראָר, אַ סעקרעטאַר און איינעם, וואָס מען האָט גע'משפּט... אין ויאָס עס גייט האָט זי נישט פאַרשטאַנען, נאָר דערנאָך, אז מען האָט אויסגערופן: קאַטאָרגע, האָט זיך דער פאַר'משפּט'ער אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, גלייך אַ דונער האָט אים דערשלאָגן... פון דעמאָלט אָן האָט זי נאָך מער פחד פאַר'ן בין־דין של מעלה! דאָ האָט זיך דער פּראָקוראָר אַ ביסל געאיקעט; דאָרט וועט ריידן דער שטן! מיט שוואַרץ פייער וועט ער שיטן, קאָכענדיגער פעך וועט זיך אים גיסן פון מויל... און וואָס, קאַטאָרגע? דאָרט רופט מען אויס: כף הקלע, בראָטן הייסט מען און ברענען!

„ווי וועט עס דעמאָלט חלש'ן די נשמה!" טראַכט מרים. און עס ווערט איר קאַלט אין אַלע אברים, אין האַרץ הויבט אָן שטעכן ווי מיט נאָדלען!

פון דעם אַלעם ווייסט נישט זרח. אז ער איז דאָ אין שטוב, שווייגט די מוטער. דעמאָלט איז מרים לוסטיג און פריילעך. גאָר אַן אַנדער מענטש...

ווען אָבער איז ער אין שטוב? פרייטאָג פאַרנאַכט, שבת... אַ גאַנצע וואָך האָט ער דאָך זיין מסחר! מוז ער דאָך זיין אין גאַס...

ביינאַכט האָט מען אויך נישט קיין רו... די לאַנגע סעריל שלאָפט נישט האַלבע נעכט; קריכט אַרום, גייט אויף און אָפּ, לייענט אויך די לאַנגע קריאת־שמע מיט'ן גאַנצן על חטא...

זרח קריצט טיילמאָל מיט די ציין; דאָך מוז ער שווייגן. ער האָט אַמאָל דער שוויגער אַ שלעכט וואָרט געזאָגט, האָט זיך מרים די אויגן אויסגעוויינט! מער וועט ער דאָס נאַרישקייט נישט טאָן... די ציין קריצן, נאָר שווייגן מוז מען.

פון דער שוויגער'ס מוסר־זאָגן האָט ער גאָר נישט געוואוסט; ער זעט, אַז מרים ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער, בלאַסער, אַז זי כאַפּט זיך וואָס אַמאָל אָפּטער אָן ביי דער ברוסט, אָטעם פאַר־פעלט איר... און ער שמייכלט! ער האָפט אויף נחת!... טייל־מאָל פאַלט אים איין, אַז מען וואָלט געדאַרפט אפשר רופן אַ דאָקטאָר. ער טוט עס דאָך נישט, און בריינגט עס נישט אויף די ליפּן, פאַר מורא, אַז ער זאָל זי נישט איבערשרעקן... זייט אַ קורצע צייט שרעקט זי זיך אַלץ אינאיינעם. נאַכט אויף נאַכט שרעקט זי זיך. אַ קאַץ לאָזט זיך הערן פון דאַך, אַ הונט גיט אַ ביל אין גאַס... עמיץ קלאַפּט ערגעץ אין אַ טיר, אַ ליאַדע שאָרך, שרעקט זי, זי לאָזט אַרויס אַ געשריי און בלייבט ליגן פאַרציטערט, האַלב פאַר'חלש'ט... בריינג איר אַ דאָקטאָר, פאַלט זי באמת, חס ושלום אַריין אין אַ קרענק.

אָפּט מאַכט זיך דערפון אַ שמועס.

— וואָס איז דיר, מרים־לעב? וואָס פעלט דיר?

— מיר, — ענטפערט מרים מיט אַ בלאַסן שמייכל אויף די ליפּן, — מיר? אַז דו ביזט נאָר דאָ אין שטוב, איז מיר וואויל ווי די וועלט! מען זאָל אונז נאָר קיין עין־הרע נישט געבן!

זי ציטערט פאַר אַן עין־הרע; מען האָט זי דען נישט מיט וואָס מקנא צו זיין! אַז זרח דרימלט איין שבת נאָכ'ן עסן, גייט זי גאַנץ אָפּט שטילערהייט צו און בלאָזט אויפ'ם; עס איז זומער, דאָס פענצטער איז אָפן, אַ קשיא אויף אַ מעשה? עמיץ גייט דורך און וואַרפט אַריין אַן עין הרע! עס דאַכט זיך איר, אַז מען מוז זי מקנא זיין, אַז עס איז קיין שענערער, קיין באַשמעק־

טערער מענטש אויף דער וועלט נישטאָ! קרוין פוילן אויס־צופאָרן!

„ווער שמועסט, טראַכט זי, ער זאָל נאָך זיין אָפּגעהיט אין יענע זאַכן! אַ ביסל מער אָפּגעהיטן!... נאַר, ווייטער דאָס אייגענע, ער איז דאָך, ווי די מוטער זאָגט, אַ מאַנספּאַרשוין, ער האָט גאַנצע תרי״ג מצוות... איז דאָס ביי אים גאָר קיין יחוס נישט״...

זרח מיינט, אַז עס מוז איר פאָרט עפּעס זיין, נאָר זי לייקנט שטיין און ביין: „וואָלט ער נאָר אין דער היים געוועזן... שטענ־דיג אין דער היים״...

ער הערט און שמייכלט; די אמת׳ע כוונה פון די רייד פאַרשטייט ער אָבער נישט; און זי וועט קיינמאָל נישט פאַר־מסר׳ן די מאַמען. ער וועט קיינמאָל נישט וויסן, וואָס זי ליידט, ווען ער איז נישטאָ...

אַצונד אָבער פאַלט צו שבת... אַצונד מעג זרח גיין... זאָל ער גיין דאַוונען... שבת האָט זי פאַר דער מוטער קיין מורא נישט; שבת זאָגט זי קיין מוסר נישט... שבת איז „די מאַמע אַ וואוילע מאַמע״!

— מרים־לעב, — מאַכט זי צו איר, אַז זרח איז אַרויסגע־גאַנגען, — היינט איז שבת, פוץ דיך אָפּ, טו דיר אָן אַ קליידל... אַז דיין מאַן וועט נאָכ׳ן דאַוונען קומען מיט די מלאָכים אין שטוב אַריין, זאָלסטו אים אַנטקעגנלויפן מיט שמחה אויפ׳ן פּנים, מיט נחת אין די אויגן, מיט שלום ושלוה, מיט אַלעם גוטן, פאַר דעם וועסטו זוכה זיין...

— ...אַ גראָבן קוש פון זרח׳ן, — ענדיגט מרים מיט אַ גע־לעכטער.

דער מוטער געפעלט אפילו נישט דער אויספיר, עס איז דאָך אָבער שבת, שבת־לעב, און זי וועט קיין בייז וואָרט נישט ריידן. זי נעמט זיך צום טייטש־חומש, טוט אָן אַ פּאָר גרויסע ברילן, און לייענט.

מרים הערט זיך איין. אָפּט הערט זי מיט׳ן גאַנצן האַרץ. טייל מעשיות געפעלן איר זייער. זי צעלאַכט זיך, אַז עס קלינגט

ווי א זילבערן גלעקל, ווען דאָס אינגל אברהם, וואָס האָט צעהאַקט דעם אַלטן תרח׳ס שטיינערנע געטער, זאָגט דעם אַלטן: אַז דאָס האָט דער גרעסטער פון זיי געכאַפּט דעם האַמער און צעהאַקט אַלע קליינע; דאָס הארץ ציטערט איר פאַר שרעק, יצחק זאָל נישט דערקענען, אַז דאָס „מאַלצייט" דערלאַנגט אים יעקב, נישט עשו; טרערן קומען איר אין די אויגן אַריין, ווען יעקב טרעפט זיך מיט רחל׳ען ביי דער ברונען; לבנ׳ען איז זי אַ שונא אויפ׳ן לעבן, פאַרוואָס ער האָט יעקב׳ן גענאַרט... ווען עמיץ, למשל, נאַרט אַזוי אָפּ זרח׳ן... ברררר! עס ווערט איר קאַלט אין אַלע אברים. פאַר דאָס, שפּעטער, אַז יעקב קריגט ביידע: אי לאה׳ן, אי רחל׳ען, ווערט זי רואיגער; זי ווייסט דאָך, אַז עס איז געווען פאַר׳ן חרם דרבנו גרשום...

היינט גייט די סדרה תרומה; מען ברענגט דאָס און יענס צום משכן... דאָס אינטערעסירט זי ווייניגער... זי איז מיד און שלעפעריג.

דאָס קעפּל צעוויגט זיך, די ברעמען פאַלן צו, זי דרימלט איין... אַ גוטער, חנ׳עוודיגער שמייכל, באַווייזט זיך איר אויפ׳ן בלאַסן פּנים... עס הויבט זיך אָן רויטלען... נאָר עס וועקט זי דער מוטער׳ס שטימע:

— מרים!

— מרים!

— וואָס, מאַמעשי, איך הער...

— נישט דאָס מיין איך...

— וואָס דען, מאַמעשי?

— לויט מיין רעכנונג איז היינט... פאַרשטייסט, טאָכטערשי, איז היינט די צייט...

— — נאָך נישט, מאַמעשי!

— גיב נאָר גוט אַכטונג, טאָכטער!

מרים דרימלט ווייטער איין; די זעלבע זילבערנע שיסל מיט די זילבערנע לעפל, און די מוטער וועקט זי ווייטער. ליידער איז שוין געווען „שוין"...

— אַ שאָד! — מאַכט סעריל, — אַ פאַרשטערטער שבת.

— זיכער — נאָך נישט?

זי זיפצט אָפּ און פאַרטיפט זיך צוריק אין טייטש-חומש... ווייטער נשיאים, שיסל, לעפל... מרים דרימלט ווייטער איין, נאָר דאָס פנים רויטלט זיך נישט, קיין שמייכל צירט נישט די פיינע ליפּן...

אין דער צייט האָט זרח אָפּגעדאַווענט, און כאַפּט זיך שטי־לערהייט אַרויס פון בית המדרש, עס זאָל אים קיינער נישט פאַרהאַלטן. ער לויפט איבער די גאַס...

אַז ער קומט צו דער טיר, שטעלט ער זיך אָפּ. ער הערט זיך איין, וואָס אין שטוב טוט זיך... די שוויגער לייענט... מרים זיצט אודאי און הערט, שטאַרק פאַרנומען, ווי געוויינלעך. ער וויל זי איבעררראַשן.

שטיל עפנט ער די טיר... די שוויגער הערט נישט, מרים שלאָפט.

מיט איין שפּרונג איז ער ביי איר און ער קושט ביים „גוט שבת!"...

— פּושע באלהי ישראל! — גיט סעריל א געשריי.

עס האָט לאַנג געדויערט, איידער מען האָט די פאַרציטערטע מרים דערמינטערט.

עס איז געווען — אַ פאַרשטערטער שבת.

# דאָס זיבעטע בענטש-ליכטל

דער דרייצן־יעריגער שטערן קנייטשט זיך איין פּאָר צער, דאָס יונגע, קינדישע פּנים איז בלאַס פאַר שרעק, פון די אומ־שולדיגע אויגן פאַלט א טרער נאָך א טרער. נאָך פּאָר אכט־טאָגן פרייטאג איז איר אזוי וואויל, איז איר אזוי לוסטיג געוועזן ! עס איז געווען דער קורצער פרייטאָג. די באָבע האָט זי געוועקט א ביסל פריער. א גאנצן טאָג איז זי פאַרנומען מיט שבת מאַכן, פאַרנאַכט האָט זי זיך, זינגענדיג און טאַנצענדיג, אָפּגעוואַשן, איבערגעפלאָכטן די לאַנגע צעפּ, איבערגעטאָן זיך און געגאַנגען מיט דער באָבען אין שול אריין. די באָבע צינדט זיך אירע ליכט און זי — אירע...

דאָס ערשטע ליכטל — די באָבע זאָל געזונט זיין, דאָס צווייטע — דער טאַטעשי זאָל געזונט זיין, האָבן א סך דיעלעס און פּאַרדינען א סך געלט, ער זאָל נישט אלע מאָל געבן א זיפץ, אז די צייטן זיינען שלעכט; דאָס דריטע — די מאַמעשי זאָל געזונט און שטאַרק זיין, דערנאָך נאָך — פּאַר שוועסטערלעך און ברידערלעך, יעדן א ליכטל... עס דויערט ביז דער עולם הויבט אָן צוזאַמען צו קומען צום דאַוונען...

ווי ליב האָט זי די שול, און ווי ליב דאָס ליכט בענשן !

זי איז שוין צוויי יאָר ביי דער באָבען... זי בענקט נישט אהיים... דאָרט איז נישט דער מנהג פון ליכט־בענשן... זי וואָלט נישט איינמאָל גערן זען די מאַמעשי, ארומכאַפּן דעם טאַטן ביים האַלז און שפּילן זיך מיט זיין שוואַרצזיידענער באָרד, א ביסל ארומלויפן און טאַנצן מיט די אינגערע קינדער... מען טאָר נישט די אַלטע באָבע אליין לאָזן... זי איז שטענדיג אזוי גוט, זי האָט זי אויסגעלערנט ליכט־בענטשן... זי האָט זי אזוי ליב, — דאָס

ליכט־בענשן אויך... זי בענקט א גאנצע וואָך, זי ציילט די טעג... נאָר היינט איז עפּעס אַן אומגליקלעכער פרייטאג.

אין דער פרי איז געווען ווי אַלע מאָל... זי האָט שבת געמאכט... די באָבע האָט אויף איר געקוקט און געקוואָלן... זיי האָבן זיך שוין ביידע אָנגעטאָן, די באָבע האָט שוין גענומען דעם שטעקן אין האנט אריין...

„האָט דער שווארץ יאָר אָנגעטראָגן דעם בריוו־טרעגער"... די באָבע האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, געוואָרפן זיך צוריק אויפ'ן בעט און לייענט שוין אזוי צוויי שעה מיט'ן פּנים צו דער וואנט...

זי איז שווארץ ווי קויל... די אויגן פארמאכט, אין דער האנט האַלט זי נאָך דעם בריוו... פון מויל יאָגט זיך איר א שוים...

זי לאָזט צו זיך נישט צו, לאָזט נישט עמיצן רופן, שטופּט זי אוועק פון בעט. קוים וויל זי די טיר עפענען, דערהערט זי און שרייט:

— ניין!

זי שטייט ביים בעט און קלערט, עס צאַפּלט איר דאָס הארץ; גאָט ווייסט, וואָס מען האָט דער באָבען געשריבן פון דער היים... אפשר... אפשר... און זי קאָן זיך גאָר נישט איינשטעלן איבער־צוקלערן, וואָס עס האָט געקאָנט פּאַרפאלן.

זי פאַלט אַנידער אויף די קני, כאַפּט אָן קראַמפּהאַפט די באָבען ביי דער האנט...

— באָבעשי! באָבעשי! וואָס איז אזוינס געשען?... רייד א וואָרט מיט מיר, זאָג מיר עפּעס, וואָס איז געשען?...

— באָבע! איך וועל שטארבן פאר שרעק!

די ווערטער האָבן זיך איר אויסגעריסן נישט ווילנדיג פון הארץ.

די באָבע האָט זיך צו איר איבערגעדרייט, גערירט מיט די ליפּן, געעפנט די אויגן... און קוים האָט זי זי דערזען — געענט־פערט הארט:

— שטארב!

זי האָט זיך איבערגעדרייט צוריק צו דער וואנט.

— ער אױס'ן אױג — זאָגט זי — שטאַרב, באַשע, שטאַרב!
באַשע איז שטיל געבליבן. עס איז איר ראַפּטים פינצטער געװאָרן. זי האָט אױפגעהערט צו קלערן און צו פילן.
עס האָט אַזױ געדױערט אײן אַנדערהאַלבן שעה.
זי דערהערט די באָבע'ס קול:
— שטײ אױף!
באַשע איז אױפגעשפּרונגען.
די באָבע האָט זיך אַלײן אױפגעהױבן, צוריק גענומען דעם שטעקן, װאָס זי האָט פריער אַװעקגעװאָרפן.
— װיפיל האָסטו ליכט? — פרעגט זי האַרט.
— אַכט, װי תמיד! — ענטפערט באַשע ציטערנד —
— אײנס לאָז איבער!
באַשע רירט זיך נישט.
— אײנס לײג אַװעק! — שרײַט די באָבע נאָך האַרטער.
באַשע ציטערט, נאָר רירט זיך נישט.
די אַלטע איז אַלײן צוגעגאַנגען צום טיש, אױפגעװיקלט דאָס פּעקעלע ליכט, אײנס אַרױסגעלײגט, די רעשט פאַרבונדן און אַרײַנגעשטופּט באַשע'ן אין דער האַנט אַרײַן.
— קום!
באַשע איז איר נאָכגעגאַנגען אױטאָמאַטיש; בײדע האָבן פאַרגעסן צו פאַרשליסן די טיר.
באַשע געדענקט נישט, װי אַזױ זי איז צוגעקומען צום עמוד מיט די ליכט.
— ציינד אײנציגװײַז, פאַר װעמען איך װעל דיר הײסן! זאָג מיר נאָך!
— זאָג! די מאַמע זאָל געזונט זײַן און לעבן!
באַשע ציטערט װי אין אַ פיבער; דאָס ערשטע ליכטל איז שמעגדיג דעם טאַטנ'ס.
— זאָג! — שרײַט די באָבע.
באַשע זאָגט נאָך.
— דאָס צװײטע: חײם'ל זאָל זײַן אַ פרומער איד...
באַשע ציטערט נאָך מער, זי הערט נישט דעם טאַטנ'ס נאָמען.

די פיסלעך שאָקלען זיך אונטער איר, דאָס הערצל צאַפּלט, די שלייפן שלאָגן, די אויגן ברענען... די באָבע איז אָן רחמנות.
זי שרייט אַלע מאָל העכער: זאָג! זאָג! זאָג! זאָג!
פאַרוואָס גייט נאָך נישט דעם טאַטנ'ס ליכטל? —
— אָט צינדט זי שוין דאָס לעצטע—
— זאָג: שרה זאָל געזונט זיין! — שרייט די באָבע.
ניין! זי וועט עס נישט זאָגן, וואו איז דער טאַטע? ניין! זי קאָן עס נישט, אַלץ אין איר אמפּערט זיך קעגן דער שלעכטער באָבען... ניין! און ניין!
— זאָג! זאָג! — שרייט די באָבע נאָך העכער, נאָך הארטער.
באַשע וויל אָבער נישט פאָלגן, דאָס לעצטע ליכטל מוז שוין זיין דעם טאַטנ'ס—זי הויבט אָן:
— דער טאַטעשי—
— שטיל! — שרייט שרעקלעך די באָבע. — שטיל! שטיל! דיין טאַטע איז שוין קיין איד נישט! ער איז שוין א פּריסיאַזשני...

# דער תענית

א ווינטער נאכט! שרה זיצט ביים „קאנאנעק" און שטאפט אַן אַלטן זאק. די אַרבעט מיט געפרוירענע הענט גייט נישט זייער געשווינד; פאר קעלט זיינען איר אויך ברוין און בלוי געוואָרן די ליפּן, אָפט לייגט זי אוועק די אַרבעט און צעלויפט זיך איבער דער שטוב, צו דערוואַרימען די געפרוירענע פיס.

אין א בעט אויף א גאַלן שטרוי־זאק שלאָפן פיר קינדער: אין יעדער זייט צו צוויי קעפּ, איבערגעדעקט אין דער מיט מיט עטלעכע אַלטע קליידער.

וואָס אַמאָל כאַפּט זיך אויף אַן אַנדער קינד, עס הויבט זיך אויף אַן אַנדער קעפּל און רופט: עסן!

— וואַרט, וואַרט, קינדערלעך, — טרייסט זיי שרה, — אָט, באַלד וועט קומען דער טאַטע, ברענגען וויעטשערע; איך וועל אייך אַלע אויפוועקן!

— און וואַרעמעס? — פרעגן די קינדער וויינענדיג, — מיר האָבן דאָך נאָך קיין וואַרעמעס נישט געגעסן!

— וואַרעמעס אויך!

זי גלויבט דאָך אַליין נישט אין דעם, וואָס זי זאָגט; זי זוכט מיט די אויגן אין אַלע זייטן, טאָמער וועט זיך נאָך עפּעס געפינען צו פאַרזעצן... נישטאָ!

ליידיגע, נאַסע פיר ווענט! א צעשפּאָלטענער אויוון! אַלץ איז נאַס און קאַלט!... אויפ'ן קוימען שטייען א פּאָר צעבראָכענע טעפּ, אויפ'ן אויוון — אַן אַלט, אויסגעבויגן, בלעכן חנוכה־לעמפּל; אין דער הויך אין באַלקן שטעקט א נאָגל — א זכר פון א הענגל־לייכטער, צוויי ליידיגע בעטן אַן א קישן... גאָר נישט, גאָר נישט מער!

עס האָט לאַנג געדויערט איידער די קינדער זיינען רעכט איינגעשלאָפן. שרה קוקט אויף זיי מיט האַרץ־ווייטאָג, מיט רחמנות, און טראָגט איבער די פּאַרוויינטע אויגן צו דער טיר. זי האָט דערהערט טריט; שווערע טריט אויף די טרעפּ אין דער סוטערינע אַריין; קאַנען קלאַפּן, דאָ אין דער רעכטער, דאָ אין דער לינקער זייט וואַנט. אַ שטראַל פון האָפנונג באַלייכט איר איינגעשרומפּן פּנים. זי קלאַפּט אַ פּאָר מאָל אַ פוס אָן אַ פוס, הויבט זיך שווער אויף און גייט־צו צו דער טיר. זי עפנט, עס קומט אַריין אַ בלאַסער, איינגעבויגענער איד מיט ליידיגע קאַנען.

— נו? — פרעגט שרה שטיל.

ער שטעלט אַוועק די קאַנען, לייגט אָפּ די יאָך, זיפצט אָפּ און ענטפערט נאָך שטילער:

— גאָרנישט! גאָרנישט! מ'האָט אין ערגעץ נישט באַצאָלט... מאָרגן, זאָגט מען... יעדער זאָגט אַלץ — מאָרגן... איבערמאָרגן... ראש־חודש...

— די קינדער האָבן כמעט אין מויל נישט געהאַט, — מאַכט שרה, — כאָטש גוט — זיי שלאָפן... בידנע קינדער מיינע! זי קאָן זיך נישט איינהאַלטן אין הויבט אָן שטיל צו וויינען.

— וואָס וויינסטו, נאַר? — פרעגט דער מאַן.

— אַ, מענדל, מענדל... די קינדער זיינען אַ ז ו י הונגעריג!...

מיט געוואַלד וויל זי איינהאַלטן די טרערן.

— און וואָס וועט זיין אונזער סוף? — קלאָגט זי זיך, — מיט יעדן טאָג ווערט ערגער!

— ערגער? ניין, שרה! זינדיג נישט מיט די רייד! פאַראַיאָרן איז ערגער געווען, ערגער! אויך אָן ברויט און דערצו נאָך אָן אַ דירה! די קינדער האָבן זיך בייטאָג געוואַלגערט אין גאַס, ביינאַכט — אין די הויפן... היינט כאָטש אויף אַ שטרויזאַק, כאָטש אונטער אַ דאַך!

שרה האָט זיך שטאַרקער צעוויינט.

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דעמאָלט איז איר טאַקע אין מיטן

גאַס אַ קינד אָוועקגענומען. עס האָט זיך פאַרקילט, הייזעריג געוואָרן און געשטאָרבן.

— געשטאָרבן ווי אין וואַלד... (זיי צו לענגערע יאָר!) נישט געוועזן מיט וואָס צו ראַטעווען... מ׳שטיינס געזאָגט, נישט אפילו די שול איינגעריסן, נישט דאָס פעלד געמאָסטן, קיין עין הרע נישט אָפּגעשפּראָכן... אַזוי, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט!״

און ער טרייסט זי.

— וויין נישט, וויין נישט... זינדיג נישט פאַר גאָט!

— אַה! ווען וועט ער שוין אויף אונז רחמנות האָבן!

— האָב אויף דיר אַליין רחמנות, לאָז דיר נישט צו אַזוי צום הארץ! זע, ווי דו זעסט אויס! היינט צען יאָר איז געוועזן אונזער חופּה... קוק אָן דיין פּנים... ווײ און ווינד! דו ביזט דאָך געוועזן די שענסטע אין שטאָט!

— און דו?! דו האָסט דאָך געהייסן, געדענקסט, מענדל גבור... היינט ביזטו געבויגן אין דרייען, קראַנק... כאָטש דו האַלטסט פאַר מיר בסוד?!

— אַה, גאָט! גאָט! — רייסט זיך איר אַרויס אַ געשריי.

די קינדער כאַפּן זיך אויף און בעטן: עסן, ברויט!

— חלילה! ווער עסט היינט? — האָט זיך מענדל פּלוצלונג אָנגערופן.

די קינדער זעצן זיך אויף דערשראָקן.

— היינט איז אַ תענית, — זאָגט מענדל מיט אַ פינצטער פּנים.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, איידער די קינדער האָבן פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו זיי.

— וואָס פאַר אַ תענית? וואָס פאַר אַ תענית? — פרעגן זיי, וויינענדיג.

און מענדל פאַרציילט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אַז היינט, נאָך ביי שחרית, צו קריאת־התורה, איז אַראָפּגעפאַלן די ספר־תורה פון שולחן.

— דעריבער, — זאָגט ער, — האָט מען אויף מאָרגן אויס־גערופן אַ תענית אפילו פאַר זויגעדיגע קינדער!

די קינדער שווייגן און ער פירט ווייטער.

„אזא תענית ווי יום־כפור, ווי תשעה־באָב; פון היינט פאַר־נאַכט אָן!" די פיר קינדער שפרינגען פלינק ארויס פון בעט און הויבן אָן בארוועס, אין די צעריסענע קליידער, צו טאַנצן איבער דער שטוב און צו רופן:

— מיר וועלן פאַסטן! פאַסטן!

מענדל פאַרשטעלט מיט די פּלייצעס דעם קאַנאַנעק, זיי זאָלן נישט זען, ווי די מוטער גיסט מיט טרערן.

— נו, גענוג! — באַרואיגט ער די קינדער — גענוג! אין אַ תענית טאָר מען נישט טאַנצן... אם ירצה השם, — שמחת־תורה!...

די קינדער זייגען צוריק אין בעט אריין.

פאַרגעסן דעם הונגער!

אַ מיידעלע הויבט אָן זינגען „אָבינו מלך" „אויפ'ן הויכן באַרג"... אַ קעלט לויפט מענדלען דורך אַלע גלידער...

— זינגען טאָר מען אויך נישט, — מאַכט ער מיט אַ פאַר־שטיקטער שטימע —

די קינדער ווערן שטיל און שלאָפן איין, מיד פון טאַנצן און זינגען. איינער דאָך, דער עלטערער, וואַגט זיך נאָך און פרעגט:

— טאַטע, ווען ווער איך בר־מצוה?

— נאָך ווייט, חיים'ל, נאָך ווייט... נאָך פיר יאָר, זאָלסט מיר לעבן און געזונט זיין...

— דעמאָלט וועסטו מיר קויפן אַ פאָר תפלין?

— ווי דען?

— אַ תפלין־זעקעלע?

— מן הסתם!

— און אַ סדור'ל?... אַ קליינם מיט אַ גאָלדענעם שנים?

— מיט גאָט'ס הילף... בעט גאָט, חיים'ל?
— דעמאָלט, וועל איך פאַסטן אַלע תעניתים?
— יאָ, יאָ, חיים'ל... אַלע תעניתים...
שטיל האָט ער צוגעגעבן:
— רבונו של עולם, נאָר נישט אזוינע, ווי היינט!...

---

# צום נייעם יאָר

— און דו וועסט אַלץ שווייגן?

— ווילסט, איך זאָלריידן?

— היינט וויל איך. מיך שרעקן דיינע רייד, ביטער און שטעכעדיג זיינען זיי; ערגער אָבער איז דיין שווייגן. עס פאַר־מאַטערט.

זע, עס טראָגט זיך איבעראַל אַ טרויער אַרום...

אין דער הויך טראָגן זיך פאַרוואָגלטע, פאַרגליווערטע שטי־קער וואָלקן; אַזוי נאָענט צו דער זון, און זיי פרירן!

אונטן — די פאַרגעלטע בוימלעך; שיין זיינען זיי, נאָר טרויעריג אין זייער שיינקייט, ווי אַ שטילע ודוי רוישן די בוימלעך אוים.

און די ווייַן־לויבע פלאַמט; פלאַמענדיג שטאַרבט דער ווייַן...

און אַ יאָר שטאַרבט...

רייד צו מיר!

— טרייסט דיך, ליב קינד, — אַ נייעם ווערט געבוירן!

— נו, ווינש מיר צום נייעם יאָר!

— אויף דער טאַץ פאַר דיר ליגן גענוג ווינש־קאַרטן.

— און דאָך — נישט גענוג...

— וואָס ווינטשן דיר אַנדערע, קינד!?

— אַ טראַדיציאָנעלע, געדרוקטע קאַרטע שיקט דער טאַטע: „לשנה טובה תכתבו"...

אַזאַ קאַרטע שיקט אויך די מאַמע; זי שרייבט נאָך צו: „זיי, טאָכטער, געזונט און שטאַרק, און גליקלעך"...

— אַ שווער וואָרט!

— „און עלטער דיך אין פרידן״—

— און דיך שרעקט עס?

— וואָס?

— דאָס עלטערן זיך! דיין שטימע האָט געציטערט...

— מעגלעך... אָט קאַרטן פון חבר׳טאָרינס... געדרוקטע, פאַרשיידענע שפּראַכן...

— און — — באַקאַנטע? די בעסערע פון זיי?

— אָט איינער, אַ בעסערער...

מיט טרוקענע פּיס, ווינשט ער מיר, זאָל איך גיין איבער די פּאַליעס פון לעבן...

— איבסען!

— אָן אַנדערער הייסט מיר דורכגיין דאָס בלוטיגע לעבן אומ־באַפלעקט, ווי אַ ווייסער שוואַן...

— דאָס פאָלק זאָגט: אַ ווייסע גאַנז. און דאָס לעבן איז נאָך ביי אונז מער שווייסיג, אַלס בלוטיג...

— ביטערער מענטש! ווינש מיר דו!

— איך? איך קען דיך צו ווייניג... איך קאָן מיר דיין מאָרגן און איבערמאָרגן קוים פאָרשטעלן... דיין שמייכל, יוען דיין וויין האָט געבליט און דער עפּל־בוים האָט זיך אונטער זיין לאַסט געבויגן, האָט מיך צו דיר געצויגן, און דיין איצטיגער טרויער בינדט מיך צו דיר, נאָר פרעמד ביזטו מיר נאָך!

— דאָך, ווינש מיר!

— ווי דו ווילסט...

איך קען דיינע וועגן נישט...

נאָר הער, קינד, וואָס טוסטו, ווען דו גייסט פאַרביי פאַר אַ שמידעריי?

— וואָס פאַלט דיר איין?

— דאָך!

— ביי טאָג שטעל איך מיך נישט אָפּ... פאַרנאַכט האָב איך ליב מיך אויפ׳ן גראָז פאַר דער שמידעריי צו לייגן און קוקן אויף די פונקען, אויף די גלי־ווערים, וואָס צעשפּריצן און צעפליען זיך אין דער הויך...

— א קליין פארגעניגן... פון דיינע אויגן שפריצן מער און שע־נערע פונקען...

איך ווינטש דיר בעסער: גיי אריין צום שמיד, דריק אים די שווערע האנט און פרעג אים, וואס ער טוט...

און ענטפערט ער, ער קאוועט גראב־און אקער־אייזן, זאג אים: עס איז נוצלעך, דאך איז פאראן נוצלעכערע ארבעט... עס איז צייט אויף ברעך־אייזן, אויף האק און האמער; פאראן אזוי פיל מויערן צו ברעכן!

— ער וועט מיך פאלגן?

— קוק אויף אים, וועט ער פאלגן; אין דיינע אויגן ליגט די הערשאפט...

— דו שפאסט...

— ניין... און וואס טוסטו, קינד, ביים ברעג פון ים?

— אך, דעם ים האב איך ליב!

און איך האב ליב צו ליגן אויפ'ן זאמד ביים ברעג פון ים, און אויסצושטרעקן די נאקעטע פיס, ער זאל זיי מיר וואשן און גלעטן...

— און איך ווינטש דיר, קינד, האב נישט ליב דעם ים, ווען ער לאשטשעט זיך צו דיר ווי א קאץ, נאר ווען ער וועקט זיך אויף אלם לייב! גיי־מיט מיט די, וואס בארען זיך מיט אט דעם לייב! קוק אויף זיי ווען זיי פירן די שיף, און שטראל־אוים אויף זיי די ליכטיגע קראפט...

— דו האלטסט מיך אזוי שטארק!...

— און טאנצן, קינד, קאנסטו?

— ווייטער דער ביטערער טאן!

— ניין, קינד! דאס ניי יאר מאכט מיך אזוי ווייך, ווייניג־סטענס—ביי דיר... נאר הער, א שיין ווייב קומט גאנץ אפט פאר, צווישן שווערדן צו טאנצן...

— וואס דו רעדסט!

— ווינטש איך דיר, קינד! בלייב שטיין, ריים אוים איינע, די שארפסטע, און פאר דעם, וואס הייסט טאנצן צווישן שווערדן...

— דו שרעקסט מיך, מענטש!

— איך האב דאך נאר דיין ווילן געטאן...

און אויב דו ווילסט, האָב איך פאַר דיר אַ לייכטערן וואונטש! ווייניג בלוט האָסטו, קינד! דער העלער, הייסער טאָג איז דיר צו לעסטיג, צו רוישנדיג, ער באַטויבט דיך!

— געוויס...

— האָסט ליב דעם שטילן אָוונט...

— דעם שטילן, טרויעריג־שטילן אָוונט; דאָס שטילע אויפשטראַלן פון די שטערנדלעך...

— און דעם בליצנדיגן ציך־צאַך פון די, וואָס פאַלן...

— אַך, מענטש!

— און איך ווינטש דיר, אויב דער טאָג מיט זיין אַרבעט איז דיר צו לעסטיג, האָב ליב דעם פרימאָרגן... דאָס אויפשטראַלן פון נייעם טאָג...

טרויעריג ביזטו, קינד. און דאָס פאַרגיין פון זינקנדיגן טאָג מאַכט דיך נאָך שוואַך און באַנג... פאַרשלאָף דעם זיסן סם פון גוסס'דיגן אָוונט, און לעב צו מאָרגנס, ווען עס וועקט זיך דאָס נייע לעבן, ווען עס שפּינט זיך אויס דער נייער ווילן צום לעבן... עס וועט דיך מיטרייסן, קינד!

איז דאָס אויך איבער דיין קראַפט?

---

# לשנה טובה תכתבו

ל ש נ ה ט ו ב ה ת כ ת ב ו
אַלע, אַלע, וואו איר זייט!
צו אייך האָט דאָס הארטע מזל
אויף א וויסטן סטעפּ פארשפּרייט!

צי איר קילט די הייסע שטערן
ביי דער נאַסער מערב־וואַנט,
צי איר שיפט אייך איבער י מ י ם
צו׳ן א נ י י פארשפּראָכן לאַנד!

צי איר טראָגט די יאָך די שווערע,
מיט א שמייכל: איי, ווי גרינג!
און איר קויפט די לופט צום לעבן
און איר צאָלט פאר יעדן שלינג!

אַלע אייך צום יאָר צום נייעם — —
יעדע שפּראַך און יעדעם קלייד: — —
ל ש נ ה ט ו ב ה ת כ ת ב ו
אַלע, אַלע, וואו איר זייט!

# דער חלום

יונגערהייט (א צייט פון דריי ביז צוועלף יאָר) בין איך כמעט נישט ארויסגעקומען פון שטוב. איך בין עטלעכע מאָל געפערלעך קראַנק געווען און דער דאָקטאָר האָט מיר פאַרווערט דאָס לערנען. בסוד סודות פאַר'ן בייזן דאָקטאָר, וואָס פלעגט פאַר נישט פאָלגן טופּען מיט די פיס און קולות מאַכן, האָט מען מיך אין דער היים קוים אויסגעלערנט דאַווענען. איך פלעג גאַנצע טעג זיצן, זומער — ביים פענצטער, און ווינטער — אין בעט, און אויסהערן די לידע־לעך, מיט וועלכע מיין קליין ברודערל'ס ניאַניע פלעגט אים איינ־שלעפן... ערשט צום צוועלפטן יאָר האָט מען מיך אויף א האַלבן טאָג געשיקט אין חדר אריין, אויך האָט מען דעם רבי'ן שטרענג אָנגעזאָגט, ער זאָל מיך נישט מאַטערן און — גאָט באַהיט! — נישט אָנרירן. —

---

נאָך עטלעכע וואָכן זיין אין חדר, בין איך געוואָרן א מין „כ ו י": האַלב איד און האַלב גוי... דער ניאַניע'ס לידעלעך און דעם רבי'נס מעשיות האָבן זיך מיר וואונדערלעך אויסגעמישט אין מוח. ווי אַזוי איך האָב מיר פאַרגעשטעלט די הייליגע זאַכן, ווייס איך שוין נישט... פאַרפלאָנטערט זיינען זיי געווען גענוג; נאָר געציטערט האָב איך פאַר צוויי מלאך־המות'ן. מיט איינעם — א זכר — האָט מיך דער רבי באַקאַנט געמאַכט. ער האָט מיר פאַר־ציילט, אַז „ער" האָט 1,000 אויגן און א שווערד אין דער האַנט! זיין פּנים האָט ער מיר נישט באַשריבן, און דעריבער האָב איך אים אַליין צוגעגעבן דעם רבי'נס בייז, ביינעריג פּנים, זיין שפּיציגע נאָז, שפּיזיגע אויגן און קאָלטאָנאָוואַטע באָרד און פּאות. די שווערד האָב איך דעם מלאך המות געלאָזט אין דער רעכטער האַנט,

און אין דער לינקער אריין האָב איך אים אריינגעשטעקט דעם קאָנטשיק מיט די בלייערלעך, וואָס דער רבי פלעגט גאַנץ אָפט אראָפּלאָזן אויף מיינע חברים׳ס אקסלען.

דעם צווייטן„ אָדער בעסער געזאָגט—די צווייטע מלאך המות׳־טע, האָט מיר פאַרגעשטעלט מיין ברודער׳ס ניאַניע. שטענדיג פלעגט זי זינגען פרומע לידעלעך; אַזוינע אויסגעצויגענע, וויינענ־דיגע, ווייכע, אַז עס פלעגט מיך אָנכאַפּן ביים הארצן... גאַנץ אָפט פלעגט זי זיך ערגעץ ארומ׳גנב׳ענען, צוריקקומען מיט א רויט פּנים, טרערן אין די אויגן און ציטערדיגע הענט; זי וואקלט זיך אויף די פיס און זינגט מיט א טרויעריג, דעמפּיג קול, ווי פון א גרוב ארויס, א לידל פון מלאך המות. דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, א נקבה; איינגעהילט אין א ווייס לײלעך, פליט זי ארום אין דער לופט, און אויף וועמען זי וואַרפט ביינאַכט דאָס ליילעך, דעם נייט מען מאָרגן תכריכים...

טיילמאָל שאָקלט זי מיט׳ן ווייסן ליילעך איבער א גאַנץ דאָרף אָדער א שטאָט,—דעמאָלט ווערט א מגפה. אָנ׳ם ליילעך איז די „נקבה” אפילו גאָר נישט מיאוס: בלאָע אויגן, לאַנגע, העל־זיידענע האָר...

---

דאָס איינענע יאָר האָט מיך דער טאַטע דאָס ערשטע מאָל מיטגענומען ראש־השנה צום דאַוונען. קומענדיג אין שול אריין, און דערזעענדיג דעם ווייסן עולם, האָב איך אָנגעהויבן ציטערן, נאָר דער טאַטע, וואָס האָט מיך געפירט ביי דער האַנט, האָט דאָס נישט באַמערקט און האָט מיך נאָכגעשלעפּט ביז צו דער מזרח־וואַנט, ער האָט מיך אַנידערגעזעצט לעבן זיך און געגעבן אַן אויפ־געמישט מחזור׳ל אין דער האַנט אריין. איך האָב פון ווייסן עולם קיין אויג נישט געקאָנט אָפּרייסן, און דאָס געוויין פון דער ווייר־בערשער שול האָט מיך דורכגענומען... שפּעטער האָב איך באַ־מערקט דעם וואַלד מיט ליכט אין אָרון, אין דער רעכטער האַנט ביים חזן, און, נישט ווי־סנדיג פאַרוואָס, האָב איך מיך נאָך מער געשראָקן און צוגעדריקט זיך פעסטער צום טאַטן.

— ביזט, נעבעך, מיד פון דער היץ,—האָט דער טאַטע געזאָגט,
—לייג דיך אביסל צו...

איך האָב׳ן געפאָלגט. איך האָב מיך צוגעלייגט אויף דער באַנק און אָנגעשפּאַרט דעם ברענענדיגן קאָפּ אויפ׳ן טאַטנ׳ס שוים. מיט פאַרמאַכטע אויגן בין איך אביסל רואיגער געוואָרן. פון דער וואַרים בין איך באַלד איינגעשלאָפן, און עס האָט זיך מיר גע׳חלומ׳ט א וואונדערלעכער חלום:

איך בין געלעגן קראַנק אין בעט און דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געשטאַנען איבער מיר און האָבן געוויינט. די מאַמע האָט זיך פאַרשטעלט די אויגן מיט א טיכל, נאָר דער קאָפּ מיט די פּלייצעס האָבן שרעקלעך געציטערט. דעם טאַטן זיינען גערונען די טרערן איבער די איינגעפאַלענע באַקן, פון דאָרט זיינען זיי אראָפּ אויף דער בריימער, בלאָנדער באָרד, און פון דאָרט—אויף דער ברוסט. אין א ווינקל זיינען געשטאַנען צוויי דאָקטוירים, וואָס האָבן מיך נאָר וואָס באַטראַכט, און סוד׳ען זיך אצינד אויף לאַטייניש, קוקנדיג אויף מיר פון דער זייט. גאָט ווייסט—קלער איך מיר—וואָס פאַר א ביטער־געזאַלצן פלעשעלע זיי וועלן מיר אצינד פאַרשרייבן. נאָר אַזוי לייכט וועל איך שוין נישט איינעמען. וועט זיין קאַווע־לעפעלעך, וועט מיר די מאַמע מוזן געבן איר יום־טוב׳דיגע ציטער־נאָדל צו שפּילן, און אויב גאַנצע עס־לעפל—וועל איך נאָך וועלן דעם טאַטנ׳ס זילבערנעם גאַרטל מיט׳ן גאָלדענעם קאַפּל פון פּסח׳דיגן סדר...

איך האָב געמוזט אין חלום א סך אינגער זיין, אַז עס האָט זיך מיר אַזוינס פאַרגלוסט.

נאָר פּלוצלונג האָב איך דערזען אין די פענצטער, געגן וועלכע איך בין געלעגן—צוויי געשטאַלטן.

אין פענצטער פון דער רעכטער זייט איז געשטאַנען די מלאך־המות׳טע אין ווייסן ליילעך, און אין פענצטער פון דער לינקער זייט—דער מלאך המות מיט 1,000 אויגן און א שווערד אין האַנט... זי וויל שוין אויסטאָן דאָס ליילעך, וויל עס וואַרפן אויף מיר; ער הויבט שוין אויף די שווערד—נאָר זיי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע דערזען, איינס פאַר דעם אַנדערן זיך דערשראָקן און

ביידע זיינען פארשוואונדן געוואָרן...

פאַר שרעק האָב איך מיך אָנגעהויבן צו שטיקן, דאָס בלוט איז אין מיר פאַרקילט געוואָרן, אונטער די נעגל האָט מיך געשטאָכן, ווי מיט שפּילקעס, און די עטלעכע האָר, וואָס זיינען מיר געבליבן נאָכ'ן טיפוס, האָבן זיך אויפגעשטעלט און געריסן זיך פון דער הויט אַרויס, גלייך זיי ווילן אַנטלויפן פאַר שרעק...

מען באַמערקט מיין לאַגע, עס ווערט א געשריי, די טאַטע־מאַמע מיט די דאָקטוירים לויפן צו מיר צו, פּלוצלונג... ווערט מיר פינצ־טער פאַר די אויגן.

---

צי האָט מיר אימיצער די האַנט אויף די אויגן אַרויפגעלייגט?
צי האָט מען פאַר'ן מלאך המות די לאָדן פאַרמאַכט? צי חלש איך?

און אפשר בין איך גאָר געשטאָרבן?

קוים האָב איך מיך דאָס געפרעגט, האָט זיך דער חלום פאַר־ענדערט.

איך בין שוין טאַקע א געשטאָרבענער... ביידע מלאך־המות'ן פירן מיך ערגעץ,—וואַלד אויס, וואַלד איין, איבער טאָל און איבער בערג.

איך האָב מורא צו פרעגן וואוהין מען פירט מיך. זיי זעען ביידע אַזוי שרעקלעך אויס, אַז איך ציטער א ריר צו טאָן מיט די ליפּן. אויך ווייס איך נישט, צי א טויטער מעג און קאָן רעדן...

— מן הסתם אין גן־עדן אַריין,—טרייסט איך מיך,—איך בין דאָך א גוטער געווען און אַזוי פיל געליטן יונגערהייט... איך האָב קיינעם קיין גוטס נישט געטאָן, וואָרים וואָס פאַר א גוטס קאָן טאָן א קראַנק אינגעלע? דאָך זומער־צייט, אין שיינעם וועטער, אַז מען האָט מיך צוגערוקט אויף א פאָטעל צום פענצטער, פלעג איך אַרויסשיטן די פייגעלעך עסן... פיצלעך זעמל, קרישקעלעך ברויט, טייגלמאַל אויך פעדימלעך פלייש, אויב איך אַליין האָב גראָד גע־געסן...

און מען פירט מיך טאַקע אין דער איינענער רגע איבער א

גרינעם וואלד, וואו די פייגעלעך וואוינען. זיי שטייען גאנצע מחנות אויף די ביימער און זינגען אלע אין א כאָר:

— אין גן־עדן אריין, אין גן־עדן אריין! דו ביזט א גוטער געווען, דו האָסט אונז, אָרימע, שוואכע פייגעלעך, עסן געגעבן!

---

און טאָמער, חלילה, אין גיהנום אריין? פרעגט דאָס פארקלעמטע הארץ. אין דער רגע פארטווישט זיך די געגנט; דער וואלד ווערט פארשוואונדן, און איך פלי צווישן שנייענע בערג... ארום איז קיין צייכן פון לעבן נישטאָ. עס פינקלט אזוי קאַלט, עס בלישטשעט אזוי שטאַר, אזוי טויט... פלוצלונג באווייזט זיך א סטאַדע שווארצע קראָען מיט פייערדיגע אויגן.

— קראַ־קראַ־קראַ, — שרייען די קראָען.—אין גיהנום אריין, אין גיהנום אריין! אונז האָט ער קיינמאָל נישט קיין קרישקעלע געוואָרפן.

און די קראָען האָבן אמת געזאָגט. פאַר זיי האָב איך שטענדיג מורא געהאַט. איינמאָל האָט זיך א קראָ צוגעשלאָגן, מן הסתם —פאַר הונגער, צום פענצטער, און האָט געדראַפּעט אין די שויבן... אויפ׳ן פענצטער־ברעטל אין שטוב איז געלעגן ברויט... איך בין אפילו קראַנק געלעגן, איינער אליין געווען אין שטוב, איך האָב דאָך געקאָנט רופן, מען זאָל די אָרימע ראַטעווען... איך האָב מיך אָבער פאַר דער קראָ דערשראָקן און באהאלטן אונטער דער קאָלדרע... נאָכ׳ן ווינטער, אז דער שניי איז אָפּגעגאנגען, האָט מען אונטער׳ן פענצטער א טויטע קראָ געפונען...

---

פלוצלונג הויבן מיר זיך אָן אראָפּצולאָזן. די לאַנדשאַפט האָט זיך ווייטער געענדערט, מיר פליען איבער אומגעהויערע פעלזן, וואָס שטייען קאָפּ אויף קאָפּ און באוואכן עפּעס א וואַסער. צי איז דאָס דער ים הקודש, צי דער סמבטיון, אָדער אַן אַנדער וואַסער—ווייס איך נישט. מיר האָבן עטלעכע רעדער געמאַכט איבער די פעלזן, און ענדלעך זיך אראָפּגעלאָזט צו׳ן א הייל. מיינע באַגלייטער האָבן מיך אריינגעלאָזט, געהייסן זיך אנידערזעצן ביי דער וואנט, און זיי האָבן זיך אנידערגעזעצט הינטן ביים אריינגאַנג;

די מלאך־המות׳טע פון איין זייט, דער מלאך־המות פון דער צוויי־טער. אין דער הייל איז פינצטער, נאָר אויף דער קאַלטער, גלי־טשיגער ערד טאַנצן ארום עטלעכע ליכטיגע קיילעכלעך, כמעט די אייגענע, וואָס איך האָב ערב ראש־השנה ביי אונז אין קעלער גע־זען, ווען דער משרת האָט מיר מיטגענומען, אויסקלייבן א גוטע פלאַש וויין אויף קידוש...

די ליכטיגע קיילעכלעך האָבן מיך פלוצלונג דערמאָנט אָן דער היים... איך האָב אָנגעהויבן קלערן, וואָס דאָרטן טוט זיך. צי דער טאַטע האָט מיך שוין פאַרגעסן, צי די מאַמע דערמאָנט מיך כאָטש אמאָל, צי קומען זיי כאָטש אַמאָל אויף מיין קבר?... און ווער זיצט אויף מיין בענקל ביים טיש? און ווער קריגט די לעבער־ליך פון די פיש?

עס האָט מיך אָנגענומען א ביטער געוויין, נישט איינצוהאַלטן, און איך וואַרף א בליק מיט שרעק אויף מיינע שומרים... רבונו של עולם! וואָס איז דאָס אזוינס?

---

פון דער מלאך־המות׳טע האָט זיך אַראָפּגערוקט דאָס ווייסע ליילעך... וואָס פאַר א זיידענע האָר! וואָס פאַר א בלאָע אויגן! א רויט־פאַרטרונקען פנים מיט א האַלב־גאָלען־קאָפּ... און דער קאָפּ וואַקלט זיך און די נאָז (כאָטש נישט קיין לאַנגע) שלאָגט זיך אַלע מאָל אָן אָן דער פלאַש, וואָס זי האַלט איןביידע ציטערנדיגע הענט... איך קוק מיך בעסער צו,—דאָס איז זי! זי, מיין ברודער׳ס ניאַניע!...

איך וואַרף אן אויג אויפ׳ן צווייטן,—וואָס פאַר א 1,000 אוי־גען! וואָס פאַר א שווערד! עס זיצט מיין רבי, רויכערט א לאַנגע ליולקע - ציבעך. האַלט־צו איין אויג און וויל פאַרמאַכן דאָס צווייטע...

צי חלומ׳ט זיך מיר?

פלוצלונג עפנט די מלאך־המות׳טע איין אויג און פרעגט:

— א צאָ, פשיא יוכא, פאָוויע רביצין, יאַק ציע טו זעמנאָן זאַבאַצי?

דער מלמד ענטפערט נישט, א שמייכל ווייזט זיך אויף זיין פנים, און ביידע שלאפן איין...

זיי שנארכן און איך באנוץ די געלעגנהייט און אנטלויף...

איך לויף איבער טאלן און בערג, וואלד אויס, וואלד איין, און קום ענדלעך אין א שטאט אריין... איך קוק מיך אום—עס איז מיין שטאט! נאר עס איז שטיל, גליך דאס גאנצע שטעטל וואלט אויסגעשטארבן; די גאסן—ליידיג, טיר און טויער און לאדן פאר־מאכט, די געוועלבער פארהאמערט... וואס איז דא אזוינס גע־שען? איך וויל לויפן אויף „אונזער" גאס. אויפ'ן וועג טרעף איך עטלעכע ווייבער, וואס לויפן דורך אין ווייסע ספאדניצעס, מיט העל־בלאע בלומען אויף די קאפ און פארוויינטע פנימ'ער... איך שטוים מיך, אז עס איז ראש־השנה, דער עולם איז אין שול, און די ווייבער לויפן פון קריאת התורה, אנזוגן די קינדער אדער מבקר חולה זיין די קראנקע...

מיין מאמע פלעגט אויך אלע יאר אזוי טאן, און איך לויף גלייך אין שול אריין.

אין דער ווייבערשער שול אריין האב איך מורא צו גיין, די מאמע דארף נישט מער, נאר איר טויטן זון צו דערזען! אזוי חלש'ט זי אויך יעדעס מאל, קוים צו דערמינטערן. איך גיי אין שול אריין צום טאטן.

איך בין אין שול, און קיינער זעט מיך נישט... דורכגייענדיג, ריר איך מיך אלע מאל אן אין אן אנדערן; קיינער פילט מיך נישט. איך האב דאך קיין צייט נישט זיך אויף דעם אלעם אומ־צוקוקן. איך לויף גלייך צו צו דער מזרח־וואנט און שטעל זיך געגנאיבער דעם טאטן...

ער זעט מיך אויך נישט! איך רוק אים אפ דאס מחזור'ל, ער קוקט זיך אום, מיט א פארוואונדערט און א ביסל דערשראקן פנים, רוקט עס צוריק און זאגט ווייטער נאך דעם בעל־קורא...

איך זעץ מיך לעבן אים אנידער, ער פילט נישט... ער פילט מיך נישט, כאטש איך שפאר מיך אנ'ם אן, שטעל מיך אויף אויפ'ן בענקל און קוש אים אין מויל אריין, כאטש איך נעם אים ארום

און דריק מיט צו׳ן אים צו—ער זעט מיך נישט, ער פילט מיך נישט... איך בין געשטארבן פאר דער וועלט... פאר׳ן טאטן אפילו...

און עס כאפט מיך אן א שרעקלעך געוויין, און איך צי מיך אוים אויף דער וואנט, און שפאר אן דעם קאפ מיט׳ן פנים אראפ אויפ׳ן טאטנ׳ס שוים, און הויב אן אזוי צו שלוכצען, ביז—

דער טאטע וועקט מיך אויף און פירט מיך א קראנקן אהיים.—

# דער אַלטער ר׳ שמעון

## זיין שופר בלאָזן, און די מניעות—אייגענע און פרעמדע

— עפּעס אַן אוצר מוזט איר האַלטן אונטער׳ן אָרעם, ר׳ שמעון! מיט אַ ציטערדיגער האַנט דריקט איר עס צו צום האַרץ און דער נחת קוועלט אייך פון די אַלטע אויגן אַרויס.

— אי, — שמייכלט אַביסל פאַרלעגן ר׳ שמעון — מיין שופר איז עס, מיין יום־טוב׳דיגער שופר!

— יום־טוב׳דיגער?

— הערסט דאָך, איך האָב שוין אַזאַ מנהג,—אין אַ וואָכעדיגן אלול־טאָג בלאָז איך אויף אַ פּראָסטן שופר, נאָר דער איז אַ טייע־רער, אַ פיין־אויסגעאַרבעטער, אַ יום־טוב׳דיגער.

און ער נעמט אים אַרויס פון אונטער דעם אָרעם און קוקט אויף אים מיט ליבשאַפט. אַ קליין שופר׳ל, אַן אַש־גראָ׳ם, אַ דינס, נאָר אַ חנ׳עוודיגס... אויסגעקרומט, ווי אַלע שופרות, נאָר חנ׳עוו־דיג פאַרקרומט, ווי אַ קינדערישע העויה...

און ער גלעט אים מיט ציטערדיגע פינגער, הויבט אים העכער צו דער באָרד און גלעט אים מיט די לאַנגע, פיינע, זילבערנע האָר. און ביידע „קדושות״ מישן זיך אויס—דער הייליגער אַש־גראָער שופר מיט דער הייליגער זילבערנער באָרד, און די אַלטע אויגן זיינע לייכטן אַזוי קינדיש נחת׳דיג, אַזוי יונג...

— איר האָט ליב דעם שופר?

— ס׳לעבן! ווייל איך האָב דאָס שופר־בלאָזן ליב!... מיין פאָטער עליו השלום איז אַ פאַכטער געווען, מיר האָבן אין דאָרף געוואוינט, און—אַ אינגל, פלעג איך מקנא זיין דעם פאַסטוך מיט׳ן

פייפערל... ער פייפט, און, אויפ'ן קול פון זיין פייפערל, פארזאמלען זיך ארום אים די שאף, לייגן זיך ארום און ארום און קוקן אים אין די אויגן אריין...

א שופר איז אבער העכער—ער זאמלט נ ש מ ו ת צונויף, אידישע בארג־סיני־נשמות... און ז י י הערן זיך איין!

איך האב ליב דאס שופר בלאזן...

— נישט שטענדיג—פארבעסערט זיך ר' שמעון—יום־כפור די תקיעה־גדולה נישט... איך נעם דעם שופר צום מויל, און א האל־בער עולם ליגט שוין אונטער די בענק—איך קוק מיך אום און עס זעט מיר אויס, ווי א פעלד נאך א שטורעם־ווינט, דריי פערטל תבואה צו דער ערד געבויגן—און דא דארף גיין א תקיעה גדולה — — עס פאסט גאר נישט.

גאנץ אלול איז אויך דאס שופר־בלאזן קיין שופר־בלאזן נישט.

ווארום וואס? א וואכעדיגער עולם, א קליינער און א צעשפריי־טער, דער ארויף, דער אראפ... דורך די אפענע פענצטער רייסט זיך אריין דער מארק... קולות פון אידענעס, להבדיל, פון פויע־רים... אויפ'ן שול־הויף בלאזט ווייסע חברה... איך בלאז און זיי בלאזן... מבולבל ווערט מען!

— ס'אי'נישט!

ראש־השנה איז עפעס אנדערש!

דער גאנצער עולם שטייט אין די טליתים מיט די בליצנדיגע עטרות—בני־מלכים שטייען... און צעשאקלט זיינען זיי ווי די פרישע גרינע זאנגען אויפ'ן געבענטשטן פעלד, און עס רוישט ווי אין א וואלד, ווי א טייך — —

— עפעס קאנט איר, ר' שמעון, אן דארף נישט פארגעסן!

— גוטע צייטן געווען!... מיין „גירסא דינקותא" — **וואלד** און טייך, און אן אלטע מיל איז געשטאנען אויפ'ן טייך...

און אז עס איז א ווינט געווארן, און דער וואלד מיט'ן טייך האבן אנגעהויבן רוישן, פלעג איך—א נאריש אינגל—טראכטן, זיי זאגן למנצח, און דער הימל וועט שופר בלאזן... עט... **אמאליגע** צייטן...

— און היינט, ר' שמעון?

— היינט, אז עס קומט מיר אויס פאר פסח פאַרן אין דאָרף אריין כשר'ן די מיל, און דער וואלד רוישט, און דער טייך רוישט, דאַכט זיך מיר: זיי בייזערן זיך! זיי בייזערן זיך אויף מיר... זיי בורטשען: ווי קומסטו אהער, ארויסגעטריבענער! נאָר אין מקום קדוש, אז דער עולם צע'רעש'ט און צעשאָקלט זיך, שטייט מיר פאר די אויגן דער אלטער גוטער וואלד, הער איך דעם אלטן גוטן טייך... און ער רוישט וואָס אמאָל שטארקער און שטארקער, ביז עס רייסט זיך ארויס ווי א פלאם! ווי אויף פליגל הויבט זיך די פלאם, א ים פון פייער, און רייסט זיך דורך די ווענט, און הויבט זיך און ברעכט דורך דעם סופיט,—אין דער וועלט אריין, צום הימל גייט זי, די פלאם, דער ברענענדיג־קאָכע־דיגער „למנצח"!...

און פלוצים האקט זיך אלץ אָפּ,—עס ווערט פארשוואונדן—שטיל—גאָר שטיל—דער עולם האלט דעם אָטעם איין... מען הערט, ווי די ליכט פאר'ן עמוד און אויפ'ן שלחן ברענען און צישען אין דער הייליגער היץ...

און מיין תפלה ווארט עס דער עולם, אויף מיין ברכה!

דערנאָך נעם איך דעם שופר אין מויל אריין... דער דיין זאָגט אונטער און איך גיב ארויס תקיעות, שברים, תרועות... קולות קלאָרע ווי א וואסער, קולות קריסטאַלענע, קולות זילבערנע, ריי־נע — — — — —

און דער קינדערשער נחת בליצט אים ווייטער אויף אין די אויגן.

— קיין עין־הרע, ר' שמעון, אין אייערע יאָרן!

— אי,—ענטפערט ער מיט א גרימאסע,—אזוי בין איך א פליג... א בלאָז,—פלי איך אוועק...

— אוןביים שופר—א לייב?

— ווי שייך צו זאָגן, נאָר ממש א לייב!

— און שטענדיג געראָטן אייך?

— שייך שטענדיג? ס'מאכט זיך מניעות...

— למשל? דער שטן לייגט זיך אין דער ברייט?

— אי... פאראַן ערגערס! אויפ'ן שטן האָט מען סגולות... זיכערע, אויסגעפּרוּאווטע... אַניט, טוט מען, ווי דער בערדיטשעװער... זאָל איוואַן—שופר בלאָזן...

— וואָס דען?

— אַ דאגה?! אַמאָל, מעשה שטן, כאַפּט מיך אָן אַ הוסט... אַן אַלטער הוסט... קומען קומט ער פון תשליך, שוין אַ יאָר פּערציג... אודאי אַ יאָר פּערציג... וואָס זיי פּאַלט איין! גיט אַ פּריסטאַוו אַרויס אַ גזרה, מען זאָל נישט וואַרפן קיין זשידאָווסקע קרישקעלעך אין שטאָט־טייך אַריין!... אין ירושלים, זאָגט ער, וועט איר אַלץ מעגן...

נו, מילא, אַז ער זאָגט ניין, פאַר'גנב'עט מען זיך... גייט יעדערער באַזונדער, נאָר אַלע קומען זיך צוזאַמען. באַמערקט מען, הויבט מען אָן צו יאָגן—אַנטלויפט מען, פאַרשוויצט מען זיך, לויפט מען זיך אָפּקילן אין מקוה אַריין...

בין איך אָבער אַ שוואַכער, כאַפּ איך אַ לונגען־אָנצינדונג! ברוך השם, געזונט געוואָרן, נאָר אַ זכר איז מיר געבליבן: דער הוסט... כאַפּט ער מיך אָן, צעברעכט ער מיך אברים־ווייז...

מאַכט זיך, נאָך דער ברכה, ער נעמט מיך!

טו עפּעס! דער שופר ציטערט מיר אין האַנט, ווי אַ פיש אין וואַסער, און צום מויל גייט ער נישט... טרעפט ער צום מויל, שלאָגט ער זיך אָן די ציין... אַמאָל האָב איך געהאַט!...

— און מן הצד מניעות?

— אויך אַ דאגה!

פּונקט געגנאַיבער דעם מקום קדוש וואוינט אַן ערל, האַלט ער אַ כלב; פּאַלט אים איין, דעם כלב, בילט ער... מוז מען אַזאַ כלב איבערוואַרטן... טיילמאָל, גלייך עס וואָלט פון אַ דיבוק אַרויסגעוואָיעט, געדויערט אַ שעה און צוויי...

ראש השנה געפאַלט פּונקט נאָך די מאַנעוורעס. גייט אַמאָל דאָס חיל צוריק, מאַרשירט איבער דער גאַס מיט מוזיק, מיט מעשענע כלים, און פאַרהילעכט, און פאַרטויבט... עס ציטערט

אונטער זיי די ערד. די הייזער ציטערן, שויבן קלינגען — גיי און פּרואוו שופר־בלאָזן!

פּאָר עטלעכע יאָר ווייטער האָט זיך אין דער הינטער־גאַס פּונקט אַ שׂרפה געמאַכט! איך האַלט ביי אַ „תּרועה״, עס גייט! און דאָ רייסט זיך אַריין די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע מיט אירע טראָמפּייטן, מיט אַ געדרייטעריי, אַ געיאָגעריי — הו־האַ! וואָס מיינסטו, דער עולם איז נישט אַנטלאָפן פון דאַווענען צו דער שׂרפה?... איך בין געבליבן איינער אַליין מיט'ן דיין, ער מיט'ן מחזור'ל, איך מיט'ן שופר...

און נאָך מיט עטלעכע יאָרן צוריק איז ערגער געווען...

איך דאַרף בלאָזן „שברים״, און עס האָט זיך מיר, זאָג איך דיר, אויסגעצויגן אַ צעדראָביטער שברים, ווי אַן אמת יראת־שמים־פּיבערל! פּלוצלונג ווערט אַ געפּייפעריי, אַ געשוווישטשעריי, אַ נעקלינגעריי פון גאַס — די ווייסע חברה האָט זיך באַוויזן אין מאַרק! פאַרשטייסט?! רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ שרעק, וואָס פאַר אַן אימה... דער עולם וויל לויפן, מען לויפט צו דער טיר, מען שפּרינגט צו די פענצטער!

נאָר דעמאָלט האָט נאָך דער אַלטער רב, זכרונו לברכה, געלעבט... אַ קליינס, אַ דאַרס, נאָר אַ רב! ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף דער באַנק און געשריגן: „שטייט!״ און דער עולם האָט זיך אָפּגעשטעלט. — „פאַרמאַכט טיר און פענצטער״, און מען האָט'ן געפאָלגט! — און חושך איז געוואָרן, חושך... פון די עטלעכע עמוד־און שולחן־ליכט האָבן זיך נאָך שרעקלעכע שאָטן געוואָרפן — אַן אימה איז אויף אַלע געפאַלן, נאָר נישט אויפ'ן צדיק!

— בלאָז! — האָט ער געהייסן. — —

און איך האָב געבלאָזן! די גאַנצע נשמה איז מיר אַריין אין די תּקיעות!

— דעם שטן — גיט ער צו מיט אַ טרויעריגן שמייכל — האָב איך אפשר גובר געווען, נאָר די ווייסע חברה — נישט!

א חורבה איז געבליבן פון שטעטל!

ווער האָט אויף זיי שליטה? סיידן — שופר של משיח.

. . . . . . . . . . . .

# נעילה

א הינקעדיגער „ערל" איז געקומען אין שול אריין און אָנגע־צונדן נייע ליכט אין די הענגלייכטער און אין די רערלעך אויף די שטענדער.

דער ווייסער עולם האָט אָנגעהויבן אויפ'ן ניי צו קרעכצן; די, וואָס האָבן גערוט, קומען צוריק פון פּאָליש; מען הויבט זיך פון די בענק. —

— יתגדל!

ציט דער הייזעריגער חזן.

דער עולם באַדעקט זיך מיט די טליתים, די ווייבערישע שול לאָזט פּלוצים ארויס א געוויין... עס ווערט א געקלאַפּעריי אויף די שטענדער, די ווייבער זאָלן שווייגן. זיי הערן דאָך נישט אויף, און א קאָמישער כעס באַווייזט זיך אויף די פאַרוויינטע, בלייכע פּנים'ער פון די מענער.

— שמיה רבא! — האָט זיך ארויסגעריסן דעם חזנ'ס קול.

די ווייבער זיינען א ביסל שטילער געוואָרן, די מענער האָבן זיך צעשאָקלט און אונטערגעהאָלפן, מיט די זינגער צוזאמען, מיט א ווייגענדיגן: אי־אי־אי...

נעילה!

דער הימל וועט זיך שפּאַלטן און באַלד זיך צוריק פאַר־שליסן! פאַרמאַכט וועלן ווערן די טויערן פון געבעט... און דער עולם איילט זיך!

יעדער פילט, אז אויב נישט היינט, וועט ער שוין א גאַנץ גייענדיג יאָר אזא געלעגנהייט צוצוקומען צום הימל נישט האָבן. הושענא־רבא איז אויך א טאָג, עפּעס א צולאָג צו ימים־נוראים,

נאָר שלעכט איז שוין דעם, ווענעמס משפט מען ליינט אָפּ... גלייכער באַלד, באַלד!

און די ווייבערשע שול שלעפּט־מיט די מאַנישע... די נעילה־דיגע שמונה עשרה ווערט דערטרונקען אין הייסע, ברענענדיגע טרערן. עס רוישן ווינטן, טייכן ברומען, אַלטע וועלדער ברויזן... עס רוישט און זעצט דאָס אַלץ צוזאַמען —

— ובכן תן פּחדך!... — וויינט איינער פריער, איינער שפּעטער, נישט דוקא מיט דער אמת׳ער כוונה... זעסטו שוין, עס גייט אַ סך אָן דעם ציכאַנאָווקער בעדער, אַז פּאַראַל, וואָס בינדט אים די בעזעמלעך, האָט עפּעס אַנדערש פּחד; ז יין דאגה... און גאָר שלמה זעץ, דער שיינער באַלעבאָס, וואָס אפילו אין מיטן דער שמונה עשרה מוז ער זיך אַלע מאָל אריינשטעקן די האַנט אין דער ווייסער באָרד און צעטיילן זי אויף צוויי—

אויך זיין עסק, באשר — אַ סך קריסטן זיינען עס דאָ אין ציכאַנאָווקע! דער וואָיט מיט׳ן שרייבער איז גלייכער וואָס זיי זיינען קריסטן, נאָט זאָל היטן פאַר אַ אידישן טשינאָווניק, די הויט וואָלט ער אָפּגעריסן. בלייבט דער הרובע־הייצער, דער ערוב־שומר, — ווער דען וועט הייצן אין הרובע? אויף דער פאַרשטאָט וואוינען אפילו קריסטן אין אַ סך קליינע הייזלעך, אפילו ריינע, אויסגעפּוצטע, מיט פאַרהענגלעך און וואַזאָנען אין די פענצטער, נאָר ווער רעדט פון פויערן... זיי מעגן בלייבן ביים טעות!... נאָר, רבונו של עולם... „ובכן תן פּחדך״ — זאָל זיך זיין שנור נישט וועלן גט׳ן מיט׳ן זון צוליב דעם חולי נופל, זי מעג זיך צוגעוואוינען... „ואימתך״ — איז ער שטאַרק ממתיק און האָט אין זין, אַז עס איז פאָרט אַ שאָד, וואָס ווייץ איז דאָס יאָר ראַפּטים געפאַלן — רבונו של עולם, טראַכט ער, „ועשו כולם אגודה אחת״ — מען זאָל זיך מאַכן טאַקע איין האַנט און האַלטן דעם מקח... „לעשות רצונך בלבב שלם!״...

— אוי ווי, טאַטע! — שרייט ער אויס אין מיטן... „שמחה לארצך וששון לעירך״... און אים אין מוח ברענט: נאָך אַ יאָר אַזוינס ביזטו קאַפּוט!...

— אתה בחרתנו, — שרייט מיט אַ קול בענדעט דער חיים...

און חזר'ט זיך איבער: אתה בחרתנו! דאָס ווייב איז אים, נעבעך, קראַנק שוין אַ פּאָר יאָר. זי שפּייט, נעבעך, מיט בלוט, און מען וואוינט אין איין שטוב... עס וויל קיין קונה די שוועל נישט איבערטרעטן! — טאַטע זיסער, אתה בחרתנו! עס איז דאָך מיין זווג געווען... אָהבת אותנו... איך האָב זי דען שלעכט באהאנדלט, ורצית בנו, האָב איך דאָס געמיינט, דאָס געוואָלט? וקרבתנו מלכנו לעבודתך... וואָס פאַר אַ טעם האָט מיין אַרבעט? אַזוי קלאָגט ער אָפּ מיט „אין קץ לאשי חובותינו"... דאָ האָט ער זיך צעלאָזט אויף אַ קול — חובות האָט ער מער ווי האָר אויפ'ן קאָפּ.

דער עולם איז שוין אויסגעגאַנגען שמונה עשרה; מען וואַרט נאָר אויף חיים בער'ן. דער שמש האָט שוין שטאַרק חשק געהאַט צו געבן אַ קלאַפּ אין שולחן, נאָר חיים בער'ס אַ קרוב, יונה וואָלף דער סאַדאָווניק, דער גבר אלים אין שול, האָט אים פאַרהאַלטן... זאָל ער זיך אויסוויינען, אויסכליפּען... חיים בער איז אַ איד מיט אַכט קינדער און ממש אָן אַ שטיקל ברויט.

— ואין אתה חפץ במיתתם — כליפּעט נאָך חיים בער... במיתתם! פאַר הונגער, טראַכט ער, פּראָסט פאַר הונגער, מיינע ווערים, רחל...

— ולמה תמותו? פאַר ווען, פאַר וואָס, וואָס האָבן זיי געזינדיגט, די אָרימע שעפעלעך...

— יסורים וחלאים רעים! דערביי זיינען זיי נאָך קראַנק,— שקאַרלאַטינע, מאָזלען, ווערים, ציין — רבונו של עולם!...

---

דער חזן האָט אָנגעהויבן, דער עולם האָט זיך צעזעצט פאַר די שטענדער און אונטערגעהאָלפן צו דער הויכער שמונה עשרה. טייל זיינען געבליבן שטיין, אָנגעשפּאַרט אָן דער קילער וואַנט מיט די ברענענדיגע שלייפן און שטילערהייט געכליפּעט...

איינער פון זיי איז טאַקע חיים בער.

נעילה, באַלד ווערט פאַרמאַכט דער טויער, עס איז טייער יעדע מינוט, יעדע רגע... ער גיסט און גיסט מיט טרערן.

ווי לאַנג איז דען גאָר, אַז חיים בער איז געוואָרן אַ יונגער מאַן אַ באַלעבעסל ?...

פאַר אַ יאָר ניין—צען, האָט ער נאָך ברייט געזונגען „חמול על מעשיך ותשמח במעשיך" גאָר מיט אַ ברייטן, לוסטיגן קאָזאַק... ער דערמאָנט זיך אפילו אַ חטא... עס ווערט אים הייס אין אַלע אברים... ער געדיינקט, אַז ער האָט זיך דעמאָלט אומישנע הויך צעזונגען, הויך, לעבעדיג און לוסטיג, רחל זאָל הערן אין דער ווייבערשער שול.

זאָגנדיג, האָט ער דעמאָלט געקוקט אויפ'ן פאָרהענגל פון פענצטער, וואו זי פלעגט שטיין, און עס האָט זיך אים געדאכט, אַז עס ווערט קיילעכדיג־בולט צווישן די קראַטן... זי מוז אודאי אַראָפּקוקן...

אָ, דעמאָלט האָט ער גאָר אַנדערש אויסגעזען יום־כפור.

אַ פרישער יונגערמאַן, אַ נייער טלית, אַ שפּאָגל נייער, ברייטער קיטל — צוויי עטרות... דער גאַרטל, די יאַרמולקע האָבן געגלאַנצט מיט גאָלד און זילבער ! שוואַרצע לאָקן, אַ שוואַרץ בערדל, וואַרימע שקאַרפּיטקעס...

פראַנק און פריי האָט ער זיך אַרומגעקוקט ; עס איז אים לייכט געוועזן אויפ'ן האַרץ ! ערשטנס, האָט ער נישט שטאַרק געגלויבט אין חטאים. אָט, זעסטו שוין, ער מאַכט זיך אַ סך דאַרויס... יונה וואָלף האָט אים אַמאָל געגעבן אַ פּאַטש אומזיסט, און דווקא אין בית־המדרש, שבת הגדול ביי דעם רבי'ס דרשה... נו, האָט ער אים דען נישט מוחל געוועזן ?

מוחל געוועזן אַ פּאַטש... זאָל דער רבונו של עולם נישט מוחל זיין אַ מוקצה'לע, אַ ריס אין דער קוואָרט צום וואַשן ? — ווייטער, וואָס זינדיגט ער ? אחטא ואָשוב, האָט ער נישט געזאָגט, יום־כפור איז מכפר, דער תענית איז מכפר, די רעשט וועט אויך, מיט גאָט'ס הילף, אָפּגעווישט ווערן...

און ער פלעגט גאַנץ הערצליך צוזינגען ; אַז עס איז אים הייס געוואָרן, פלעגט ער אַרויסגיין אין פּאָליש זיך אָפּקילן. אַז דער מאָגן האָט אים דערמאַנט אין אכילה, האָט ער אים געזאָגט מיט גאוה : שטיל, קישקע ! איך מעג האָבן אַ טאָג קרעדיט

ביי דיר! איך וועל דיר באצאָלן מיט פּראָצענט, וויינינ כּפּרות האָט רחל'ע געשאָכטן?

היינט קומט זיין פּוס נישט ארויס איבער דער שוועל פון שול, פון כּל נדרי ביז נאָך נעילה... איבער דער גאנצער צייט שטייט ער. ער זינגט נישט, נאָר וויינט און בעט זיך... ער הויבט שוין אָן גלויבן אין זיינע חטאים... ער מוז דאָך האָבן חטאים, און שטאַרקע, שרעקלעכע... כאָטש ער ווייסט נישט פון זיי...

אַנדערש איז נישט מעגלעך, עס זאָל א מענטש אזוי יאָגן אָן אומגליק!

„ובכן" — האָט אָנגעהויבן דער חזן צו דרייען ווי אָן ענבער. דער עולם איז נאָך רואיגער געוואָרן, זעלטן האָט איינער שוין אויסגעכאַפּט ביים חזן א וואָרט פון מויל...

דער חזן זאָגט די שמונה עשרה, און חיים בער שטייט נאָך אַלץ, אָנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אָן דער וואַנט. עס דאַכט זיך, אַז ער דאַוונט, אין קאָפּ דאָך ליגט נישט די כּוונה פון דאַוונען.

„כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ" — איז דער חזן מטעים. אודאי וואָלט אונזער חיים בער געוואָלט, אַז דער וואָיט מיט'ן שרייבער זאָלן א ביסל בעסער ווערן... דער וואָיט — ווי דער וואָיט, מיט א טרונק־בראַנפן קויפט מען אים איבער... נאָר דער שרייבער! מען הערט נישט מער, נאָר ניעדאָימקעס... פון וואַנען, פון וואָס?... פון א קורצער צייט הערט ער אים אפילו ווי די קאַץ; שוין א פּאָר יאָר האָט ער קיין כלי און קיין בעט־געוואַנט נישט, דאָס הייזל איז שוין לאַנג פאַרקויפט... שריי חי וקים: ניעדאָימקי, — נעם, אויב דו קאָנסט! און וואָס הייסט ניע־דאָימקי? באַשר, ציכאַנאָווקע איז אַמאָל א שטאָט געוועזן, מיט א מאַגיסטראַט, מיט פּאָליציי, מיט קאָנסענסן, מיט... זאָל ער היינט, — היינט, ווען ציכאַנאָווקע איז א גמינע, און ער שטאַרבט פאַר הונגער, אָפּצאָלן חובות!... אודאי, ווען חיים בער זאָל נאָר דאַרפן אויסלייזן דאָס קישן, מורא האָבן, מען זאָל אים נישט פאַרקויפן דאָס הייזל, וואָלט ער נאָכגעזאָגט דעם חזן מיט גרויס כּוונה „כי תעביר"... אָבער היינט, לאַכט ער אויס'ן וואָיט, טיטלט מיט די פינגער אויפ'ן שרייבער...

ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און הוידעט זיך, און די ליפּן זאָגן נאָך „יעלה ויבוא"...

„זכרוננו ופקדוננו וזכרון אבותינו"...

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זיין טאַטע איז געווען אַ כשר'ער איד, זיין שווער איז געווען אַ סופר, און ער טראַכט, אַז עס וואָלט אַ יושר געווען, זיי זאָלן זיך דאָרטן מיען פאַר אים...

פאַר דאָס זאָגט ער שוין נאָך אָן כוונה: „וזכרון משיח בן דוד עבדך, וזכרון ירושלים עיר קדשיך..."

מיינט נישט, חלילה, אַז חיים בער איז אַ געגנער פון ארץ־ישראל, אַז ער לייענט, חס ושלום, דעם „וואָסכאָד" און האַלט נישט פון קאָלאָניעס. אָדער, אַז ער איז, חס ושלום, אַן אפּיקורס און גלויבט נישט, אַז משיח וועט קומען, אַז ער מוז קומען און קאָן יעדן טאָג קומען; חיים בער איז אַ קלוגער יונג, אַ בעל־המצאה'ניק, דאָך — אַ פּשוט'ער איד, אַ איד, ווי אַלע אידן. ער גלויבט אין דעם אַלעם באמונה שלמה... זאָל משיח כאָטש מאָרגן קומען!

אויף דער פּאַפּירענער בריק צו גיין איז ביי אים אַ קלייניגקייט, ער וואָלט געלאָפן גאָר אָן אַ ישוב. אין ירושלים וואוינען — מהיכי תיתי, עס איז שוין אפילו צייט, עס איז שוין לאַנג „כלה פרוטה מן הכיס"... נאָר — איידער עס וועט זיין מלחמת גוג ומגוג, איידער דער טערק וועט מנצח זיין אַלע שבעים אומות, איידער אליהו און משיח בן יוסף וועלן קומען, איידער נאָך משיח בן יוסף וועט גע'הרג'עט ווערן, קאָן ער זיך נאָך געגוג אָנשטאַרבן פאַר הונגער... ער און רחל, מיט אַלע זיבן קראַנקע און געזונטע קינדער! רבונו של עולם, וואו איז דיין רחמנות?!

ער פילט דאָך, אַז שולדיג איז ער זיך פאַרט אַליין. פריער ער, דערנאָך אפילו דער רבונו של עולם אויך... צי האָט ער נישט געקאָנט האַנדלען? אַ געוועלב, אַ שענק עפּענען, אויפ'ן טאָרג שטיין, אַ מעקלער ווערן, גלייך ווי אַלע אידן?! ער איז אָבער געווען אַ בעל המצאה... די המצאות האָבן אים געקוילעט, איננגל־ווייז האָט ער אויסגעצייכנט געגאָסן דריידלעך, געשניצט לאָמטערן, אָם שענסטן געשוואומען, אָם געשיקטסטן זיך געגליטשט. ער

האָט געהאַט אַ טאַלענט צו די אַלע זאַכן. אַ טשיקאַווע יונג, ער האָט געוואָלט אַלץ וויסן, אַלץ קאָנען. ער האָט געפונען אַ המצאה צי פלעכטן אויף אַ שטעקן הוילע הבדלות, און פלעגט אין דעם יכות באַקומען ביים שמש דאָס גרעבסטע ליכטל יעדע ווינטער־נאַכט צום לערנען; היינט מאַכט מען שוין די הבדלות אין אַלע שטעט. דעמאָלט האָט קיינער נישט געוואוסט פון דעם סוד; עס האָט געהייסן „חיים־בער׳ס הבדלות״; אַ סוכה־מאַכער פלעגט ער זיין גאָר אַ וואוילער; אַ מייסטער אויפצושטעלן אַ כשר׳ע סוכה פון עטלעכע ברעטער, כמעט אָן נעגל און גאָר אָן כלים, היינט — זיינע רייזעלעך שבועות, זיינע מייסטערישע מזרח׳ס...

נאָר, ווי אויבן איז געשטאַנען, — די המצאות האָבן אים איבערגעפירט.

האַנדלען נאָך דער חתונה, גלייך ווי אַלע אידן, האָט ער נישט געוואָלט. עס האָט אים געצויגן צו עפּעס אַ פאַבריקל מיט אַן המצאה׳לע. — פריער האָט ער אָפּגעקויפט ביי אַ שנאָרער אַ סוד צו מאַכן זייף אויף אַרויסנעמען פלעקן; דער שנאָרער האָט ביי אים אויסגענאַרט אַ הונדערטער, און חיים בער האָט זיך אָוועקגע־לאָזט אויף דער וועלט זייף פאַרקויפן. דאָס ווייב האָט געוויינט, עס איז איר אַ שאָד געווען באַלד נאָך דער חתונה אַליין צו בלייבן, און באַזונדער האָט זי נישט געגלויבט אינ׳ם גאַנצן משא־מתן... זייף איז ביי איר גאָר קיין סחורה נישט געווען, — ווער דאַרף זייף? מען זאָגט כאָטש גרינעם זייף, דאָס דאַרף מען צו קינ־דערשע קעפּלעך, פּ ר אָ ס ט ע זייף דאַרף מען צו דער וועש... אָבער פלעקן אַרויסצונעמען? ווייבערשע זאַכן וואַשן זיך, מאַני־שע — מאַכט נישט אוים: איין ברית׳ל, איין חתונה, איין מלוה־מלכה אפילו, איז שוין נאָכ׳ן בגד... חיים־בער האָט אָבער געוואוסט, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך, אַז מיט ציכאַנאָווקע עקט זיך נאָך נישט די וועלט, אַז נישט אומעטום איז אַ מנהג פון פלעקן. — ער האָט זיך געשוואָרן מיט כל השבועות, אַז קוים מאַכט ער די ערשטע צוויי טויזנט רובל, קומט ער אַהיים, קויפט זיך אַ נחלה, און היידאַ! זיין פוס וועט שוין נישט איבער די שוועל אַרויסטרעטן... ער וועט זיך מאַכן אַ שענק, אַ געוועלבל,

אָפּלעבן שוין זיינע יאָרן בשלום...

דאָס ווייבל, נעבעך, האָט געמוזט באַשטיין, און ער איז אין אַ האַלב יאָר אַרום געקומען אָן אַ דרייער, דער זייף איז אַריינגעגאַנגען אין בלויזע הוצאות, כאָטש געגעסן האָט ער ווייניג, און געקומען איז ער קריעה בליאה...

רחל׳ע האָט זיך, נעבעך, צעוויינט מיט ביטערע טרערן און געשיקט דעם מאַן צום רבי׳ן...

ער איז געפאָרן. ביים געזעגענען מאַכט ער צו איר: ווייסטו, רחל, דו האָסט אין מיר אָנגעוואָרן עולם הבא... איך האָב געמיינט, איך וועל קומען אהיים, ווייס איך, אַ אידענע, וועט זי שרייען, וועט זי שעלטן, אפשר נאָך אַ ציפּ טאָן ביי דער באָרד, ביי אַ פּאה... און דו — גאָרנישט! אַ ביסל געוויינט, און מער נישט. דאָס האָט מיך טאַקע געשניטן ביים האַרץ...

רחל האָט געשמייכלט מיט טרערן אין די אויגן. זי פאַר־האָפט, אַז פריער גאָט און דערנאָך דער רבי וועט אַן עצה געבן...

פון מיטן וועג האָט ער איר געשריבן אַ בריוו. ראשית — האָט ער איר מודיע געווען, אַז ער איז בקו הבריאה, און פאַרלאַנגט פון איר דאָס איינגענע צו הערן; שנית — אַז ער פאָרט נישט צום רבי׳ן, ווי ער האָט געמיינט, נאָר צוריק אין דער וועלט אַריין! עס האָט אים אַ גליק געטראָפן: ער האָט אָפּגעקויפט אַ נייע המצאה, אַ מין וואַקס, וואָס מען קאָן דערמיט צונויפקלעפּן טעלער און גלעזער; דאָס, שרייבט ער, איז שוין אַ דבר השוה לכל נפש; דער אָרימסטער איד האָט צווייערליי געפעס און קינדערלעך, וואָס צעברעכן עס; אַ פּאָר גלעזער וואַלגערן זיך אויך ביי יעדן איד אַרום... ער פאַרהאָפט צו גאָט א. אז. וו.

רחל האָט ווייטער אָוועקגעוויינט אַ האַלב יאָר, און חיים־בער איז ווייטער אַהיים געקומען קריעה בליאה, נאָר מיט אַן המצאה אויף אַ היימיש געשעפט פון „אָוואָצאָווע וואַסער" — אַ זאַפט פון פרוכטן.

פאַר דער המצאה האָט ער באַצאָלט דעם לעצטן גילדן, און עטלעכע יאָר שוין קוועלט ער זיך מיט דעם געשעפט. דעם ערשטן זומער, ווען אויבס איז געראָטן, אַלע בוימער אין די גערטנער

ארום ציבאנאָוועקע זיינען באהאָנגגען געווען מיט עפּל, באַרן און פלוימען, אַז מען האָט זיי געמוזט אונטערשפּאַרן, — האָט חיים־בער אויפגעלעבט! — ער האָט רחל׳ען בארעכנט, וואָס פאַר אן עשירות ער וועט מאַכן: דאָס מאַטעריאַל וועט כמעט נישט קאָסטן. פּרוכטן — בחצי חנם... ער האָט אָבער, נעבעך, געהאַט אַ גרויסן טעות. פּרוכטן איז געווען בחצי חנם, האָט טאַקע דער עולם געגעסן אויבס, און האָט נישט געדאַרפט טרינקען קיין וואַסער... און אַזוי איז געגאַנגען אַ יאָר נאָך אַ יאָר... אויבס איז געראָטן, ער האָט געלייזט פאַר אַ ביסל וואַסער אין אַ יומא דפגרא, אין אַ יום־טוב: סוכות, שמחת תורה; אין דער וואָכן — נישט! דערנאָך גייט ווינטער — אויס געשעפט...

— רבונו של עולם, — שרייט חיים־בער אין האַרץ, — רבונו של עולם, זאָל דאָס אויבס כאָטש איינמאָל נישט געראָטן, זאָל עס איינמאָל דער ווינט אַראָפּיאָגן פונ׳ם בוים, זאָלן עס איינמאָל די ווערים אויפעסן! רבונו של עולם!

די שווערע געדאַנקען האָט איבערגעריסן דער חזן מיט: „פּתח לנו שער"...

---

גאָר אַנדערש האָט נעילה געדאַוונט חיים־בער׳ס קרוב, דער, וואָס האָט פאַרהאַלטן דעם שמש. ער זאָל נישט קלאַפּן, ביז חיים בער וועט אויסגיין שמונה עשרה, — יונה וואָלף דער סאַדאָווניק.

ער שטייט אויך גאַנץ יום־כפּור אויף די פיס, ער ברענט אויך אונטער׳ן טלית; ער האָפּעט און קאָפּעט, ער שרייט אויך און האַקט אין דער וואַנט אַריין — נאָר, ווען חיים בער וויינט, און בעט זיך, ווי אַ קינד ביים טאַטן, כאָטש אַ שטיקל דאַר ברויט, טאַנצט מערסטנטייל יונה וואָלף פאַר דעם אויבערשטן, מלא שמחה, און דאַנקט אים פאַר זיינע וואונדער. שוין זעקס יאָר האַלט ער אַ סאַד פון פּרוכטן און יאָר ביי יאָר גייט עס בעסער. ער גיט אַ קרעכץ נאָר ביי „זכרנו", „כתבנו" צו „חתמנו לחיים" — געזונט איז דער עיקר! בשעת ער דאַנקט זיין ליבן נאָמען פאַר זיך און זיין ווייב׳ס געזונט, בעט ער אויף געזונט פאַר זיינע

קינדער... עפּעס איינס איז גאָר קיין ליט נישט, אַלע מאָל גיסט זיך עס עפּעס אויס דאָס קעפּל, שטענדיג איז אים רויט אונטער'ן נעזל, און מאַנכעס מאָל וואַקסן אים „גולעס" אַרום דעם העלזל.

כל זמן דאָס קינד האָט געצייינדלט, איז מען זיכער געווען, אַז עס איז ציין. דערנאָך האָט מען גערעכנט אויף ווערים. דאָס קינד האָט אָבער אויסגענומען „ווערים־קרויט" ווי האָלץ, און עס האָט נישט געהאָלפן, — האָט מען געשיקט אַ קוויטל! איינמאָל איז מען מיט אים אַליין געפאָרן צום רבי'ן. עס איז אפילו בעסער געוואָרן, נאָר דערנאָך ווייטער ערגער.

דער רופא זאָגט, עס איז שקראָפל. מען דאַרף אים באָדן אין זאַלץ־וואַסער אָדער שיקן אין אַ באָד אַריין. אויף שיקן אין אַ באָד סטאַרטשעט נישט דאָס עשרות, מען זאָל אפילו דעם גאַנצן דלות פאַרזעצן און דעם ווייב די אויערינג אויסטאָן... היימישע זאַלץ־בעדער איז נישטאָ וואו צו מאַכן: אין סאָד, וואו מען וואוינט אַ גאַנצן זומער, איז קיין וואַסער נישטאָ צו טרינקען, און צום קאָכן פירט מען אָנדערהאַלבן ווידערסט אַ קענדל וואַסער.

דאָס אײנגעלע וואַקסט מיט דעם פּאַרכל, מיט די גולעס, מיט דעם געשוואָלענעם נעזל, לערנט אַ גאַנצן ווינטער אין חדר און איז אַ וואויל אינגל.

„חתמנו לחיים", — וויינט דעריבער יונה־וואָלף — מיין קינד, מיין עלוי, מיין נחת, מיין טרייסט זאָל מיר לעבן!

אַ חוץ ביים „זכרנו לחיים" האָבן יונה וואָלפ'ס געדאַנקען נישט קיין שייכות מיט דעם דאַוונען. אַ גאַנצן טאָג לויבט ער און לויבט דעם אויבערשטן, נאָר ווייל ער איז, נעבעך, אַ גראָבער יונג, קומט אַמאָל אויס, אַז ער הענגט זיך אָן אויף אַ וואָרט און צעוויינט זיך אָדער צעלאַכט זיך גאָר בחנם... דער אמת איז, אַז ווען יונה וואָלף זאָל נישט זיין שטומפּיג אויף דער עברי, וואָלט קיין בריאה נישט געקאָנט איינשטיין און אויסהאַלטן אין שול; אַז עס קומט צו די באַקאַנטע תפלות, רייסט ער דעם חזן אַלץ פון מויל אַרויס און צעלאָזט זיך אויף אַ קול, אַז ווען נישט וואָס די שול איז געמויערט, און פאַרצייטנס — וואָלטן די ווענט געציטערט און אפשר איינגעפאַלן. דאָס גליק איז, וואָס ביי

קרבנות, ביי ובא לציון, פון „ומקבלין דין מן דין” אָן, ביי יעדן פיוט מיט „גרודעס” בלייבט ער, נעבעך, שטיל, ער האַקט אָפּ.

אַט, ביי דעם שטיל־בלייבן און אָפּהאַקן, הויבט ער זיך אָן פאַרקרימען, איינציען דעם שטערן, אַמאָל נאָך צודריקן די אויגן און אַריבערוואַרפן דעם טלית איבער׳ן קאָפּ, דער עולם זאָל מיינען, אַז ער האָט אַצונד כוונות... און דעמאָלט האָט ער טאַקע מחשבות... מיט׳ן שרייען פאַרדולט ער זיך אַליין די געדאַנקען. שטילערהייט, אונטער׳ן טלית, קומען פאַר אַלע הוריות... דעמאָלט דאַנקט ער און לויבט דעם אויבערשטן שוין מיט זיינע אייגענע ווערטער... עס גייט אים גאַנץ גוט... קיין עשירות מאַכט ער נישט, דאָך האָט ער שוין אַרויסגעטריבן דעם דלות, געקויפט דעם ווייב אַ פּאָר „צוועקעס”, צום ליכט־בענשן אַ פּאָר זילבערנע לייכטערלעך, און עס איז דאָ צו „פּופּלען”... דאָס קינד, נעבעך... מילא... גאָט וועט העלפן. ער אַליין האָט אויך אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, געהאַט דעם פּאַרך, ער שיינט אים נאָך איצט אויף די לבנה אויף דעם קאָפּ...

נו !...

ער דערמאָנט זיך,ווי די יונגען האָבן אים געיאָגט אין חדר... איין חיים־בער — נישט. ערשטנס, אַלס קרוב האָט ער אים נאָך פאַרטיידיגט, צווייטנס, איז ער טאַקע געווען אַ מזג טוב, דער חיים בער ! און פונדעסטוועגן האָט ער אַלע צרות געליטן דורך חיים־בער׳ן. חיים בער האָט געקאָנט דעם שיעור — ער נישט ; חיים־בער איז שוין — ער — נמאס ומאוס און ברודיג ; חיים־בער האָט געטויגט צו אַלעס — ער — אויף כפּרות... אַלץ נאָר חיים־בער... דער מלמד האָט אים געפּאַטשט : „לערן דיך אָפּ פון חיים־בער׳ן !” די מאַמע האָט געריסן פון אים פּאַסן און געשטעלט אים פאַר אַ שפּיגל חיים־בער׳ן, דער טאַטע האָט אויך אים געפּייניגט מיט חיים־בער׳ן !...

כאָטש חיים־בער פלעגט מיט אים האַלטן, מציל זיין פון די חברים׳ס הענט, פונדעסטוועגן פלעגט ער דאָך אים פיינט האָבן, אמת פיינט... פאַר וואָס ? פאַר ווען ?

„פאַר קנאה”, — שטויסט זיך יונה וואָלף — און האָט

שטארק חרטה אויף דער קנאה. נאָר, עס איז דאָך אַלץ קינ־דערשע זאַכן, מעשה נערות... היינט האָט ער שוין קיין קנאה נישט אויף אים, ער בעט פאַר זיין לעבן...

און באמת האָט ער אַצונד חיים־בער'ן שטאַרק ליב. מיט'ן גאַנצן האַרצן איז ער זיך אויף אים מרחם; מיט דריי פערטל קרעכץ ביים דאַוונען האָט ער אים געמיינט. —

— דער אויבערשטער זאָל אים, נעבעך, העלפן. ווי דער ווינטער וועט, נעבעך, זיין, ווי ער וועט זיך דורכשטופּן, זאָל ער, נעבעך, כאָטש אַ גוטן זומער האָבן, כאָטש לייזן... אבי מען לייזט נאָר, איז שוין דאָ אַ באַרער גראָשן, קאָן מען זיך די הענט צעפירן...

ביי „מרובים צרכי עמך" איז ער שטיל געבליבן, עס איז שוין געוועזן פאַר אים אַ „שלעכטער וועג", אַ גרעבלע... ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אויף דעם גרויסן מחזור און געטראַכט:

„רבונו של עולם, אויב איך, צי מיין ווייב, צי מיינע קינדער האָבן אַ חסד ביי דיר, אָדער זכות אָבות, רבונו של עולם — זאָל מיר מיין קינד האָבן אַ רפואה שלמה... אין סאָד זאָל וואַקסן עפּל ווי האָלץ... די זאַפטיגע, פולע פּאַפּיראָווקעס, וואָס צעגייען אין מויל... רבונו של עולם, זאָלן זיך דיינע אידעלעך אָנטרינקען מיט מיינע עפּל, עס זאָל זיי אָנגיסן פולע מיילער מיט זאַפט! אויך פאַרגעס נישט, רבונו של עולם, אין חיים־בער'ן, ער זאָל לייזן פאַר אָוואַצאָווע וואַסער אויך...

אין מיטן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. עס גייט „זכור ברית אברהם ועקדת יצחק"! ווייטער אַ שאָסעי — אַ גלייך שטיקל וועג! גאַלאָפּ! עס טרעפט זיך אפילו אַמאָל אַ גריבל, אַ שטיינדל, אַ „טבועות וגנוזות", ניש'קשה, עס שלינגט זיך שוין איין מיט'ן ניגון. פאַר דאָס „אנקת מסלדיך" גייט שוין מיט דער הויט, ער איז שוין ביז דעם סוף ווי אין דער היים, ער האָט שוין גאָר נישט אין זין, — ער שרייט, ער ליאַרמט, ער זינגט, גלייך ער איז איינער אין שול!

אַרויסגייענדיג פון שול, האָט ער זיך געטראָפן מיט חיים־בער'ן —

— זאָלסט דיר האָבן פיל גוטס אויסגעבעטן —
— גם אתם! — האָט אים חיים געענטפערט.
— וואָס דו ווילסט נאָר אליין, זאָל ער דיר געבן —
— דיר אויך, יונה וואָלף — גאָט זאָל אונז ביידע געבן א גוט יאָר...
— מיר ביידע זאָלן לייזן!...
און זיי זיינען זיך צעגאַנגען...
זיי האָבן זיך גאַנץ ערנסט געבענשט, — דאָך נאָכ'ן צעגיין, האָבן זיי נאָכאַמאָל אויפגעהויבן די אויגן צום הימל:
— אויבם זאָל זיין ווי גאָלד! — האָט געבעטן יונה וואָלף.
— פוילן זאָל עס! — האָט געבעטן חיים־בער...
דערנאָך האָט יונה וואָלף געשיקט חיים־בער'ן א „כפרה", א גרויסן, פעטן, אויסגעזאָטענעם האָן, און חיים־בער יונה־וואָלפ'ן דריי פלאַשן אָוואַצאָווע. ביידע האָבן זיך געלייגט שלאָפן מיט בטחון —
יונה וואָלף — אַז עפּל וועט זיין ווי גאָלד, און חיים־בער — אַז דאָס אויבם וועט פוילן, און ער וועט לייזן פאַר וואַסער...
זייערע ביידע ווייבער זיינען דאָך נישט געשלאָפן. חיים־בער'ס ווייב האָט געקלערט, וואו נעמט מען אויף סוכות? און יונה וואָלפ'ס — וואו נעמט מען סוכות כאָטש נאָך א האַלב טוץ זילבערנע לעפל צום יום־טוב'דיגן טיש.

---

# וואָס זאָל איך ווען ?

ראש־השנה שרייבט מען, יום־כפור חתמ'עט מען און הושענא־רבה מאַכט מען דעם צוק און מען גיט די קוויטלעך אַרויס. און נישט נאָר מענטשן שטייען לדין, נישט נאָר אונז פּסק'עט מען לעבן אָדער טויט, פּרנסה אָדער קצבה, מנוחה אָדער גלות... „זכר כל המעשים לפניך בא", אַלץ, וואָס מיר טוען, אַלץ, וואָס מיר מאַכן, ווערט גע'משפּט, און אונזערע „יום־טוב־בלעטלעך" וואַרטן אויך מיט אַ ציטערניש אויפ'ן קוויטל... זיי ווילן אויך וויסן, צי זיי וועלן אויסלעבן דאָס יאָר, אָדער אויסגיין ווי אַ ליכט אין דער פינצטערער נאַכט... קיין גרויסע צדיקים זיינען זיי נישט, זיי זאָלן רעכענען, אַז באַלד ראש־השנה, אָדער אפילו יום־כפור וועט זייער גזר־דין אַרויס... נישט איין מלאך־חבלה וועט קריצן מיט די ציין, נישט איין פּאַמפּלעטיסט — אַ קטיגור וועט זיך אויסרייסן דעם האַלז, און — הלואי עס זאָל זיך ענדיגן הושענא־רבא פאַרנאַכט!

און ביז הושענא־רבה פאַרנאַכט איז אויך נאָך דאָ עפּעס צו טאָן! נאָך ביינאַכט אויף הושענא־רבה שפּאַלט זיך דער הימל אויף אַ סעקונדע, און דעמאָלט איז שעת הכושר, אַן עת־רצון פאַר'ן זינדיגן מענטש; וואָס ער כאַפּט זיך דעמאָלט אַרויס, דאָס ווערט מקוים.

וואך זיין אַ גאַנצע נאַכט, אָפּפּאַסן דעם שפּאַלט אין הימל און אַ געשריי טאָן — איז אַ קלייניגקייט... נאָר וואָס שרייט מען? וואָס זאָל איך וועלן? וואָס זאָל איך פאַרלאַנגען פון הימל? אפשר געלט? ווען איך האָב געלט, וואָלט איך אפשר נישט נאָר שירים שרייבן, נאָר זינגען אפילו געקאָנט; איך וואָלט געמעגט גרימפּלען, און עס וואָלט די נשמה אויסגעגאַנגען פאַר

תענוג... ווען איך האָב געלט, וואָלטן זיך די יום־טוב־בלעטלעך געעלטערט אין פרידן... וואָרום לאָמיר זיך נישט נאַרן: אמת איז טאַקע אַ שיינע, גערעטענע כלה, נאָר ערשטנס, קאָן זי נישט טאַנצן, ווי דער ציגיינער שפּילט, זי קאָן פאַר׳ן עולם קיין חנ׳דלעך נישט מאַכן, און — אפילו אַ שיינע, געראָטענע כלה, וואָס קאָן טאַנצן צום ציגיינער׳ס מוזיק און שניידט חנ׳דלעך אויפ׳ן שאָק, דאַרף אויך האָבן אַ ביסל נדן, מען זאָל זי ווען נעמען... אַ בוך מיט׳ן גאָלדענעם שניט האָט גאָר אַן אַנדער פּנים... נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז איך בין שטאַרק מסופּק, צי פון הימל קאָן מען האָבן געלט. אפשר זיינען אַמאָל בעסערע צייטן געוועזן, און עס האָט פון הימל מיט גאָלדענע רענדלעך געדעגנט... היינט — לא עליכם... אָט, תורה איז אַ הימל־זאַך. פאַרצייטנס פלעגן זיין אָרימע ישיבה־בחורים און רייכע אַרענדאַרן — „ישוב׳ניקעס״, ווי מען רופט זיי אין דער ליטע, און קוים האָט אַ „ישוב׳ניק״ געקראָגן אַ האַלב דערוואַקסענע טאָכטער, האָט ער איינגעשפּאַנט זיין פערד־און־בידקע, און איז געפאָרן צום ראש־ישיבה אין שטאָט אַריין, און געקויפט זיך פאַר 100, 200, טיילמאָל פאַר 1,000 רענדלעך תורה... צו דער תורה האָט ער צוגעקראָגן אַ צולאָג אַ בחור׳ל ווי אַ הערינג, נאָר דעם הערינג האָט מען נישט אַריינגעשאַצט אין מקח... און יעדער ישיבה־בחור האָט געוואוסט, אַז אויב ער וויל האָבן רענדלעך, מיט מלבושים, מיט קעסט און אַ צולאָג אַ כלה — מוז ער זיצן און לערנען...

היינט — אוים ישוב׳ניקעס; אויף זייער אָרט האָבן מיר באַנקירן און פּראָצענטניקעס, און זיי ווייסן, אַז תורה איז קיין סחורה נישט. אַ דאָקטאָר, אַ יוריסט, אַ ציין־רייסער, אפילו אַזעל־כער פון דער האַנדלס־שולע, אפילו אַ רב — אַ קאַזיאָנער... נאָר נישט קיין תורה.

ווער עס זיצט היינט און לערנט, קריגט — אַ גאָרב, אַ מלמד׳ישן פּאַטענט אויף אַ לונגען־פעלער, נאָר נישט אַ דרייער געלט.

מען זאָגט: צדקה תציל ממות... עס קאָן זיין, אַז צדקה ראַטעוועט פון טויט — דעם אָרימאַן, וואָס נעמט זי און קויפט

א ברויט, ער זאָל נישט שטאַרבן פאַר הונגער; דעם עושר — בשעת מגפה, די זאַראַזע זאָל זיך נישט פאַרשלעפּן פון קעלער צום בעל־עטאַזש... נאָר קיין געלט האָט מען נישט דערפון! אַז מען גיט, האָט מען ווייניגער, און דער אָרימאַן האָט פּאָרט קוים אויף חיי־שעה...

פון דאַווענען האָט מען אויך קיין געלט נישט... א והא ראיה— אונזערע גבירים, וואָס שטרעקן דאָס לעבן און גאַנץ אָפּט מיט'ן רחמנות, מיט'ן יושר און מיט דער מענטשלעכקייט צוזאַמען, אָבי רייכער צו ווערן, דאַווענען אַליין גאָרנישט, און זיינען נאָר צופרידן דערפון, וואָס אָרימע לייט לאָזן דאָס סדור'ל נישט אַרויס פון דער האַנט...

עס זאָל אין סדור'ל שטעקן אַ כח פאַר אַ ד ר י י ע ר, וואָלט מען די אָרימע לייט געטיילט יום־טוב־בלעטלעך און אַלע פּראָ־צענטניקעס און באַנקירן וואָלטן געהאַלטן סדורים און געדאַוונט...

דאַווענען איז אַ סגולה אויף דרך־ארץ, אויף שטיל־קייט; דאַווענען שטילט אַמאָל דעם הונגער ביים קבצן, ווי דער אָרימער מאַמע'ס פינגער ביים אויסגעדאַרטן קינד אין מויל. דאַווענען איז אַ סגולה צו אַ סך זאַכן, נאָר קיין געלט דערפון האָט מען נישט. און אפילו אַז מען איז אַ נאַר, און מען האָט אַ גאָרגל, און מען לאָזט צו צום עמוד... האָט מען אויך קוים וואַסער אויף קאַשע, נאָר קיין געלט נישט!

איך טרייב איבער דורכ'ן זכרון אַלע תרי"ג מצוות, און זע קיין איינציגע נישט, פון וועלכער מען זאָל קאָנען האָבן (דירעקט אָדער אומדירעקט) אַ דרייער! פאַר די תרי"ג מצוות האָט משה רבנו צוגעזאָגט: געזונט, לאַנג־לעבן, אַ זול, רעגן פון הימל, דעם כח פון דער ערד — נאָר אַלץ נישט קיין געלט! אַז דו וועסט מקיים זיין אַלע תרי"ג מצוות, וועט דיר די ערד געבן איר קראַפט, דער הימל — טוי און רעגן, און דאָך — וועסטו שטאַרבן פאַר הונגער, אויב דו וועסט נישט אַרבעטן, אַקערן, זייען און שניידן! און פון די אַלע דריי צוזאַמען — פון הימל'ס רעגן, דער ערד'ס כח און שוויים פון דיין שטערן וועסטו קוים האָבן ברויט, ברויט צו עסן, אָבער אַלץ נישט קיין געלט! דו מעגסט מקיים זיין אַלע

תרי"ג מצוות, מיט אַלע דקדוקים, ווען מען קאָן ניט קאָנען אַרומ־גיין אין אַ הונגער־יאָר מיט די הענט אין די קעשענעס און פייפן אַ לידל פון אַ קאַטאַרינקע...

גענוג קאָן מען האָבן פון וואָס איך ווילט, פון דער קלענסטער עבודה, אַפילו פון קאָרטן שפּילן, נאָר נישט פון הימל־זאַכן. אויב דער רבונו של עולם זאָגט: „כי לי הכסף ולי הזהב", מיינט ער: דאָס זילבער פון דער לבנה מיט אירע שטראַלן און דאָס גאָלד פון דער זון אין תמוז... אָבער גענוג האָט דער הימל נישט — ניין! איך וועל זיכער שרייען אומזיסט!

---

איך האָב אַמאָל געוואָלט זיין אַ פילאַנטראָפּ — אַ בעל־טובה פאַר'ן כלל! איך האָב אַ גוט האַרץ בטבע, און אַז איך גיי אַרום זאַט נאָך אַ סעודת־מצוה פאַר אַ פילאַנטראָפּ'ס כבוד ווענן, און דערצו — נאָך פיש, פלייש און קאָמפּאָט מיט אַ ביסל קאָניאַק — דעם אויסגעשטערנטן הימל, האָב איך ליב אַ קרעכץ צו טאָן: רבונו של עולם, מאַך מיך אויך פאַר אַ פילאַנטראָפּ...

די אָרימע לייט זיינען דאָך דיינע פויגעלעך, וואָס האָבן קיין פעלד און קיין שאָף און רינד, און קיין דאַך איבער'ן קאָפּ... גיב מיר אַזוי פיל, איך זאָל זיי קאָנען קרישקעלעך וואַרפן...

און אַזוי אויך, טיילמאָל ביינאַכט, אַז איך לייג מיך צו פרי און כאַפּ מיך אויף פאַרטאָג, און האָב קיין ליכט נישט אין שטוב, אָדער דאָס ברעכן אין די ביינער לאָזט מיך נישט אויפשטיין און זעצן זיך צום שרייב־טיש, גלאָץ איך אויס די אויגן אין דער פינצ־טערניש אַריין, עס ווערט מיר ווייך אויפ'ן האַרץ, טרערן פאַרדרייען זיך מיר אין די ברעמען, און איך קלער מיט אַ ווייטאָג: וואָס פאַר אַ טובה קאָן איך טאָן מיין פאָלק? מיט וואָס קאָן איך העלפן דער כנסת־ישראל? אַנדערע קאָנען בויען, אויפשטעלן פּיתום ורעמסס אין דער לופט, אויפ'ן אייז, אַפילו אויפ'ן עולם הדמיון, און איך קאָן נאָר צעוואַרפן; אַנדערע וועקן כאָטש די אַלטע שפּראַך פון קבר, און איך שרייב דאָס רוב דווקא פּראָסט אידיש...

וואָס טוט מען?

דאָ האָב איך קיין דעה נישט... קאָנקורירן מיט ראָטשילד'ן אין ארץ־ישראל, אָדער מיט'ן באַראָן הירש אין ארגענטינע — קאָן איך נישט... נאָכשרייען, ריידן צו דער וואַנט, העלפֿן בלויז קרעכצן — ווייל איך נישט... וואָס טוט מען פאָרט? איך וועל אַמאָל שטאַרבן, און עס וועט פון מיר קיין גוטער זכר נישט בלייבן... די שמאָלע וועגלעך, וואָס איך האָב אויסגעטראָטן מיט פאַרבלו־טיגטע פיס צווישן די דערנער, וועלן פאַרוואַקסן ווערן, די פעליע־טאָנען וועלן אויפגעגעסן ווערן פון מייז, מיין אָרימע מצבה וועט צעפאַלן, צעשטויבט ווערן... ווער וועט מיך געדענקען?

ווען איך זאָל קאָנען זיין אַ פילאַנטראָפּ, וואָלט מען מיך ביים לעבן מיט בלומען און ווינטש־קאַרטן באַוואָרפן, נאָכ'ן טויט— אַ ריזיגע מצבה געשטעלט, און אויף מיין יאָרצייט וואָלטן אין אַלע קהלות „פּאַניכידן" געוועזן...

און איך האָב מיר נישט איינמאָל געטראַכט געדולדיג צו וואַרטן ביז אַ שבועות, אַ יום־כפור, אַ תשעה־באָב, אַ הושענא־רבה, אָפּפּאַסן, ווען דער הימל וועט זיך שפּאַלטן, און אַ געשריי טאָן: פילאַנטראָפּ!...

ליידער בין איך דאָס יאָר געוואָר געוואָרן, אַז דאָס איז קיין געשעפט נ י ש ט... קוים וועל איך וועלן עפּעס שענקען לטובת הכלל, וועלן אונזערע שרייבער אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט מיר עצות געבן, ו ו אָ ס צו טאָן לטובת הכלל... אַז זיי וועלן מיך ברייננגען אין דול־הויז אריין...

---

איך האָב שוין אפילו געקלערט אַ געשריי צו טאָן: שלום!...

וואָרום מיינט נישט, חס ושלום, אַז איך בין בטבע אַ מזיק... אַז איך האָב אַ ווילדע הנאה דערפון, וואָס איך זעץ מיך אַלע מאָל אַרויף אויפ'ן לעדערנעם פערד, שפּאַן דעם הילצערנעם פייל און בויגן און שים אויס אַ פּאָר טוץ פּאַפּירענע פויגל, וואָס דאָס שלעכטע ווינטל פון דער ניט־גוטער צייט טראָגט אַרום אין די לופטן...

מיינט נישט, אַז איך האָב נחת דערפון, וואָס איך מוז אַלע מאָל אַרויסשטעלן די באַליע אין מיטן גאַס אַריין און וואַשן אונזער ברודיגע וועש בפני כל קהל ועדה... קיין גוטס קומט מיר אודאי דערפון נישט אַרויס; ווער עס רייסט אויס דערנער — מוז זיך פאַרוואונדן די הענט, ווער עס האַלט מלחמה מיט לעבעדיגע בּרואים, מוז זיך אַמאָל לאָזן אַ בּיס טאָן... עס איז אפשר אַ כבוד צו וואוינען אויפ'ן פאַרנאַס, אויפ'ן הויכן ליטעראַרישן באַרג, וואָס שפּאַרט אונטער די וואָלקן, אויב נישט דעם הימל אַליין, און מחזקות מאַכן מיט די מוזן... נאָר צו זיין דאָרט אַ סטרוזש, און האַלטן שטענדיג דעם בעזים אין דער האַנט, אָפּצוקערן די פוילע בלעטער... אַרומצוגיין און שאָקלען די יונגע בוימלעך, די קיפּער זאָלן אַראָפּפאַלן און נישט אויפפרעסן די יונגע גרינע בלעטעלעך, — איז גאָר קיין נחת און קיין כבוד נישט, און — על אחת כמה וכמה — קיין תענוג נישט!

גלויבט מיר, אַז עס איז אַ ביטערער חוב, וואָס איך מוז אָפּצאָלן, אַן אָפּקומעניש אויף דער וועלט; מיין פינצטער מזל, פון וועלכן איך קאָן מיך נישט אָפּרייסן, ווי אַ גנב — פון דער תליה...

נאָר פאַר שלום האָב איך מורא! פאַר שטילקייט ציטער איך אימת מות!

שלום איז צווישן גנבים, ווען זיי גרייטן זיך אָן צו דער פינגער־מלאכה... זיי מאַכן שלום מיט דער פינצטערער נאַכט און צינדן קיין שטרייכהעלצל נישט אָן...

שלום מאַכן זיי מיט יעדן וואָלקן, וואָס ציט זיך איבער דער לבנה...

שלום מאַכן זיי אפילו מיט'ן בריטאָן אויפ'ן הויף און וואַרפן אים אַ שטיק „לא יחרץ"־פלייש, צו פאַרשטאָפּן דאָס מויל...

נאָר פרואוו און וויל שטילערהייט און בשלום פאַריאָגן די אומגעבעטענע געסט? מוזטו ליכט אָנצינדן, הויז־לייט וועקן, קולות מאַכן...

שלום און שטיל איז אויפ'ן בית־הקברות... אָן גערויש פרעסן זיך די ווערים אַריין אין די מתים'ס לייבער, שטיל האַלזט

ארום דער מאַך די אַלטע מצבה און ציט זי אין דער ערד אריין...
שטיל רוישט דאָס אָרימע בוימל, וואָס ציט אריין אין זיך דעם קברים־זאַפט... נאָר פּרואוו גיב תחית המתים!... מוזטו פריער בלאָזן אויפ׳ן שופר של משיח!

שטיל איז נאַכט און טויט...

שלום איז טיילמאָל אַ שטאַרקער יצר הרע... דאָס איז אַ וואָרימע שטוב, אַ ווייכער פּאָטעל, גרוימע פּאַנטאָפל, און אַ זיידענע שלאָפמיץ... נאָר דאָס אַלץ צו באַקומען טאָר מען נישט גיין מיט׳ן גלייכן וועג... און עס דאַכט זיך — נאָר נישט... צי בין איך דען מחויב צו זאָגן דעם אמת? דערנאָך: וואָס שאַדט אַ שקר׳ל מפּני דרכי השלום? און אויב אַ גרעסערס, נאָר אזא געלאַסענעם, אַ חנ׳עוודיגס? מענטשן האָבן עס אזוי ליב, די אָרימע אומגליקלעכע מענטשן... און אזוי פאַלט מען אַלץ נידעריגער און נידעריגער, ביז מען דריקט די פּאַרבלוטיגסטע האַנט, מען קושט דאָס גרעסטע לעסטער־מויל און מען מאַכט שותפות מיט׳ן ערגסטן באַנדיט...

אָ, ניין! שלום איז אַ שרעקלעכע זאַך... שלום איז דער שקר אליין.

ניין, איך וויל אויף שלום נישט בעטן!

---

איך האָב אמאָל אַ געליבטע געהאַט.

איך האָב זי ליב געהאַט, כאָטש זי איז אָרים און אָדם־נאַקעט געוועזן... איך האָב זי ליב געהאַט, ווייל איך בין, ווי איך האָב נישט איינמאָל געזאָגט, אַ פאַרפאַלענער ראָמאַנטיקער און אַ אידעאַליסט אין דער „רעאַליסטישער צייט"! און זי האָט מיר אויסגעזען אזוי שיין, אזוי אידעאַל־שיין, אזוי דערהאָבן, אזוי איידלמוטיג, אזוי גוט... אַ געוויסע צייט איז זי מיין מוזע געוועזן, און דעמאָלט האָבן זיך פון מיין האַרפע׳ס סטרונעס אָפּגעריסן סאַמע ווייכע, סאַמע זיסע, סאַמע דערהאָבענע טענער — ווייל איך האָב פון פולן, ווייכן האַרץ איר ליוב געזונגען!

איך האָב דעמאָלט גוטע נעכט און זיסע חלומות געהאַט,

ווייל זי איז מיר נאכט אויף נאכט ביים בעט געשטאנען, צערטלעך מיר די האר געשטרייכלט, מיט די סאמעטענע, ווארימע הענטלעך דאס פנים געגלעט... איך האב אין שלאף איר ראזיגן אטעם געפילט, און בין גאנץ אפט אויפגעשטאנען מיט ברענענדיגע ליפן פון איר'ס א האניג־קוש.

מיט דער צייט האט זיך מיין געליבטע פארדארבן: זי איז א צנועה געווארן און אויסגעוויינט זיך די הימל־בלויע אויגן ביי די נארישע תחינות; זי איז א גבאי'טע געווארן, אנגעהויבן רב'נישן טאבאק צו שמעקן, און דער אמאליגער רויזנ־בעכער זעט היינט אויס ווי א דאפלטער, איבערגעקערטער קוימען... זי איז א טוקערין געווארן, און אויפ'ן ארט פון מאנדלען פילט מען מיילן־ווייט פון איר שימל און מקוה־וואסער... און זי חבר'ט זיך היינט מיט רבנים, מלמדים און ישיבה־בחורים, און גייט ארום מיט א צדקה־פושקע אין די הייזער... אויף הכנסת־כלה.—

איך וואלט איר דאס אלץ מוחל געווען, עס זאל זיין אמת.. עס איז אבער אינגאנצן פאלש... זי כאפט זיך טיילמאל ארויס פון דער חברה און קאקאנירט אין מיטן גאס ביי א שארמאנקע, אדער ברעכט זיך אויס די גלידער אין די הויף צווישן אפגעריסענע שווארצע־קינצלער... אויך אויף הכנסת־כלה.

מיט דער צייט איז זי פאראומרייניגט, פארנאכלעסיגט און פארווארלעסיגט געווארן...

איך וויל איר נאמען בסוד נישט האלטן... „חבת ציון" הייסט די דאמע...

און אז איך זע, שטארבט אין מיר דאס הארץ פאר רחמנות, און עס גיסט איבער די גאל פאר כעס... און העלפן קאן איך נישט...

איך האב קיין האפנונג נישט אפילו אויפ'ן שפאלט אין הימל! מיין הייסע בחשה: דער רבונו של עולם זאל זי אויס־רייניגן, צוריק פריש, געזונט און יונג מאכן, אויסרייסן זי פון דער שווארצער חברה'ס הענט און איר צוריק געבן דעם ערלעכן, פרייען, געזונטן כשוף — די בקשה קאן נישט איינגעפאסט ווערן אין איין ווארט, און דער הימל שפאלט זיך נאר אויף איין סעקונדע...

איך האָב נאָך אַנדערע, אפשר בעסערע און וויכטיגערע קשות, און זיי וואָלטן זיך דווקא געלאָזט איינפּאַסן אין איין וואָרט, אין איין איינציג וואָרט, — שאַרף ווי דער בליץ, שטאַרק ווי דער דונער... נאָר צום הימל איז ווייט, מען מוז שרייען הויך און — שטיוול האָבן אויערן, אָקסן — לאַנגע צונגען, און איך — איך האָב שטאַרק, שטאַרק מורא...

---

# הנרות הללו

— זשידאָווסקי פּראַזדניק! — מאַכט דער קוטשער און גיט א פּייף, און די פערד, וואָס האָבן גערעכנט זיך אָפּצושטעלן ביי דער אידישער קרעטשמע, פליען ווייטער, ווי פייל פון בויגן גליטשט זיך דער שליטן איבער'ן פריש־געפאַלענעם שניי...

דער גענעראַל, אַן אַטסטאַוונאַי, מיט די עפּאָלעטן אין דער לענג, פון די קאַנטאָניסטן, האָט אויך באַמערקט. דאָס איינאיינ־ציגע פלעמל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון דער פאַרפרוירענער שויב דורך דאָס לענגעכיג־קיילעכדיגע לעכל, וואָס עס האָט זיך אליין אויפגעטועט.

„וואָס פאַר א יום־טוב איז עס?" — טראַכט ער.

ער וויל זיך דערמאָנען נעמען פון אידישע ימים־טובים.

„פּורים", — דערמאָנט ער זיך גראַד.

וואָס איז אַזוינס פּורים? ער דערמאָנט זיך זאַפערן... א ריח פון זאַפערן... ביים טיש זיצט א פרעמדער איד מיט א ברודיג־רויטער פּאַטשיילע אין האַנט, אין דער פּאַטשיילע איז דאָ קופּערן און זילבערן געלט... ער וויל נאָך... ער דערציילט עפּעס א מעשה... קראַנקע קינדער... קימפּעטאָרין... צו אַן עגונה...

מער געדענקט ער נישט...

ער האָט געהערט פון פּורים־שפּילער, נאָר געזען האָט ער זיי נישט. ער פלעגט איינשלאָפן, איידער די פּורים־שפּילער זיינען געקומען צו זיי... אין עק שטאָט האָבן זיי געוואוינט... אפשר האָט ער אַמאָל געזען און פאַרגעסן... צו־מאָרגנס פלעגט מען אַרויסגיין אויף שטאָלצן אין גאַס; ער האָט מורא געהאַט צו קוקן... מען קאָן אַראָפּפאַלן. עס פלעגט אים קאַלט ווערן אַרום

הארץ און דעם קאָפּ פאַרדרייען...

דעם איד מיט דער פּאַטשיילע געדענקט ער... אַ שוואַרצער איד... אַ פּאַנפּאַטער, ער פלעגט ריידן און שפּריצן מיט טאַבאַק פון דער נאָז...

— פּי !

און דערנאָך וואָס גייט ?

דאַכט זיך אים פּסח...

וואָס איז פּסח ?... עט... אין דער „הייליגער געשיכטע" שטייט... מצרים... ירדן... ווייסט ער ? !

ער געדענקט די מוטער, ווי זי פּוצט און רייבט די קליאַמקע פון טיר... דיקע טראָפּן שווייס רינען איר פון פּנים...

דערנאָך : מצות.

עס ווערט אים וואַרים אַרום אַלטן האַרץ :

„צי באַנוצן זיי דערצו בלוט, צי ניין ?"

ער האָט קיינמאָל אין דער היים פון בלוט נישט געהערט... ד אָ ר ט זאָגט מען אָבער אויף זיכער... אין אָנהויב האָט ער זיך געשפּאַרט... אַצונד ווייסט ער שוין אַליין נישט... אַ קשיא אויף אַזוינע לייט !

נאָר שיין גלאָז איז געווען ביים טיש... איין בעכער אין עק טיש, אַ גרויסער, מיט רויטע בילדער...

עפּעס אויף אַ גאַסט האָט מען געוואַרט.

צי איז ער געקומען ?—ער געדענקט שוין נישט.

---

דערנאָך גייט אַ „גרינער"יום־טוב... „זיעלאָני פּראַזדניק"... ווי אַזוי זיי רופן עס, ווייסט ער נישט... עפּעס פּוטער־געבעקס, קאַווע... די ראָזשינקעס, וואָס ער פלעגט אַרויסנאַשן, געדענקט ער...

עפּעס אַ קורצער יום־טוב...

ער געדענקט נאָר, אַז דעם יום־טוב פלעגט דער פאָטער שלאָפן שפּעט אין טאָג אַריין... פאַרוואָס ? ווייסט ער שוין נישט...

דערנאָך גייען „קוטשקי"—

דאָס אַלטע מויל פאַרקרימט זיך אים מיט אַ חוזק־שמייכל.

„א אידישע דאטשע אויפ'ן הויף... ביי די... ביי די... פוי!"

ער געדענקט נאך, עפעס א פרוכט פלעגט מען האלטן, א ציטרין, צי אן עפל... א בעזעמל אין דער האנט... און דערנאך האט מען די שמעקנדער געשמיסן...

ריינע געצנדינער...

אהא! דערנאך פענער...

ער פאלט אריין אין אנדערע געדאנקען... זיין ערשטער טריט ארויף אויף דער לייטער איז געווען א פאן... סעוואסטאפאל! ער גיט נישט די פאן... א פוס בריט — ער האלט! א האנט הויבט אן ברענען, ער כאפט די פאן אין דער לינקער האנט אריין... ער פאלט אויף דער פאן... דריקט זי צו מיט'ן בויך, מען קאן זי נישט פארנעמען, ער באקומט א שטאך... פאלט ערגעץ אין שאול תחתיה... און — כאפט זיך אויף אין שפיטאל...

דעם ערשטן קרייץ באקומען!

— זשידי פראקלאטיע! — וועקט אים דעם קוטשער'ס רופן...

מען פארט שוין לאנגזאם דורך א לאנגער גאס אין א שטעטל...

אין ביידע זייטן פענצטער קוקן ארויס פלעמלעך... זיי ציטערן ווי פאר שרעק און קוקן ארויס...

פון א הייזל גייט עמיץ ארויס און זינגט זיך איבער:

— הנרות הללו...

— שטא אן סקאזאל, איוואן? — פרעגט דער גענעראל.

— א טשארט יעווא, זשידא פארכאטאווא, זנאיעט, וואשע פרעוואסכאדיטעלסטווא!

דעם גענעראל'ס אויער האט דאך געכאפט:

„הנרות הללו"...

יא, אזוי מוז ער הייסן דער יום־טוב — „הנרות הללו"...

דער וועג ווערט צוריק גלאט... די פערד רייסן זיך ווי טייוולאנים, דער גענעראל פארטראכט זיך גאר אן געדאנקען.

---

# דאָס חנוכה-ליכטל

עס פאַלט־צו די נאַכט, די פינצטערע נאַכט!
און שאָטן באַדעקן די ווענט...
נאָר אומעטיג ווילד, פאַרציטערט און זאַכט
אַ ליכטל אין פענצטערל ברענט!

און עס פאַרציילט מיר דאָס טרויערי׳גע מער:
אַמאָל איז געוועזן אַ שווערד...
אַ שווערד, און אַ שאַרפע... היינט גלאַנצט זי נישט מער...
היינט ליגט זי צעבראָכן אויף דר׳ערד!

פאַרראָסט איז די שווערד, און טויט איז די האַנט,
וואָס פלעגט אַמאָל מיט איר צו פעכטן!
עס בלייכן די העלדישע ביינער אין זאַנד...
ס׳איז, דאַכט זיך, געוועזן ערשט נעכטן?

און דאָך ווי פיל הונדערטער, טויזנטער יאָר
פעלן די האַנט און די שווערד...
טייל דריקן די אַקסל און פרעגן: איז וואָר
דער נס, וואָס מיר האָבן געהערט?

— — — — — — — — — — — — — — — —

# לכבוד חנוכה

און איך האָב ווייטער געבלאָנדזשעט — אין חלום...
וואכנדיג, אז אַ מענטש בלאָנדזשעט, איז נישט קיין געפאַר! מלאָכים בלאָנדזשען; מיר זעען בחוש, ווי שטערן אין הימל כאַפּן זיך אַראָפּ פון וועג און ווערן פארפאַלן... און לאַנג בלאָנ־דזשען קאָן מען נישט... מען לייגט צו אַ פויסט צו די אויגן, דערזעט מען אַ היימישן שטערן, אַ שפּיץ־דאַך פון אַ פּאַלאַץ, פון אַ קלויסטער, פון וואָס עס איז—ווייסט מען, וואו מען געפינט זיך! אַ'ניט, וואַרפט מען זיך אויף דער ערד, מען לייגט צו דאָס אויער צו דער ערד, הערט מען פון ערגעץ־וואו עפּעס אַ קול, גייט מען נאָך אַ קול צי אַ בת־קול. אין ערגסטן פאַל בילט אַ הונט ערגעץ פון אַ דאָרף, גייט מען נאָך דעם הונט... און אז דאָס אַלץ העלפט נישט, איז אויך נאָך וויט צו סכנת נפשות: די וועלט איז נישט הפקר; פאַראַן אַן אויג, וואָס זעט, אַן אויער, וואָס הערט, און די שאָף זיינען געציילטע שאָף! און עס שטרעקט זיך אויס אַ האַנט, כאַפּט אַן ביי דעם „פּאָדקאָלנער" און פירט צוריק אין סאַמע־ראָדנע־מיט סטאַדע אריין, און עס ווערט צוריק זיבער, וואַרים און היימלעך, און עס גייט צוריק דער אַלטער קדמונים־גאַנג — קאָפּ־צו־ווידל, קאָפּ־צו־ווידל!...

אָבער אז מען בלאָנדזשעט אין חלום? קיין אויג, קיין אויער און קיין האַנט... קיין שפּאַן הימל איבער'ן קאָפּ, קיין שאָל ערד אונטער די פיס... און אין איין סעקונדע קאָן מען אין גרויען „גאָרנישט מיט גאָרנישט" אָפּבלאָנדזשען אַ וועלט, אַן „אייביג"!

און, וואָס ערגער איז, נאָך אזא חלום, כאַפּט מען זיך אַמאָל נישט אינגאַנצן אויף... מען האָט אָפּענע אויגן, מען גייט אין

סאמעראָדנע מיט סטאדע, און די נשמה איז נאָך נישט צו זיך געקומען, און זי חלומ'ט, און בלאָנדזשעט ווייטער. און מען כאפט אָן אַן עק פון אַן אומריינעם שעפס, און מען מיינט, גאָט ווייסט וואָס עס איז, און מען לייגט צו צום מויל... משוגע צו ווערן!

און איך האָב געבלאָנדזשעט אין חלום! א מערכה גאָר, וואָס נישט אליין... א גרויער חלום, א וויסטער חלום, גאָר נישט איינגאנצן. איך האָב בליצן, לייכטער, שטורקאצן און אילומינאַציעם געזען...

איך וועל אייך דערציילן כסדר:

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי ווי איך בין ארייגעפאלן אין גרויען „גאָרנישט מיט גאָרנישט", בין איך בייז געוואָרן, און טאקע אויף מיר אליין! און אויף מיר אליין אַז איך ווער בייז, זידל איך מיך הויך, טאקע בקול רם,, ווייל פאַר מיר אליין האָב איך קיין מורא נישט!

— שלים־שלימזל! — זידל איך מיך — ווי בלאָנדזשעט עס א מענטש?

— א מענטש — זאָג איך ווייטער — האָט צוויי זיכערע פונקטן: א מענטש ווייסט, פון וואַנען ער קומט און — וואו אהין ער מוז קומען... אַז מען האָט צוויי פונקטן, דאַרף לייכט זיין צו געפינען דעם אמת'ן דרך הישר — דעם קירצסטן וועג צווישן ביידע פונקטן! א הונט, וואָס לויפט צו א ביין, טרעפט אויך דעם גלייכן וועג!

און ווי איך זידל מיך אזוי, דערפיל איך פלוצלונג א ריח פון אלטע ציבעלעס, און עמיצנס א האַנט לייגט זיך מיר אויף די אקסל, און א פריש־קלינגענדיגע שטימע פרעגט מיך:

— וואָס שרייסטו?

עס באווייזן זיך מיר צוויי גלאַנצענדיגע אויגן אין דעם גרויען „גאָרנישט־מיט־גאָרנישט", איך דערשרעק מיך א ביסל און ענטפער מיט א שאלה אויף א שאלה:

— ווער ביזטו?

— הערינג טראָג איך!—ענטפערט מיר די שטימע.

— און בלאָנדזשעסט ?

— ניין... איך גיי נאָך די הערינג...

— וואָס גראָד הערינג ?

— גראָד... היינט הערינג, מאָרגן אייער, האָזענע פּעלכלעך... וואָס עס מאַכט זיך.

— און וואוינען וואוינסטו ?

— אין ערגיץ ! — ענטפערט ער. — נאָר גאָר אינגאַנצן פרעמד בין איך אין ערגעץ נישט...

— און אצונד גייסטו ?

— וואו עס וועט זיך לאָזן...

פּלוצלונג שלאָגט מיר אין די אויגן אריין א שימער פון א ווייסער באָרד.

— וואָס זענט איר ? — פרעג איך דערשראָקן, — אלט, צי יונג ?

— עלטער פאַר אלע און אינגער פאַר אלע, — ענטפערט ער. — איך ווער אלעמאָל ווי נייגעבוירן...

שטארק געוואונדערט אין חלום האָב איך מיך נ י ש ט. נאָר פּלוצלונג באַקום איך א ווילדן חשק צו גיין צוזאמען מיט דעם, וואָס ווערט אלע מאָל נייגעבוירן...

— נעמט מיך מיט ! — בעט איך.

— מהיכא תיתא, — זאָגט ער.

און מיר גייען... מיך פירט דער גלאַנץ פון זיינע אויגן, דער שימער פון דער ווייסער באָרד... אַ־ניט, הער איך זיין קלינגענדיגע שטימע ; אַ־ניט, פירט מיך דער ריח פון די אלטע הערינג... אבי נישט געבלאָנדזשעט אליין !

— די פיס ברעכן גייענדיג, — קלאָג איך מיך נאָך א ווײַלע.

— שטיין בלייבן טאָר מען נישט, — ענטפערט ער א ביסל שטרענג, — מען ווערט פארשטאַרט און געפרוירן...

— עס איז אזוי גרוי, אָן הימל, אָן שטערן, אָן א שטראַל ליכט...

— ליכט, — ענטפערט ער איראָניש, דאכט זיך, — ליכט וועט זיין... נישט פון דער ה ו י ך ... פון דער זייט וועט זיין

ליכט... און וואָס פינצטערער עס איז אַ נאַכט אָן הימל, גלאַנ־צענדיגער און העלער לייכט דאָס אַלץ, וואָס מען צינדט־אונטער אין דער נידער — —

— וואָס איז דאָס פאַר אַ בריה ?—טראַכט איך—אַ מענטש טראָגט הערינג, רעדט חכמות, גאַנצע שטיקער פילאָזאָפיע !

נאָר צייט צו פרעגן האָב איך נישט.

פלוצלונג הויבט מיר אָן עפּעס רויטלעך צו שווינדלען פאַר די אויגן.

— עפּעס רויטלט זיך, — זאָג איך.

— אַן אָפּגלאַנץ פון עפּעס ! — ענטפערט ער.

און אַ רויטלעכער נעפּל וויגט זיך און טראָגט זיך אַלץ נעענ־טער און נעענטער, און אַ ריח טראָגט זיך מיט'ן נעפּל.

— וואָס שמעקט אזוי ? — פרעג איך.

— פרישע רויזן, — ענטפערט ער, — איך האַנדל אמאָל מיט רויזן אויך... מיר דאַכט, — זאָגט ער, — ווייסע רויזן !

און אַ ווייסער רויזנקראַנץ באַווייזט זיך אין רויטלעכן נעפּל... און אַ פּרויען־געשטאַלט — אונטער'ן קראַנץ... און אַ לייב פון אַן אַלאַבאַסטער־האַלז מיט פאַליעם רויט־פלאַמענדיגע האָר באַ־דעקט, פון זיי שלאָגט זיך עס אָפּ דער רויטלעכער נעפּל... און צוויי אויגן — צוויי ברענענדיגע שטערן — לייכטן אין נעפּל, פאַרקוקט פאַר זיך... ווייט אין דער וועלט אריין ! און פעסט און קעניגלעך שטאָלץ איז איר גאַנג אין גרויען „גאַרנישט מיט גאָרנישט", דאָס קליין־קרעטענע מויל איז קוים־קוים שמייכלדיג אָפן, און אַ בעכער שוימענדיגער ווין איז די אויסגעשטרעקטע האַנט פון עלפּענביין !

זי גייט פאַרביי, און ביי מיר צאַפּלט דאָס האַרץ און רייסט זיך, ווי אַ פאַרוואונדעטער פויגל פון אַן ענגער שטייג אַרויס, און ערשט, ווען זי איז פאַרשוואונדן, פרעג איך אָן אָטעם :

— ווער איז זי ?

— ווער ווייסט ? חוה פון גן־עדן, ושתי פון דער מגלה... גריכנלאַנד'ס שיינע העלענאַ... און אפשר אַ „דיוואַ" פון אַ קאַפע־שאַנטאַן —

— דאָס האָסטו אויך געזען?

ער מאַכט זיך נישט הערנדיג —

— נאָר איר וועג — זאָגט ער — ווייסט זי!...

און אַ גערויש קומט מיר אין אויער אַריין...

אַ פערד'ס גאַלאָפּ שלאָגט זיך דומפּיג אָפּ פון דער האַרטער ערד, אויבוואָל מיר האָבן זי נישט אונטער די פיס.

צווישן בליצן באַווייזט זיך אַ רייטער, — מיט'ן פערד צוזאַמען אין שטאָל און אייזן געשמידט! עס בלאַנקט דאָס אייזן, עס שימערן ביידע מיילער מיט פערל־וואַסער־שוים באַדעקט... און אויף דער נאַקעט אויסגעצויגענער שווערד טאַנצט דער בליץ... דעם בליץ גייט ער עס נאָך!

און אויפ'ן הויכן שטערן איז צוגעקלעפּט אַ טראָפּן בלוט... איבער'ן רויטן פלעק אַ גאָלדענע קרוין; דעם פלעק פאַרדעקט זי נישט... איבער דער קרוין הויבט זיך און קרייזלט זיך אַ שוואַרץ־גלאַנצענדיגע קראָ, — אירע אויגן ברענען, און די לופט קרעכצט אונטער אירע גלאַנצענדיגע פליגל...

זי פליט נאָך דעם רייטער, ער — דעם שפּיץ פון זיין שווערד!..

— ווער איז עס? — פרעג איך.

— איך ווייס? קין, נבוכדנצר — — ווער דו ווילסט, נאָר ווי אַזוינס גלאַנצט און לויכט אין דער פינצטערער נאַכט...

און צוריק „גאָרנישט מיט גאָרנישט”! און מיר בלאָנדזשען טעג און וואָכן, אפשר חדשים, און פאַלן פלוצלונג אַריין אין אַ ים פון ליכט!

מיר זיינען אין אַ טאָל צווישן בערג, פון טאָל וואַקסט אַרויס אַ שטאָט...

און אַלץ לויכט און ברענט!

אַרום, אויף די רוקנס פון די בערג, זיינען קליינע ליכטלעך פאַרזייט... די קליינע פלעמלעך לעקן ציטערדיג די קאַלטע גרעזלעך אויף דער ערד, און קליינע רויכלעך ציטערן אַרום די קליינע ליכטלעך, און עס הויבט זיך אַלץ העכער און העכער... גלייך נשמה'לעך קריכן אין שאָטן, קריכן זיי נאָך...

אונטן ביים זוים ברענען פעסער סמאָלע...

— קדוש החודש? — פרעג איך.

— אילומינאציע! — ענטפערט ער. — זע! — און דרייט מיך איבער צו דער שטאָט.

הייזער און פּאַלאַצן! . און אַלץ „באָדט זיך אין ליכט"... קליינע פלעמלעך בלאַנדזשען, קריכנדיג אויף די גלייכע ווענט, קליינע רויכלעך יאָגן זיי נאָך... אויף באַלקאָנען פלאַמען ליכט און אויגן צוזאַמען... פון מיטן שטאָט פליען ארויף פייערדיגע שלאַנגען, און פּלאַצן אין דער הויך מיט גערויש, און צעשפּריצן זיך אויף טויזנטער שטערן, און נייע שלאַנגען פליען...

און די שטערן אין הימל ווערן בלאַס פון שרעק, די לבנה — גרין און געל פאַר קנאה...

— וואָס פאַר אַן אילומינאַציע?

— אַמאָל איז געווען אַ פאַסטוך, האָט ער געפּאַשעט גענז... די גענז האָבן געראַטעוועט רוים... היינט איז זיין יאָרצייט...

אַזוי האָט ער מיר פאַרטייטשט.

און צוריק אריין אין גרויען „נישט" אריין, און ווייטער געבלאַנדזשעט אַ צייט, ביז מיר זיינען ווייטער אריינגעפאַלן אין ליכט...

עס שימערט אַ בלאַנקער, פלאַכער שפּיגל, עס ציט זיך אַ לאַנגער טייך...

אַ דיקע נעפּל־זייל שטייט אין מיטן טייך, און הויבט זיך ביז'ן הימל אריין, און האַלט אים אונטער...

פון נעפּל קוקן ליכטלעך, ווי גלי־ווערים, ארוים...

— דאָס זיינען ארוים שיפלעך, — פאַרטייטשט מיר מיין הערינג־מאַן. — זיי וואָלטן ווייט ווייט אַוועק, נאָר דער נעפּל האָט זיי פאַרשלאָסן אין זיך!

נאָר ארום נעפּל פליען פרייע שיפלעך („שפּאַציר־שיפלעך" — זאָגט ער) מיט פאַרביגע לאַמטערן אין בלומען־קרענץ פאַרצירט... מענער און ווייבער פאָרן שפּאַצירן... און געזאַנג הערט זיך, אַ ביסל אויסגעלאָסן טרויעריג, אַ ביסל הייזעריג און פאַר'שכור'ט...

ביים ברעג צו דער שטאָט צו, צו דער שטאָט אויפ'ן באַרג, — שטייט אויפגעשטעלט אַ לאַנגע רייע לאַמטערן; זיי שלאָגן זיך

אַפּ אין שוואַרצלעכן וואַסער ביים ברעג, ווי ליכטיגע, פּלינקע זיילן, אויף וועלכע דער ברעג, דאַכט זיך, שטייט...

און אויפ׳ן רוקן פון באַרג יאָגן זיך ליכטלעך און לעמפּלעך, ווי נשמה׳לעך, איינגעהילטע אין רויכיגע שאָטן. זיי הויבן זיך און יאָגן זיך אין שטאָט אריין, און ווערן פאַרלוירן אין לוסטיג־לייכטענדיגע גאַסן מיט ברענענדיגע פענצטער, גאָלדענע, פלאַמענדיגע שפּיצן פון דעכער — —

— אַ פלאַמענדיגער ברוך הבא! — זאָגט ער.

— וועמען?

— אַן אייניקל...

— וועמענס?

— דעם זיידנ׳ס! דעם זיידנ׳ס, וואָס איז אַמאָל אַהער געקומען אַלס פּיינט, און פון שטאָט אַ חורבן געמאַכט...

דעמאָלט איז אַן אילומינאַציע געווען! הייזער האָבן ווי לאַמטערן געברענט... טייכן ווארים בלוט האָבן זיך געדרייכערט אין די גאַסן, און פלאַקערדיגע שטראָמען פון בוימל און וויין זיינען איבער די טייכן געשוואומען...

היינט קומט ער מיט זיין גנאָד... און דאָס איז זיין „ברוך הבא!״ —

אַלע ליכט, אַלע פלאַמען, אַלע אילומינאַציעס און ברוך הבא׳ס, וואָס איך האָב אין חלום געזען, און וואָס מיין הערינג־הענדלער האָט מיר פאַרטייטשט, בין איך אייך ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן.

עס האָט מיר אָנגעהויבן אין די אויגן צו ברענען, אין דער נשמה!

און צום סוף גאָר, גאָר צום סוף ערשט האָט זיך מיר געוויזן, ווי יאָסל קרעמער בענשט חנוכה־ליכט...

דורך אַ קליין שייבל ציטערט אַ קליין וואַקסן ליכטל...

— פּאַמעלעך, — זאָגט ער, — פּאַמעלעך... היינט איינס, מאָרגן צוויי, איבערמאָרגן דריי... און אַזוי ווייטער... ביז גאַנצע אַכט! —

די חשמונאים׳ס אילומינאציע!

ער איז מיר פארשוואונדן געוואָרן, און איך האָב זיך אויפ־געכאפט.

---

# נס חנוכה

.1

איך האָב שוין געהאַלטן דעם פּאַלטאָ אין דער האַנט, און האָב מיך דאָך אָפּגעשטעלט:

— גיין — אָדער נישט גיין אויף דער לעקציע?

אַ, עס איז אַזוי אומאַנגענעם! אַזאַ שלעכט, אַזאַ פויל וועטער... אַ האַלבע מייל וועגס... און וואָס? נאָכאַמאָל „פּקד, פּקדתי", נאָך אַמאָל דער „אַלטער באַלעבאָס", וואָס האָט אָן דקדוק אָפּגעלעבט עטלעכע זעכציג יאָר, צען מאָל געווען אין „לייפּסק", אַ פּאָר מאָל אין „דאַנציג", שיר נישט אָנגעשלאָגן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל... און קאָן אַלץ נישט פאַרשטיין, אויף וואָס מען גיט דאָ אוים געלט... אַ טייערע מציאה — דקדוק!

ווייטער, דער „יונגער באַלעבאָס", וואָס ווייסט, אַז פּראַקטישער וואָלט געווען צו טראָגן פּאות מיט אַ שטריימל, אַ קאַפּטאַן מיט סטראָקעס, צו פאָרן צו אַ גוטן איד, און נ י ש ט צו וויסן פון דקדוק. ער איז, נעבעך, אַ כשר קרבן... אַלס סוחר מוז ער, נעבעך, קומען צווישן מענטשן, טראָגן אַ הוט מיט אַ געפּרעסט העמד, דערלויבן, דאָס ווייב זאָל גיין אין טעאַטער, די טאָכטער זאָל לעזן ביכער, און מוז האַלטן נאָך צום אינגל אַ לערער אויף „דקדוק"...

— איז דען דער טאַטע נישט גערעכט? — מאַכט ער — נאָר די וועלט וויל אַזוי!

— און דער וועלט קאָן ער קיינמאָל גאָרנישט אָפּזאָגן!

— טוט מיר כאַטש צוליב, — בעט ער זיך ביי מיר, — און מאַכט מיר אים נישט קאַליע.

— איך צאָל אייך — זאָגט ער — אַזוי פיל געלט פאַר אַ הויל ביסל דקדוק; זאָל ער נ י ש ט וויסן, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון!

און איך האָב צוגעזאָגט, אַז ער וועט עס פון מיר נישט וויסן, ווייל... ווייל איך האָב אינגאַנצן איין לעקציע געהאַט, און... אַ קראַנקע מאַמע אין שטוב!...

— גיין — אָדער נישט גיין?

ביי דער לעקציע היט מיך דאָס גאַנצע הויז־געזינד.

צי ז י אויך?

זי זיצט פון דער ווייטנס, שטענדיג פאַרלעזן, פאַרטיפט... טייל מאָל הויבט זי אויף די לאַנגע, זיידענע ברעמען, דעמאָלט ווערט אַ ביסל ליכטיג אין שטוב...

דאָס געשעעט דאָך אַזוי זעלטן, אַזוי זעלטן...

און וואָס וועט זיין דערפון? גאָרנישט, אויסער האַרץ־ווייטאָג! —

— הערסט? — וועקט מיך אויף דער מאַמע'ס שוואַכע שטימע פון בעט — דער פעלדשער זאָגט, אַז ווען איך זאָל האָבן אַ פּאָר וואַרימע, וואָלענע זאָקן, וואָלט איך געמעגט אַראָפּקריכן פון בעט.

— מוז מען גיין אויף דער לעקציע!

---

.2

אויסער דער באַלעבאָסטע, וואָס האָט זיך, ווי איר שטייגער איז, אַרויסגעכאַפּט, דער שווער זאָל נישט וויסן, אין טעאַטער אַריין, האָב איך געטראָפן דאָס גאַנצע הויז־געזינד אַרום זידנדיגן טאָמבאַקענעם סאַמאָוואַר.

אויף מיין „גוטן־אָוונט" האָט דער אינגערער באַלעבאָס גע־ענטפערט מיט אַ שוואַכן „גוט־יאָר", און נישט אויפגעהערט צו

דרייען אין דער האַנט די טאַליע קאָרטן, וואָס ער האָט געהאַלטן, געוויס — וואַרטנדיג אויף געסט.

אונטער אַ שפּיציגער יאַרמולקע, איינגעהילט אין אַ ברייטן טערקישן שלאָפראָק, ליגט נישט דעם אַלטן באַלעבאָס אַרויסצו־נעמען די לאַנגע אַנטיפּקע, מיט'ן בורשטינענעם שפּיץ, פון מויל, אָדער אויפצוהייבן די אויגן פון אַלטן ליסער סדור. ער שאָקלט מיר קוים צו מיט'ן קאָפּ און פאַרטיפט זיך ווייטער אינ'ם פּירוש צום זמר לחנוכה.

ז י איז אויך פאַרטיפט, נאָר, ווי געוויינלעך — אין איר ראָמאַן.

אויף מיין תלמיד האָט דאָך מיין אַריינקומען אַן אומאַנ־גענעמען איינדרוק געמאַכט.

— וואָס? — שפּרינגט ער אָפּ פון טיש און וואַרפט טראַציג אַרונטער דאָס שוואַרץ־געלאַקטע קעפּל — היינט אויך לערנען?

— פאַרוואָס נישט? — שמייכלט דער פּאָטער.

— עס איז דאָך חנוכה! — טופעט דער קליינער מיט'ן פוס, און ווייזט מיט'ן פינגער אויפ'ן ערשטן ליכטל מיט'ן שמש, וואָס האָבן געברענט אונטער דער פאָרהאַנג אויפ'ן פענצטער, צוגע־קלעפּט צו אַ שייטל האָלץ.

— גאַנץ גערעכט! — בורטשעט אַריין דער אַלטער.

— נו, נו, מוחל! — מאַכט גלייכגילטיג דער יונגער באַלעבאָס.

עס דאַכט זיך מיר, אַז ז י איז בלאַסער געוואָרן, אַז ז י האָט טיף אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צום בוך.

איך זאָג „אַ גוטע נאַכט", נאָר דער יונגער באַלעבאָס לאָזט מיך נישט אַוועקגיין:

— איר מוזט שוין בלייבן אויף טיי!

— און אויף „שקצים'לעך מיט מאָן" — האָט פריילעך אויסגעשריען מיין תלמיד. ער וואָלט מיט מיר גוט געלעבט, ווען נישט דער „פּקד פּקדתי".

איך וויל אָפּזאָגן, נאָר דער לאָבוז כאַפּט מיך אָן ביי דער האַנט, רוקט מיר צו, מיט אַ שעלמישן שמייכל אויפ'ן רירעוודיגן פּנים, אַ שטול, גענגאיבער דער שוועסטער.

האָט ער עפּעס באַמערקט?

נאַטירלעך האָט ער געקאָנט עפּעס באַמערקן נאָר פון מיין זייט... זי איז שטענדיג פאַרטיפט און פאַרלעזן... זי האַלט מיך נעווים פאַר א בטלן... אפשר נאָך פאַר עפּעס ערגערס... זי ווייסט דאָך נישט, אַז איך האָב אַ קראַנקע מאַמע אין דער היים!

— עס מוז שוין זיין אָנגעצויגן! — רופט זיך אָן אומגעדולדיג דער יונגער באַלעבאָס. —

---

.3

— באַלד, באַלד, טאַטעשי! — ענטפערט זי האסטיג, און איר בלאַס פּנים רויטלט זיך.

דער יונגער באַלעבאָס פאַרטראַכט זיך ווייטער; מיין תלמיד לאָזט איבער'ן טיש א דריידל, דער אַלטער ליינט אַוועק דעם סדור און גרייט זיך צו צום טיי.

אומגערנווילינ האָב איך מיך פאַרקוקט אויף די חנוכה־ליכט, וואָס ברענען מיר געגנאיבער אויפ'ן פענצטער. זיי ברענען אַזוי טרויעריג, אַזוי נידערגעשלאָגן און פאַרשעמט פאַר'ן פאַרזילבערטן בליץ־לאָמפּ, וואָס הענגט איבער'ן עס־טיש און באַלויכט אַזוי העל דעם פיין־געדעקטן טיש... עס ווערט מיר נאָך אומעטיגער, און איך באַמערק נישט, אַז זי דערלאַנגט מיר א גלאָז טיי.

— מיט ציטרין? — וועקט מיך איר טרויעריגע שטימע.

— אפשר מיט מילך? — פרעגט דער פאָטער.

— ניין, ניין, די מילך איז אָנגעברענט! — וואָרנט מיך דער תלמיד.

— אומדערטרעגלעך! — רייסט זיך איר פון מויל ארויס.

---

.4

עס איז ווייטער שטיל. מען הערט נאָר דעם זייגער אויף דער וואַנט, דאָס זופּן פון די גלעזער און דאָס קלינגען מיט די לעפעלעך.

— פלוצלונג פאַלט איין מיין תּלמיד צו פרעגן:

— לערער, וואָס איז אַזוינס חנוכּה?

— וועסט פרעגן מאָרגן דעם רבּי'ן אין חדר, — מאַכט אומגעדולדיג דער אַלטער.

— ע! — מאַכט מיין שילער טראַציג, — דער לערער ווייסט וואויל בעסער פאַר'ן רבּי'ן.

דער אַלטער וואַרפט אַ בייזן בליק אויפ'ן זון; דאָס האָט געהייסן: „זעסט?!"

— איך וויל אויך וויסן, וואָס חנוכּה איז! — האָט זי זיך אָנגערופן שטיל.

— נו, אדרבה! — מאַכט דער יונגער באַלעבאָס, — לאָמיך זען, וואָס ביי אייך איז חנוכּה!

---

.5

— עס איז געווען אין דער צייט — האָב איך אָנגעהויבן — ווען די גריכן האָבן אונז אונטערדריקט אין ארץ־ישראל.

די גריכן... נאָר דער אַלטער האָט מיר איבער מיט אַ זויערער מינע:

— אין שמונה עשׂרה שטייט „מלכות יון... הרשעה"!"

— עס איז אַלץ איינס, מן הסתם, — באַמערקט דער יונגער באַלעבאָס, — וואָס ביי אונז איז יון — איז ביי זיי אוודאי גריכן!

— די גריכן — האָב איך נאָך אַמאָל אָנגעהויבן — האָבן אונז שרעקלעך אונטערדריקט! עס איז געווען די ערגסטע צייט פאַר אידן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק וועט שוין אונטערגיין און פאַרלוירן ווערן... נאָך עטלעכע אומגליקלעכע

מרידות איז אונזער גאנצע קראפט צעשלאָגן געוואָרן... דער לעצטער פונק פון האָפנונג האָט זיך אויסגעלאָשן... מען האָט אונז אין אונזער איינענעם לאַנד ווי ווערים מיט די פיס געטרעטן...

דער יונגער באַלעבאָס האָט שוין לאַנג נישט געהערט; ער האָט איבערגעבויגן דאָס אויער צו דער טיר, צי וועט נישט עמיץ קלינגען פון זיינע געסט... נאָר דער אַלטער לאָזט פון מיר קיין אויג נישט אראָפ. און אז איך האָב נאָך אַמאָל באַנוצט דאָס וואָרט „אונטערדריקט", האָט ער זיך נישט איינגעהאַלטן און געזאָגט:

— אַ מענטש רעדט ריינע דבורים... אונטערדריקט—שמיקט... וואָס טויג מיר דאָרט... מען האָט אונז פשוט ניט געלאָזט קיין שבת האַלטן, קיין יום־טוב מאַכן, קיין תורה לערנען און אפילו מילה פאַרווערט!

— שפּילט איר נישט פּרעפערענס? — האָט מיך ראַפּטום געפרעגט דער יונגער באַלעבאָס, — אפשר גאָר אין אָקע?

---

.6

עס איז וייטער שטיל געוואָרן, און איך האָב ווייטער פאַר־ציילט:

— די לאַגע איז מיט דעם נאָך ערגער געוואָרן, וואָס אונזער אדל און די רייכע לייט האָבן זיך אָנגעהויבן מיט זיין איינן פאָלק צו שעמען און אָנגעהויבן זיך פירן גריכיש... מען האָט אָנגע־הויבן צו באַזוכן גימנאַזיומס...

זי און דער זיידע קוקן מיך ביידע אָן פאַרוואונדערט!

— אין יענע גימנאַזיומס, — האָב איך ווייטער געצויגן, האָט מען נישט געלערנט ווי אין די היינטיגע... מען האָט נאָר גימנאַסטיק געמאַכט, און דווקא נאַקעט, און זכרים מיט נקבות צוזאַמען...

ביידע פאר אויגן האבן זיך צוריק אראפּגעלאזט, נאר פאר דאס האבן זיך דעם יונגן באלעבאס׳ס אויגן צעפלאמט :

— וואס רעדט איר ? !

איך ענטפער אים נישט און פארצייל ווייטער פון די טעא־טערן, וואו מענטשן האבן זיך געשלאגן מיט ווילדע חיות און אקסן, און פון אנדערע גריכישע מנהגים, וואס האבן געמוזט דעם אידישן לעבן זיין צו־ווידער.

— דאס אלץ איז פאר די גריכן נאך ווייניג געווען ; זיי האבן געוואלט, עס זאל פון אידישן לעבן קיין צייכן נישט בלייבן, און זיי האבן אויפגעשטעלט א מזבח מיט אן עבודה זרה אין מיטן גאס, און געהייסן צו איר מקריב זיין קרבנות.

— צא מא זנאטשי ? — האט זי איבערגעפרעגט.

איך האב איר פארטייטשט, און דער אלטער האט זיך צעהיצט און געענדיגט :

— און א חזיר ! דוקא א חזיר זאל מען מקריב זיין !

— און עס האט זיך געטראפן א איד — האב איך ווייטער אנגעהויבן — וואס איז צוגעגאנגען צום מזבח און האט געוואלט ברענגען א קרבן...

אין דער אייגענער רגע איז פון די בערג אראפּ דער אלטער מאקאבייער מיט זיינע פינף זין... איידער די גריכישע סאלדאטן זיינען צו זיך געקומען, האט זיך דער נידערטרעכטיגטער שוין געבאדן אין זיין אייגן בלוט, דער מזבח איז געווען צעשטויסן. אין איין סעקונדע האט די מרידה אויפגעפלאמט...

. . . און די מאקאבייער מיט א קליין ביסל גבורים האבן געזיגט איבער די הונדערט מאל שטארקערע גריכן...

. . . זיי האבן די גריכן פארטריבן פון לאנד, באפרייט דאס פאלק.

---

.7

— צום אנדענקען פון דעם זיג — האב איך געענדיגט מיין

דערציילונג — צינדן מיר עד היום אונזער אָרימע אילומינאַציע, אונזערע חנוכה־ליכט.

— וואָס? — איז אויפגעשפּרונגען דער אַלטער און האָט געציטערט פאַר צאָרן, — דאָס איז דאָס נס?

— אהער, שמערקע! — האָט ער אַ געשריי געטאָן צום אייניקל, וואָס האָט זיך פאַר שרעק נאָך ווייטער אָפּגערוקט.

דער אַלטער קלאַפּט אין טיש אַריין, אַז עס קלינגען די טעלער:

— דאָס נס איז געווען... אַז מ'האָט אַרויסגעטריבן די טמא'ע יוונים, איז נישט מער געבליבן ווי איין קריגל כשר'ער בוימל...

נאָר ער האָט זיך צעהוסט און נישט געקאָנט דעם אָטעם כאַפּן. דער יונגער באַלעבאָס איז צוגעלאָפן און האָט אים אַרויס־געפירט אין דער צווייטער שטוב אַריין.

---

## 8.

איך וויל אַרויס פון שטוב, נאָר זי פאַרהאַלט מיך:

— זי זענען געגן אַסימילאַציע? — האָט זי מיך געפרעגט.

— אַסימילירן — האָב איך איר געענטפערט — הייסט פאַר־צערן, אויפעסן און פאַרדייען. מיר אַסימילירן רינדפלייש, ברויט, און אונז ווילן אַנדערע אַסימילירן... אויפעסן ווי רינדפלייש און ברויט...

זי שווייגט אַ פּאָר סעקונדן און פרעגט דערנאָך דערשראָקן:

— װעלן דען אייביג, אייביג זיין קריג און שטרייט צווישן פעלקער?

— אָ, ניין, — האָב איך איר געענטפערט. — אין אַ געוויסן פונקט מוזן זיך אַלע פעלקער פאַראייניגן!

— און דער איז?

— די מענטשהייט!... זאָל יעדערער ביי זיך טאָן, וואָס מען דאַרף, וועלן זיך שוין אַלע צוזאַמענטרעפן.

זי האָט זיך פאַרטראַכט. איך וויל ווייטער ריידן, נאָר מיר

האקט איבער א קלאפ אין דער טיר.

— די מאמע גייט! — האט זי שטיל אויסגעשריען און אנטלויפט. אוועקגייענדיג דערלאנגט זי מיר דאס ערשטע מאל די האנט.

---

.9

דעם צווייטן טאג אינדערפרי, נאך ליגנדיג אין בעט, האב איך דערהאלטן א בריוו דורך א פאסלאניעץ.

דער קאנווערט האט א י ר פאטער'ס פירמע **Jakób Berenholc.** דאס הארץ קלאפט אין מיר ווי ביי א גזלן... אינעווייניג איז מער נישט געלעגן נאר 10 רובל פאר'ן חודש, וואס האט זיך נאך נישט געענדיגט.

אוים לעקציע!

---

# א יונגן שרייבערס חנוכה

.1

געגומען אין דער רעדאַקציע האַנט־געלט און צוגעזאָגט אַ זאַך אויף חנוכה; צום זיבעטן ליכטל. דער „דוכאָווגע" רעדאַקטאָר האָט ביי מיר גענומען תקיעת־כף. דעם צווייטן, דעם ליטעראַ־רישן, האָב איך מיין ערן־וואָרט, דעם „הן־צדק" פון אַ שרייבער געגעבן. עס זאָל ערנסט אויסזען, האָב איך דערביי מיט די אויגן געפינטלט, און דער קאַסירער האָט זיך באַלד גענומען צום אויס־ציילן. באַקומען האָב איך אַ סך; סאַמע קופּערן קליין־געלט.

און שרייבן מוז איך, כאָטש אַ דייטשער פּיסק, עליו השלום, האָט געזאָגט, אַז „קיין מענש מוס מיסען". עס איז פאַראַן אַ רעס־טאָראַטאָר, וואָס איז קיין אַרך אַפּים נישט און גיט קרעדיט העכסטנס אויף אַ חודש. מאַכט זיך אַ פּתיחה ביי די שטיוול אָדער ביי די הויזן, מוז מען צאָלן באַר געלט. און עס איז פאַראַן אַ באַלעבאָסטע, אַ דיקע, בייזע אידענע, וואָס, אַז מען צאָלט איר נישט צו דער צייט, הערט זי פריער אויף צו געבן טיי, דערנאָך, אויב עס העלפט נישט, נעמט זי דעם שליסל פון צימער צו, — כאָטש נעכטיג אויפ׳ן נאַסלעכן שניי אין גאַס. מאַריע, אמת, דאָס צעשויבערטע דינסט־מיידל, מיט די ברודיגע הענט ביז אין אָרעם און טיף־פאַר׳חלום׳טע אויגן ביז׳ן שאול תחתיה אריין, דער־לאַנגט מיר טיי בגנבה פון דער באַלעבאָסטע. זי האָט פאַר מיר גרוים ליבשאַפט מיט דרך־ארץ. זי זאָגט, אַז איך מוז זיין אַ שרייבער פון איר צד, וואָרום די שרייבער פון דער באַלעבאָסטע׳ס צד גייען היינט אין גאָלד. איינמאָל פאַרטאָג האָט זי זיך אריינ־

גע׳גנב׳עט צו מיר, און מיט טרערן אין די אויגן פארגעשלאגן א קליינע הלואה אויף דירה־געלט... נאר אזוי טיף געפאלן בין איך נישט. געריירט, האב איך זי געקושט. זי האט געציטערט אין מיינע ארעמס, נאר דאס געלט — איין גאט ווייסט, וואס פאר א נסיון עס איז געווען! — האב איך נישט גענומען. זי האט עס מיר אונטער׳ן קישן געלייגט, איך האב עס געפונען און צוריק־געגעבן. איך בין נישט אזא שמאטע, ווען מען זאגט... נאר ווי לאנג קאן א מענטש אויסהאלטן א נסיון?

מען מוז דעריבער וואָרט האלטן. מיט דער דיקער באלע־באסטע איז נישט צו שפאסן. נעכטן האט זי מיר ווייטער צוגע־נו׳מען דעם שליסל. „מוחל, זאגט זי, דאס שכירות, נאר היידא!" איך האב איר געזאגט, אז על פּי דין איז זי גערעכט, נאר אז היינט דארף זי טאן לפנים משורת הדין. זי דארף מיך לאזן בשלום חנוכה־ליכט בענטשן! זי איז באשטאנען. די הארטקייט איז אראפּ פון פנים, אין די אויגן האט זיך איר באוויזן א צערט־לעכקייט—

— נאט, נאר דאס לעצטע מאל! „א אידישע קישקע קאן מען פארט נישט אפּשאצן!" — האט זי צוגעגעבן און האט מיר אפילו דערלויבט צו נעמען פון קיך א שייטל האלץ, די ליכטלעך צוצוקלעפּן! זי האפט אויף א חלק פון שכר פאר די מצוה. דער־פאר האט מאריע אויף מיר א שלעכט אויג געוואָרפן: זי קלערט, אז איך בין פארט פון דער באלעבאסטע׳ס צד; א־ניט, וואלט איך אנדערע ימים טובים געהאט.

---

.2

ווי עס איז, איך בין אין שטוב.
שרייבן מוז מען, נאר צי קאן מען?
טינט פאראן, פאפּיר האב איך אין רעדאקציע באקומען, די פעדער אין האנט האלט איך, — נאר פון בייז זאל איך אזוי וויסן,

אויב איך ווייס, וואָס מען שרייבט.

פאַרגאַנגענעם פּורים האָט מען געכאַפּט אַ רויטלעכס אין רעדאַקציע, געטראָגן צו חברה, אין חברה'שן קאַסטן אַריין, און מען האָט געשריבן „עם כל הנערים"... היינט איז דער גאַנצער עולם צעלאָפן. דער זומער האָט זיי געבראָכט, דער פראָסט האָט זיי צעיאָגט...

קיין איינציגער חנוכה־געדאַנק! בכלל רירט זיך נישט אין מוח! דאָס האַרץ איז טרוקן און פאַרוויאַלעט, ווי אַן אָפּגעוואָרפענע צווייג, וואָס וואַלגערט זיך יאָרן־לאַנג אַרום אין וואַלד, און דער קאָפּ איז לער, ווי ווינטער־צייט אַ שוואַלבן־נעסט.

און יענע האָט מיך פאַרלאָזט... אויף אייביג. זי האָט באַמערקט, ווי איך נעם ביי איר מער, וויפיל איך גיב איר... און עס איז אמת געווען! איך וועל נאָך אַמאָל אַרומגיין, זוכן געדאַנקען, ווי אַ פאַרייזער בעטלער שטיקלעך פּאַפּיראָסן און ציגאַרן אין גאַס.

צי האָב איך אַמאָל אייגענע געדאַנקען, אַן אייגענע נשמה געהאַט? אפילו אַמאָל אין דער יוגנט, גאָר אין די טיפע קינדער־יאָרן...

די זיינען שוין אָבער לאַנג אַוועק. און די זכרונות זייערע שווימען וואָס אַמאָל פון מיר ווייטער און ווייטער. זיי ציען זיך, ווי די ליכטעע, פאַרגאָלדטע אָוונט־נעפּל קיין מזרח, בשעת ווען די מידע זון לאָזט זיך אַראָפּ קיין מערב. כאָטש איך בין קיין זון קיינמאָל נישט געווען... איך בין געווען אַ לבנה, נאָר אויך נישט ביי דער זון, — ביי גראָשענדיגע חלב'נע ליכטלעך האָב איך ליכט גענומען און פאַרצוקערט אויפ'ן ליטעראַרישן מאַרק... און דאָך אַרויסרופן חנוכה־בילדער, חנוכה־שטימונגען מוז איך. איך מוז מיך דערמאָנען, מיט געוואַלט צוריק אַרויסרופן די קינדער־יאָרן, די צייט, ווען אַלץ איז געווען האַרציג־ווייך... דופטיג, הויך... פון דער צייט פון שטערן, בלומען און — גאָט ווייסט וואָס! איך מיין: פון באַהאַלטענער, קוים געשפּירטער, קוים געפילטער ליבע...

— מאַריע!

זי קומט אריין האלב־דערשראָקן.

— האָסט נישט קיין וועקסענע ליכט?

— וואָס?

— מיט וואָס גייסטו אין קעלער אריין?

— מיט א „סטאָטשעק״.

— דאָס מיין איך. באָרג מיר דיין סטאָטשעק.

זי ברייגנט׳ן. איך שנייד אָפּ א שטיק, טייל עס אויף חנוכה־ליכט, צינד אָן, מאך א ברכה לבטלה, זי שטייט און קוקט מיט גרויס געעפנטע אויגן.

גיי זאָג איר, אז איך דארף ארויסרופן א חנוכה־שטימונג...

---

.3

עפּעס שווימט ארוים.

אלטע, אלטע צייטן.

אומשטיינס געזאָגט, ווי אלט איך בין איינגאנצן, און דאָך ליגט דאָס גוטע פון מיר אזוי ווייט, אזוי ווייט! — מאריע איז ארויס פון שטוב.

די ליכטלעך, צום שייטל האלז צוגעקלעפּט, ברענען אָרים און שעמעוודיג, און לויכטן, ווי יתומים־אויגעלעך ביים שטיפ־טאטנ׳ס טיש. דאָך טרעפן די דינע שטראלן צו מיר אין הארץ אריין. עס הויבט זיך דאָרט אויף א דינער, גאָלדענער שטויב. גאָלדן, לויכטן די זכרונות... א בילד:

איך דריי מיך ארום איינער אליין אין צימער. די חנוכה־ליכט האָבן נאָר וואָס אויסגעצאנקט, פון דער צווייטער שטוב פארטרייבט מען מיך: דאָרט שפּילט דער טאטע מיט געסט אין אָקע; די גרויסע שעמען זיך פאר מיר, אליין דערפון נישט וויסנדיג, און הייסן מיר בעסער גיין און אריינקוקן אין א ספר. אין דער ערשטער שטוב זיצט די מאמע מיט אירע ווייבערשע געסט, און מען בארעדט דאָס גאנצע שטעטל. מען שינדט די הויט פון שכנים

און שכנות קונציג: מיט רחמנות, מיט א געזיפצעריי... דערצו פֿאַס איך זיכער נישט. און אין אַלקער שפּילט די שוועסטער מיט אירע חבר'טאָרינס אין לאָטערעיקע. אהין ציט מיך אפילו, נאָר — איך וואָלט מער נישט געדאַרפט... און איך דריי מיך אַרום אײנער אַליין, טרויעריג, בייזלעך, און פול שרעק צום ספר, צו וועלכן אַלע אַרום שיקן מיך אָפּ...

גייענדיג אויף און אָפּ, פאַרהאַלט איך מיך יעדעס מאָל ביי דער אָפענער טיר פון אַלקער. און פונקט דעמאָלט הויבט זיך אויף א גאָלדן קעפּל און וואַרפט מיר צו א שעלמישן בליק, — מיינס א שוועסטער־קינד. און אויגן האָט זי! — קוילן ברענענדיגע, גרויסע, און דאָס פנים'ל איז דערביי אזוי בלאַס, אז עס דערוועקט לייטזעליגקייט, פשוט א רחמנות, בשעת ווען די ברענענדיגע אויגן ציען צו און שרעקן אָפּ צוזאַמען... זי קומט גאַנץ אָפּט צו דער שוועסטער. איך טרעף זי גאַנץ אָפּט אויף די טונקעלע טרעפּ, מיר קומען זיך אַנטקעגן און בלייבן ביידע שטיין א ווײַלע, זי קומט צו זיך די ערשטע און אַנטלויפט מיט א געלעכטער. און מאָדנע קלינגט דאָס לאַכן אירס. לאַנג שטיי איך און זאַפּ איין דאָס געלעכטער, וואָס הערט זיך וויט, ווייט פון דער הויך צי פון דער נידער... און אין האַרץ ווערט מיר אזוי אומרואיג, אזוי וואונדערלעך קאַלט, וואַרים און זיס... איך האַלט עס נאָך דעמאָלט פאַר א זינד, און וויל מיך פון דער זינד באַפרייען... איך דריי מיך אָפּ פון אַלקער־טיר און באַמי זיך צו טראַכטן וועגן לערנען, וועגן נס פון חנוכה, וועגן כשר'ן בוימל, חשמונאים, בית־המקדש און אַנדערע גוטע זאַכן. איך פאַרטראַכט זיך און קום צוריק צו דער אַלקער־טיר.

מיט אמאָל, שטייענדיג פאַר דער אַלקער־טיר, באַמערק איך, אז די שוועסטער מיינע, וואָס האָט דאָס זעקל גומערן אין דער האַנט, רופט זיי אויס נישט מיט א ריינער שטימע. זי איז, דאַכט זיך מיר, הייזעריג. די שוועסטער, נאַטירלעך, האָב איך ליב, ווי דאָס לעבן, וויינציגסטנס אין יענער מינוט, און מיט איין שפּרונג בין איך אין אַלקער, נעם איך איר פון האַנט אַרויס, נישט אזוי זאַנפט אפילו, דאָס זעקל, און ווער א זאָגער ביי די מיידלעך.

דאָס גאָלדענע קעפּל וויל מיר צושמייכלען, און קאָן זיך נאָר פאַרקרימען: זי האָט פאַר זיך די לעצטע קאָפּיקע און וויניג אויף די טאָוועלעך.

עס פאַלט מיר איין, אַז איך מוז איר העלפן, זען, וואָס עס פעלט איר און אויסרופן. נאָר איידער איך קום דערצו, דעקט זי 39 ביי נומער 40, גיט א געשריי: קווינטערנאַ, גראַטשעט מיט דער רעכטער האַנט אוים דאָס געלט פון טעלערל, קערט אום מיט דער לינקער די טאָוועלעך און רופט נאָך אַמאָל: געוואונען!

די מיידלעך אַרום שווייגן פאַרוואונדערט, דערשראָקן, און קו־מען דאָך באַלד צו זיך און שרייען:

— פאַלש, פאַלש!

און זי ווענדט זיך צו מיר בלאַס און דערשראָקן מיט א פלאַ־מענדיגער בקשה אין אויג: העלף מיר! זיי מציל מיין כבוד, מיין ערלעכקייט, איך האָב מיך אַליין פאַרפירט...

באַ, עס איז נישט איר לעצטער פאַלש געווען! — — —

---

4.

אַזוי ווי ווינטער שלאָפנדיגע פייגל—ליגט ערגעץ טיף א שנור פון זכרונות, און איין גליד שלעפּט אַרוים דאָס צווייטע.

צו 14 יאָר בין איך פון דער היים אַנטלאָפן. לערנען האָב איך געוואָלט, און וואָלט געלערנט, ווען נישט, וואָס מען האָט אַנטדעקט אין מיר א „טאַלאַנט"... א טאַלאַנט באַגייט זיך אָן אַלעם. א טאַ־לאַנט גייט אַרום נאַקעט און בלויז; די נשמה מיין איך. עס איז היינט א מאָדע אויף נאַקעטע נשמות, אָן א גאַרטל פון גראַמאַטיק אפילו... ערגער איז אָבער מיט א נאַקעטן גוף, און דער ערשטער ווינטער האָט מיך אַהיים געיאָגט צו דער מאַמען.

דער טאַטע האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט. עס איז גראָד געווען חנוכה. איך האָב דער אָרימער מאַמען חנוכה־ליכטלעך געבענטשט. זי איז באַלד נאָך דער ברכה געלאָפן אין געוועלבל

אריין. זי האָט נאָך כמעט גאָרנישט געלייזט און איך בין געבליבען איינער אַליין מיט׳ן צווייפל: צי איך, וואָס גלויב שוין אין גאָרנישט, האָב געמעגט א ברכה מאכן דער מאמען צוליב?... דער נאציאָנאַלער שטאַנדפּונקט, וואָס קאָן די חנוכה־ליכטלעך פאַרענטפערן, האָט נאָך נישט עקזיסטירט... די חשמונאים זיינען נאָך געשטאַנען אין הינטערגרונט פון חנוכה־בילד פאַרנעפּלט, און ארויפגעשוואומען איז נאָר דער נס מיט׳ן בוימל. און דער מאמען צוליב האָב איך ליכטלעך געצונדן און ברכה געמאַכט. איך האָב נישט געוואוסט, וואָס זאָל איך טאָן, קנייפּן זיך אין קנעפּל פאַר דער ליבשאַפט צו דער מאמען, אָדער שפּייען זיך אין פּנים פאַר׳ן שקר. אָן אן ענטפער אויף דער פראַגע, האָב איך מיך ביים פענצטער געשטעלט און אַרויסגעקוקט אויף דער אַלטער אילומינאַציע. און—דעם אמת זאָגנדיג—זי איז מיר געפעלן, די אַלטע, צנועה׳דיג באַהאַלטענע אילומינאַציע. אויפ׳ן שניי, וואָס באַדעקט דעם קליינעם, פיר־עקיגן מארק, בלאָנדזשען אַרום סוים־קוים זעעוודיגע אָרים־ליכטיגע שטראַלן און די פענצטערלעך מיט די גאָלדענע פּינטעלעך, מיט די זיסע, פרומע, שטילע פּינטעלעך... זיי ליכטן שטיל און זיס, ווי שטילע, זיסע, האַרציגע סודות, וואָס מען רוימט זיך איין אין דער שטילסטער גליקלעכער שעה... און עס ווערט נישט דערציילט, נאָר געוואונקען, שטיל און איידל געוואונקען, און די הערצער, וואָס פאַרשטייען די שפּראַך, וואַקסן, ווייל זיי ווערן פול מיט שטילער, האַרציגער פרייד... און אַז דאָס האַרץ ווערט איבערגעפילט, הויבן די ליפּן אָן צו זומען, צו זומען א שטילן, הייליגן דאַנק... דאָס זומט דער זמר לחנוכה, דאָס ברענען חנוכה־ליכט, אין דעם זומט און לייכט א נשמה... דעם אַלטן פאָלק׳ס נשמה... און פּלוצלונג — — —

פּלוצלונג איז דאָס אַלץ פאַרזונקען און פאַרטרונקען געוואָרן! דער שטיל הייליגער כשוף איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן, צונישט געוואָרן!

הו־הא! א ווילד אויסגעלאַסן געזאַנג. ווילדע אויסגעלאַסענע פלאַמען... שטורקאַצן, מוזיק, געזאַנג און געפילדער!

שליטן לויפן דורך דעם מאַרק אין דער ברייט. עס פליען די

פערד, און פון אונטער זייערע פיס הויבט זיך ווי א נעפּל דער שנייענער שטויב... דער ערשטער שליטן איז דורך מיט מוזיק די אנדערע לויפן אונטער מיט געזאנג — א שוימענדיגער, פייער־שפּרי־צענדיגער געזאנג אין די מיילער, פלאם־פייערדיגע שטורקאצן און לאמטערן אין די הענט... און עס פליט דורך ווי א ברענענדיג גיהנום מיט זיינע שדים, און די לבנה אין הימל איז שטיין געבליבן פארציטערט, פארגעלט און מענטשן זיינען ארויס פון די הייזער —

— דעם גראף בראניצקי׳ס קוליג !...

אין ים פון ליכט און געזאנג זיינען פארטרונקען געווארן די חנוכה־ליכטלעך מיט די חנוכה־זמירות...

אז דער קוליג איז אריבער, איז דער שניי געלעגן פאראומריי־ניגט און טויט, די פענצטערלעך זיינען שטיין געבליבן פינצטער און שטום. — —

---

5.

און ליב׳ל שוחט איז דעם צווייטן טאג צו מיר געקומען און האט פאר מיר א גאנצע רעדע געהאלטן.

א מערקווירדיגע בריאה ליב׳ל שוחט. בפרט זינט ער איז מיט זיין קראנקן רבי׳ן אין די בעדער געפארן און א שטיק אויסלאנד געזען. קבלה מיט אויסלאנד. חסידות מיט קארלסבאד...

— אידישקייט ! וואס איז אידישקייט ? פרעגט ער און שטעקט אריין די הענט אין גארטל.

און אז איך שוויג, ענטפערט ער זיך אליין מיט חנוכה־ליכט־לעך אין די שווארצע אויגן. —

— אידישקייט איז אזוינס, איז אזוינס...

ער פארגלאצט די אויגן, און קומט צו דער דעה, אז אידישקייט איז — —

„כמעט ווי עפּעס א מין גומילאסטיק. וויל מען, ציט זיך עס אויס, דארף מען, ציט עס זיך איין״.

„אידישקייט איז אזוינס, וואָס קאָן אויפבליען, אויפטויען (ער האָט גאָר אַן אַנדער לשון געהאַט) און אויפלעבן, און גרויס, און גרעסער, און נאָך גרעסער ווערן. און עס קאָן זיך פאַרשפּרייטן, און צעוואַקסן זיך און פאַרנעמען אַלץ! עס קאָן ממלא זיין דעם גאַנצן חלל פון דער וועלט: פון צפון ביז דרום, פון מזרח ביז מערב און פון הימל ביז צו דער ערד! עס קאָן אַלץ אַרומנעמען, אַלץ אויספילן, אַלץ פאַרדעקן און דורכנעמען, און ווערן דער שיין און דער גלאַנץ פון אַלעם, און דער תוך פון אַלעם און דער רוח פון אַלעם, און די נשמה פון אַלעם.

און אַלץ וועט דעמאָלט לעבן און שיינען, אָנגעזאַפּט מיט אי־דישקייט, ווי א גן־עדן־עפּעלע מיט זאַפט"...

„און ווידער—זאָגט ער—פאַרקערט: דאַרף מען, ציט זיך דאָס אידישקייט איין. מוז מען, ווערט עס איינגעשרומפּען. זעט עס אויס אַלט און קליין, פאַרוועלקט און מיד, און שוואַך, ווי דער לעצ־טער אָטעם פון א גוסס".

אָבער עס דאַכט זיך נאָר אַזוי!

„פאַרוואָס זאָגט מען: „דאָס פּינטעלע איד"? ווייל אין שלעכ־טע צייטן ווערט פון אידישקייט א פּינטעלע, א קוים ליכטיג, ברע־נענדיג פּינטעלע—ביי א אידן אין האַרץ; אין דרויסן איז צו קאַלט, צו ווינטיג, נאָר אין א אידיש האַרץ האַלט זיך עס, דער „נר־תמיד"! און אַז דער באוואָקסענער איד פאַרקנעפּלט זיך און שלעפּט נאָך פון אויבן וואָס אויף זיך אַרויף—מיינט מען: פאַר־לאָשן געוואָרן!"

„און דאָס איז דער גאַנצע חילוק פון אידישקייט ביז נישט־אי־דישקייט: דאָרט: אָדער גאָר, אָדער גאָרנישט. ביי אונז: וואָס עס איז, א שפּילקע קעפּל, א סימן פון א שפּילקע קעפּל, א זכר דערפון,—און לעבן מוז עס, און לייכטן מוז עס!"

„ביי זיי מוז יעדע זאַך זיין א גוף. א גרויסער, ברייטער און שווערער גוף—א באַרג! אַלץ מוז זיין הויך און דיק, און דערצו שרייענדיג! ביי אונז מוז מען אַמאָל יוצא זיין מיט א פּינטעלע! אויף דעם איז מען אין גלות; אויף דעם זיינען מיר אין גלות, און די שכינה—אין גלות"...

„נעמט, למשל, זייערם א דאטשע! זייערם א דירת עראי, זייערם א סוכה, מיין איך! ווי זעט אוים זייערם א סוכה? א געביי, א הויז, מיט שפיצן ארויף, הויך און העזה'דיג! און א פארנעם, א גאנצער „עולם־ועד" אויף דער ערד! מען שטעלט עס נאך, פאר שיינקייט וועגן, אויף א בארג, און א בארג קלייבט מען אוים ביי א וואסער, ביי א קלאר וואסער! און דאם גדלות שפיגלט זיך נאך אפ! אויבן א דאטשע אין הימל אריין, אונטן—טיף, טיף אראפ, אין שאול־תחתיה אריין"...

„און ביי אונז א כשר'ע סוכה וואס איז?"

„אויפ'ן הויף, אין א ווינקעלע, צוויי וועגט פון פלאט, א דריטע צוגעמאכט, א לייכטע זאך, צום אוועקבלאזן... די פערטע—א „צורת־הפתח" און יוצא! אינעווייניג, פארשטייט זיך, ד' על ד'; אז ראשו ורובו איז גענוג".

א פינטעלע!

און אין דעם פינטעלע שטעקט שמחת יום־טוב א ים! אין דעם פינטעלע קומען אריין אושפיזין עילאין צו גאסט! אברהם אבינו קומט, יצחק ויעקב קומען... און משה ואהרן, דוד ושלמה —ווער נישט?

און אז זיי(יענע, מיינט ער)ווילן פרייליך און לוסטיג ווערן, וואס פאר מי און מאטערניש עס איז דערביי! אכילה ושתיה איז דער עיקר! פליישן, וויינען, בערג פליישן, טייכן וויינען! דערצו מוזן זיין נאך נשים, חוץ דעם מוז מען צעברעכן גלעזער, אויסהאקן שויבן, זעצן אין שפיגלען אריין און, סוף כל סוף, איידער מען ווערט פרייליך, ליגט מען אונטער'ן טיש, און ביי אונז, א סעודת ראש־חודש: אן עק פון א הערינג פאר א מזומן, א לעק פון ביי־טערן טראפן, עטלעכע ווערטער תורה און—עס פלאמט מיט נחת.

הוא הדין—זאגט ליב'ל שוחט—חנוכה.

ביי זיי, ביי א זכר פון אזא גבורה פון אזא נצחון... א שפאס? א ביסעלע, א הויפנדל געגן מחנות כחול הים, שוואכע און קראנקע געגן גבורים,—א שפאס אן אילומינאציע עס וואלט געוועזן! די גאניקעס אויסגעלייגט מיט דיוואנעס, אין די פענצטער סטעארין־ליכט, איז די רינשטאקן שמן־זית־לעמפעלעך... און מען וואלט

געגאנגגען מחנות'ווייז אין די גאסן, מיט שטורקאצן און מיט מוזיק, און מיט געזאנג, און ראקעטן וואָלטן געפלויגן אין הימל אריין, און זונען וואָלטן אין דער לופט געפּלאצט, און שטערן מיליאסן וואָלטן זיך צעפלויגן...

ביי אונז, חנוכה־ליכטלעך, פּינטעלעך... און עס ווערט אזוי ליכטיג אין הארץ, אזוי זיס, אזוי ווארים"...

פון ליב'ל שוחט האָב אוך דעמאָלט געלאכט; אצינד בין איך אים מקנא!

---

.6

נאָך איינס און עס וועט זיין באַלד גענוג—

דער בריוו, וואָס איך האָב פון איר באַקומען.

נישט פון גאָלדענעם קאָפּ, וואָס טראָגט שוין לאנג א גאָלדן שייטל. גאָלדענע איירינגלעך און אין די צען גאָלדענע פלאָמבען... און נישט פון יענער, וואָס האָט באַמערקט, אז אונזער צוזאַמענלעבן איז מיט איר היזק און האָט מיך פארלאָזט...

נאָר פון גאָר אַן אַנדערן סאָרט...

און עס איז געווען דעמאָלט, ווען איך האָב נאָך געהאַט א שטיקל נשמה. אייננטלעך, נאָר א האַלבע נשמה און איך האָב געוואוסט דערפון, געטרויערט דעריבער און אַלץ איינאיינעם אַרומגעלאָפן זוכן די צווייטע העלפט, איך האָב געקרעכצט, געמיוקעט ווי א ליבעם־הונגעריגע קאַץ... און דעמאָלט האָב איך מיך צו איר אויך געווענדט. דאָס ערשטע מאָל האָב איך זי געזען פון הינטן און אין דער רגע איז מיר איינגעפאַלן, אז זי פארמאָגט מיין צווייטע העלפט נשמה, אז פון מיר מיט איר צוזאַמען קענען אַרויס אידייען—משיח'ן, וואָס וואָלטן פארניכטעט 90 פּראָצענט וועלט און דעם רעשט באַפרייט און גערייניגט צום באַרג סיני, אויף נייע עשרת הדברות, געפירט... דערנאָך האָב איך זי געזען פון פאָרנט: צוויי שטערן, וואָס וואָלטן געלייכט אין דער פינצטערער נאַכט און

א פנים, וואָס לײדט פאַר אוועלט...

איך האָב איר מײנע מחשבות אנטפּלעקט און געפרעגט, וואָס זי קלערט וועגן מיר, און זי האָט מיר געענטפערט, און איר׳ס א חלום דערציילט. עס איז חנוכה־צייט געווען, און זי האָט אין חלום אַן אַלט קליין העברייאיש שטעטל געזען. א סך, א סך אָרימע הייזלעך, נאָר זיי האָבן זיך געבאָדן אין ליכט... א שטילער מאַרק, איבער וועלכן עס זיינען מענטשן געגאַנגען, אין טליתים מיט ספרי־תורות אין די הענט און האָבן צווישן זיך גערעדט, וואָס אמאָל אָפּגעשטעלט און געשפּאַרט זיך, און גאַנץ אָפט אויפגעפּראַלט א תורה׳לע און געוויזן מיט׳ן פינגער אויף שטעלן, וואָס האָבן גע־זאָלט באַווייזן אימיצנס אַן אמת. פון ווייטן אויף א בערגל איז געשטאַנען א סינאַגאָגע, צו וועלכער די אַלע זיינען געגאַנגען. אנ־דערע זיינען געזעסן אויף די פּלאַכע דעכער, אָנגעשפּאַרט אָן די געלענדער און גערוט אָדער אויך געלערנט. פאַר מאַנכע הייזער זיינען געשטאַנען אָדער געזעסן פאַרשיידענע באַלמעלאָכעס מיט פאַרשיידענע ווערקצייג, ביי פאַרשיידענע וואַרשטאַטן. ווייבער האָבן זיך ווייניג געוויזן, דערפאַר האָט דאָס זינגענדיגע גערעדעריי פון קליינע קינדער פאַרפולט דעם מאַרק. גאַנץ אָפט האָט זיך אַן עלטערער מענטש אָפּגעשטעלט פאַר א קינד און געפרעגט: וואָס האָסטו היינט געלערנט? און די קינדער האָבן לייבלעך און פריי געענטפערט. פּלוצלונג האָבן זיך דערהערט קולות פון א טראָמ־פּייט און באַלד דערנאָך—שווערע טריט פון סאָלדאַטן. איבער־געשראָקן און דערציטערט איז געוואָרן דער מאַרק. מען איז אַראָפּ־געלאָפן פון די דעכער. די גייענדיגע האָבן זיך צוגעאיילט צו דער סינאַגאָגע. מאַנכע פענצטער זיינען פאַרהאַנגען און פאַרשטעלט געוואָרן. מוטערס זיינען אַרויס פון די הייזער און בלאַס פאַר שרעק און מיט ציטערנדיגע ליפּן אויפגעזוכט און אהיים געפירט זייערע קינדער.

׳ פרעמדע זיינען געקומען. מיט שפּיזן און פייל־בויגן. מאַנכע אויף פערד. די קאַסקעס האָבן געברענט אויף דער זון; די ווילדע אויגן—מער. פייל פון בויגן האָט מען אין מיטן מאַרק אויפגע־שטעלט א מזבח; די טראָמפּייט האָט נאָכאמאָל דורכגעשניטן די

לופט און א העראַלד איז ארויסגעטראָטן מיט א פאָן אין דער רעכטער האַנט און מיט א חזיר אויף א שטריק אין דער לינקער האַנט און האָט אויסגערופן, אַז אידן זאָלן דאָס חזיר מקריב זיין צו גאָט, אניט, וועט מען חרוב מאכן די שטאָט...

א געוויין האָט זיך געלאָזט הערן, א געוויין פון אַלטע, ווייבער און קינדער... און דאָך האָט זיך איינער געפונען, וואָס איז צו־געגאַנגען, וואָס האָט א ברכה געמאַכט און צום קרבן זיך גענומען!

ער וויל זיך מקריב זיין, ער וויל די און יענע וועלט פארלירן און אָפּראַטעווען די שטאָט פון דער שטאַרקער האַנט, די שטאָט מיט אירע אַלטע און יונגע, מיט אירע ווייבער און קינדער — —

אָט האָט ער די ברכה געמאַכט און די האַנט מיט'ן שפּיז אויס־געשטרעקט — — —

און דעמאָלט איז פון בארג, אויף וועלכן די סינאַגאָגע איז גע־שטאַנען, אראָפּגעגאַנגען מתתיהו דער מאַקאַבייער, ער איז צוגע־קומען צום מזבח און דעם איד, צוזאַמען מיט'ן הייפּלינגע פון די שונאים—געשטאָכן... און מיט א העלדן געשריי גערופן: אָט דאָס שווערד פאַר אונזער פאָלק, פאַר אונזער לאַנד!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט דאָס האָט זיך איר גע'חלום'ט, און געזען אין חלום האָט זי אַלץ בחוש...

און געזען האָט זי, אַז דער מאַקאַבייער האָט גאָר קיין שום ענלעכקייט צו מיר נישט געהאַט, אפילו נישט צו מיינע חברים. דערפאַר דער, וואָס האָט געוואָלט ברייננגען דעם קרבן.—

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס א מיידל קען חלום'ען, און וואָס זי קען פון א חלום מאַ־כען? אַז מתתיהו איז געווען אַן אַלטער איד און האָט צו אונז נישט געקאָנט ענלעך זיין, דאָס פאַלט איר נישט איין...

---

## 7.

מען קלאַפּט אין טיר; א מיידל־האַנט.

װעלכע פֿון זײ װעט קומען?

— הערײן!

מאַריע ברײנגט טײ, נאָר זי קוקט אַװעק אָן אַ זײַט. װער װײסט, װאָס פֿאַר אַ חלומות זי האָט, און צו װעמען איך בין אין זײ ענלעך.

---

# פורים

„פורים איז קיין יום־טוב; פיבער—קיין קרענק".

נישט צו באניידן איז דאך דעם, וואס טרייסלט זיך אין פיבער; און נאך ווייניגער—דאס פאלק, וואס פורים איז זיין וואויל־טאג.

און נישט דעריבער, וואס די הילף איז פון קיין מענער־האנט געקומען; נסים זיינען נישט מחויב—שעלקים צו טראגן. מיר האבן זיך מיט דבורה, יעל און יהודית נישט צו שעמען.

אסתר'ן אבער האבן מיר צו פארדאנקען דעם ערשטן זיג וואס מיר האבן, נישט געגן, נישט איבער, נאר אונטער פרעמדע קעניגן געהאט.

פורים איז דער געבורט־טאג פון ערשטן שוץ־איד, פון ערשטן קרוב למלכות... פון ערשטן אויסזאגן און פון ערשטן פארזארגן א קעניגלעך—בעט...

א פרייד איז פורים פאר בעטלעך, קלעזמער, פארשטעלטע... און—פאר אזא פאלק!

טאנץ אויף פרעמדע בעטן, פארוואגלעסיגטע נשמה, אויפ'ן קבר פון דיין אמאליגן שטאלץ,—טרינק, און פארגעס, אויב דו קאנסט...

# פורים־שפּילער

איך וואוין אין א שטיל הויז, ווייט פון רוישנדיגן גרזיבאָוו, פון די זידנדיגע נאַלעווקעס. ווען נישט, וואָס טיילמאָל פאַר־בלאָנדזשעט אריין א „האנדל־האנדל!", וואָס טיילמאָל צופּט א וועגדראָוונע סטאָליאַר ביים צינגל פון דער זעג, א שלייפער קלינגט מיט'ן העמערל אָן אן אייזן, אָדער א צעשויבערטע דינסט־מויד, קלאַפּט אויס א דיוואַן, אָדער בעט־געוואַנט,—וואָלט ביי מיר אין שטוב „שטיל געווען ווי אין רייוועץ". די מוזע וואָלט מיך אויף א רגע נישט פאַרלאָזט, איך וואָלט די וועלט פאַרגאָסן מיט געזאַנג.

הערט זיך אָבער דאָס קלענסטע גערודער פון הויף, ווערט די מוזע פאַרשוואונדן!

די פעדער פאַלט אַרויס פון צווישן די פינגער, און איך בלייב זיצן לער, אָן געדאַנקען, אָן געפיל, ווי „א שטיין אָן עופות".

דעמאָלט בלייבט מיר נישט מער, נאָר אויסבויגן דעם קאָפּ מיט די אויגן און צו קוקן אין די פענצטער אריין צו מיינע שכנים אַריבער.

געגנאיבער, אויפ'ן צווייטן שטאָק, וואוינט א יונג, רייך פּאָר פאָלק. ביים אריינציען זיך, האָט מען געבראַכט א פּאָרטעפּיאַנאָ, טערקיש, יאַפּאַניש און היימיש מעבל, טויזנט קליינע מאָדע־זאַכן, און אַלץ—ניי פון דער נאָדל.

דערנאָך זיינען זיי אַליין געקומען.

ער—אין א צילינדער; זי—אין גאַנץ מיט בלומען; אַלץ—שפּאָגל־ניי, אויסער זיין פּנים, וואָס האָט אויסגעזען אַלט; געאַרמט זיינען זיי געקומען.

אויף די טרעפּ (אויך מיט א פענצטער ווי־זאַ־ווי מיר) האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, געלאַכט אביסל, געקושט זיך...

וואָס עס טוט זיך אין דער נעסט, ווייס איך נישט,—טאָפּלטע, זיידענע גאַרדינען...

איינמאָל האָט א קאַטערינאַרזש א פּויערשן טאַנץ געשפּילט, און די קאַטערינקע איז א וואונדערלעכע געווען,—זי האָט ארויסגעגעבן טענער פון א האַרפע, ציטערדיגע, העלע נאָר טרויעריגע.

די גאַרדינען האָבן זיך צעשפּרייט, אין פענצטער האָט זיך באַוויזן א יונג בלאָנד קעפּל און האָט זיך איינגעהערט צו דער מוזיק.

דערנאָך האָט זיך צו׳ן איר פון הינטן צוגערוקט א גאָלער קאָפּ, וואָס איז צוגעפאַלן מיט די ליפּן צום אויסגעבויגענעם פרישן נאַקן.

דער גאָלער קאָפּ מיט די ליפּן זיינען זיינע, נאָר דאָס בלאָנדע קעפּל האָט געהערט צו דער דינסט, צום שיינעם דאָרפס־מיידל, וואָס האָט דערהערט אין מוזיק א גרוס פון דאָרף, וואָס האָט דערפילט אין איר דעם ריח פון די לאָנקעס און פעלדער...

---

פאַר דאָס, אויפ׳ן ערשטן שטאָק, זיינען קיין גאַרדינען נישטאָ; איך זע אַלץ, וואָס עס טוט זיך דאָרט.

א גאַנצע וואָך איז שטיל און לער; זי איז אין געוועלב, ער— אין גאַס. דאָס אַלט־פרענקישע, געבעטע מעבל איז איבערגעצויגן מיט ווייסע ציכלעך.

טייל מאָל לויפט אריין די דינסט פון קיך, מיט א קיישל אין דער האַנט און א שאָל אויפ׳ן קאָפּ, ווארפט אן אויג אין אַלט־מאָדישן שפּיגל אריין, און האַלט זיך מיט אים אן עצה, צי קאָן מען אזוי אראָפּלויפן אין גאַס אריין, אָדער מען מוז זיך אָפּוואַשן דאָס פּנים?

און דאָס פּנים געפעלט איר; א צופרידענער שמייכל צעגיסט זיך איבער די זומער־פלעקן; מיט די נישט פאַרקעמטע האָר האָט זי דאָך צו טאָן; זיי ווילן זיך נישט האַלטן אונטער דער שאָל.

זי לויפט צוריק אין קיך אריין, און קומט נאָכאַמאָל צוריק מיט גלאַנצנדיגע הענט און האָר, פון פּוטער אָדער שמאַלץ; די אויס־

געשמירטע האָר ליגן זיך גלייך אונטער דער שאַל, און דאָס, וואָס מען זעט אַרויס, גלאַנצט אַזוי חנ׳עוודיג!

ענדלעך איז די דינסט אַוועק. אַ מייזל באַווייזט זיך פון אונ־טער דער גרויסער, שווערער קליידער־שאַנק. עס קוקט זיך אום מיט גלאַנצנדיגע, אומרואיגע אויגן אין אַלע זייטן...

די קאַנאַפּע, די שטולן שווייגן, דער טיש איז ליער. די זילבערנע טאַץ מיט די גלעזער, וואָס קוקן אַרויס פון שויבן־שאַנק, רירן זיך נישט פון אָרט. דאָס בשמים־שקעטעלע מיט׳ן חנוכה־לעמפּל אין צווייטן פאַך זיינען אויך נישט שרעקלעך; מען הערט קיין גערויש, קיין שאָרך.

דאָס מייזל שפּרינגט אַריבער און ווערט פאַרשוואונדן אין סיד־טיר.

עס ווערט ווייטער שטיל... ביז פאַרנאַכט.

דעמאָלט קומט דאָס פּאָר־פאָלק אַהיים, עסט אָפּ און ווערט פאַרשוואונדן אין טיר פון שלאָף־צימער...

אויף דער וואַנט הענגט אַ מזרח מיט שרעקלעכע לייבן. רעכטס—אַ לוח; אויף דער גרויסער קליידער־שאַנק ליגן עטלעכע ספרים. קיין באַזונדערע ספרים־שאַנק איז נישטאָ.—

די ספרים דערקען איך.

אין אַ ווייס בײַנערנער בונד ליגט איר דרשה־געשאַנק—אַ סדור מיט עברי־טייטש. דיקער און ברייטער איז דער „צאינה וראינה" מיט די צעשויבערטע שפּיצן... אין דער צווייטער זייט דערקען איך זיין דיקן „אורח־חיים", דערנעבן ליגן עטלעכע דינע ספרים: אַ תקון שבועות׳ל, אַ הגדה׳לע, אַ מגילה... אין דער מיט, מיט די זילבערנע רוקן אויפ׳ן פראָנט, שטייען חמשה חומשי תורה, צוויי מחזורים... אויסער דעם, וואַלגערן זיך אַרום עטלעכע שמות, קענטיג—אירע תחינות, און שוין!

דאָס איז די גאַנצע ביבליאָטעק פון „פּראָסטן איד"...

און אַ גאַנצע וואָך איז שטיל און ציכטיג, אויסער פרייטאָג.

איך ווער נערוועז פון פיש־און קלאָפּס־האַקן.

פאַר פּסח בין איך שיר נישט אויס דער הויט געשפּרונגען פון שאַרן, רייבן און קראַצן.

די באַלעבאָסטע מיט דער דינסט צוזאַמען האָבן זיך עטלעכע טעג געוואַלגערט אויף די פּאָדלאָגעס און מעשים געטאָן!

שבועות האָב איך מיך איבערצייגט, אז „ריחא מילתא", איך האָב געהאַט א פולע שטוב מיט פריש געבאַקענעם קעז, ראָזינקעס און נישט פרישער פּוטער...

סוכות האָט ער אזוי לאַנג אויסגעלייגט דעם סכך, עס זאָל נישט זיין צופיל זון און נישט צופיל שאָטן, ביז ער איז אראָפּגעפאַלן פון לייטער, און ווען נישט, וואָס „שלוחי מצוה אינן ניזוקין", וואָלט ער זיכער געהאַט א לאָך אין קאָפּ.

דערנאָך ערשט האָט ער, זינגענדיג א מאַרש אונטער דער נאָז, ארויסגעטראָגן א לולב מיט אן אתרוג...

שבת און יום־טוב שלאָפט מען, אָדער מען נעמט אויף געסט מיט איינגעמאַכטס און פרוכטן...

דעמאָלט זע איך דאָס מעבל אָן אן איינהיל: געלע פייגל און גרינע בלעטער—

און דעם פראָסטן אידן מיינעם בין איך א גאַנץ יאָר מקנא!

„מעשה בראשית", „מעשה־מרכבה", ווי להבדיל—פּאָליטיק און אַנדערע „קוועיטשן" זיינען נישט זיין דאגה...

פּרנסה גיט גאָט, ער אַליין מוז זיך צורירן, אויך די האַנט טאָן אין קאַלט וואַסער אריין, נישט מער!...

קיין קינדער נישטאָ, אָדער שוין פאַרזאָרגט... לעבט זיך רואיג, וואַרטנדיג אויף משיח'ן!

ער האָט נישט קיין ווייטע האָריזאָנטן, פאַר דאָס אָבער—א זיכערן, גלייכן וועג פון וויג ביז אין קבר אריין...

קיין מסופּק'ער יתוש מיט'ן קופּערן פּיסקל דרייט אים נישט אין מח... ער האָט קיינמאָל קיין שאלה נישט אָן א גרייטן תירוץ פאָראויס.

די פריערדיגע דורות האָבן אים אויף אַלעם פאַרזאָרגט, מיט בפירוש אויפגעשריבענע תשובות.

מען האָט אים איבערגעלאָזט א צואה, ווי אזוי ער זאָל זיך פירן; ווען ער זאָל שלאָפן, ווען וואַכן, ווען לאָזן וואַשן די פּאָדלאָגע, ווען און וואָס צו קאָכן... ווען איינגעמאַכטס צו פּרעגלען,

ווען אביסל וויין צו טרינקען, ווען ברייט און ווען שמאָל צו זיצן...

און מען האָט אים פאַרשריבן: וואָס ביי גאָט צו בעטן, וואָס לייט צו ווינטשן; אויפ'ן גאַנצן לעבן א גרייט רעצעפּט...

אויף יעדן פעסטערן קלאַפּ פון האַרץ—א גרייטע אשה, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר.

מאַכט זיך אים עפּעס א שאלה, קוקט ער אריין אין לוח, אין סידור „אורח־חיים"! לויפט אַריבער די דינסט צום דיין, וואָס וואוינט אין דער צווייטער גאַס, פרעגט ער א שכן...

זיין ערד רוקט זיך אים קיינמאָל נישט אַפּער פון אונטער די פיס; זיין הימל וויל נישט איינפאַלן, זיין וועלט שטייט שטאָל און אייזן, און זי וועט אַזוי שטיין—ביז'ן אלף הששי...

וואָס נאָכ'ן אלף הששי וועט זיין—זאָל גאָט זאָרגן!

ד'ערביי וועט איר אים קיינמאָל ביי קיין ליגן נישט כאַפּן, ווייל ער זאָגט אייך קיינמאָל נישט צו אויף זיכער,—„אז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן", וועט ער „בלי נדר ומסקנא"... אפשר רירן זיך פון אָרט...

אַזאַ מענטש, כל זמן ער איז געזונט און האָט, ווי עס איז, פּרנסה און א נישט איבעריג שלעכט ווייב, איז געווים גליקלעך!

ערשטנס האָט ער זיך נישט מיט וואָס צו שעמען.

דאָס פענצטער איז זומער אָפן, ווינטער און זומער מיט גאָר־נישט פאַרהאַנגען... הימל און ערד מעגן אַריינקוקן. איך בין זיכער, אַז ער האָט קיין גלאָק און קיין קלאַפּ־שלאָס נישט ביי דער טיר... ער פאַרמאַכט זיך נישט, הייסט צו זיך פריער נישט קלינגען, ער זאָל צייט האָבן עפּעס צו באַהאַלטן... פון עפּעס אָפּצושפּרינ־גען...

איך קוק טאַקע פראַנק און פריי אין דער איינפאַכער, אַלטמאָ־דישער נעסט אַריין, וואו דאָס שטילע גליק האָדעוועט זיך—אויף געלע פייגל און גרינע בלעטער...

היינט אָבער איז דאָרט לוסטיג. פּורים איז היינט...

וואָס מאַכט אים אַזוי פריילעך, אַזוי לאַכנדיג? וואָס בויגט אים אַזוי איבער די ליפּן, אַז עס ווייזן זיך אים אַרויס אין איין זייט די שפּיציגע ציין? וואָס איבערגייען ...ים די אויגן? זיין לעבן

איז אזוי איינפאך, אזוי פראָסט, אז קוים קומט אימיצער און פארשטעלט זיך ווי עס איז, קנאַקט ער שוין פאר לאַכן!

א פורים־שפיל!

דעם פורים־שפיל געדענק איך פון דער היים, פון די קינדער־יאָרן.

עס קומט אריינצושפרינגען א יונגער קונדאס מיט צונעזעצטע באָרד און פאות און א גאַליציאַנער קאפעליוש אויפ׳ן קאָפּ.

ער שפילט אַן ארענדאר, רעדט סאַמע לשון־קודש ווערטער און נישט צו דער זאך...

עס שפרינגט אריין א חסיד׳ל (נאַטירלעך—א פארשטעלטס) מיט משוגע׳נע תנועות: פּאַטשט אין טיש, אין די ווענט אריין, שפרינגט ווי א ציג, שלינגט איין די פאות און שפייט זיי אויס, פארגלאָצט א פּאָר קעלבערנע אויגן צום באַלקן, און טאַנצט מיט התלהבות, אז די האָר ברענען.

און אַלע פורים־שפילער זאָגן אָדער מיינען דאָס זעלבע:

היינט איז פורים
מאָרגן איז אוים;
גיט מיר א קרעפּל
און וואַרפט מיך ארוים!

---

איך דריי אוים דעם קאָפּ און קוק צום שכן פון צווייטן שטאָק...

פון פענצטער רייסט זיך אויך ארוים מוזיק, נאָר דאָס זיינען נישט קיין פורים־שפילער, קיין פורים קלעזמער...

עס איז א באַל אויף אָרימע לייט!

איך האָב אויך א בילעט באַקומען.

עס רימפּלט א פאָרטעפּיאַן, און אַרום דער קונציגער מעלאָדיע ציפּען און וויקלען זיך, ווי „נאָכווייען", די דעמפיגע בויך־טענער פון דער פּיאַנאָ. עס דערמאָנט מיך אָן שבת׳דיג צעשויבערטע האָר אַרום נעכטיגן קונציג געפלאָכטענעם קרענצל...

די טאַנצנדיגע פיס וואַלטן קיינמאָל אין דעם ווירוואַר פון רוישן

און טענער, די מעלאָדיע נישט געכאַפּט, ווען נישט דער סמיטשעק, וואָס האָט זיי פון א הייזעריגער פידל די טאַקטן, ווי איינציגע פאַרפל...

די פידל קאָן איך אויך...

איך קאָן די מאָגערע פאַר'חלש'טע האַנט, וואָס דריקט זי צו צו דער פייפענדיגער ברוסט—איך האָב נאָר אירע אויגן נישט געזען, ווייל גאָט האָט זיי איר פאַרגעסן צו עפענען.

פאַרשלאָפן קומט זי אַריין און לאָזט זיך צופירן צו דער פּיאַנאָ. פאַרשלאָפן שפּילט זי, פאַרשלאָפן פירט מען זי שפּעטער ערגעץ צו'ן א פינצטער ווינקעלע צו, און מען גיט איר עסן; איר איז דאָך אַלץ איינס, און ביי די גרויסע, ווייס-געדעקטע טישן אין ליכ-טיגן סאַלאָן, איז ענג...

דערנאָך טרעפט זי אַליין צוריק צו דער פאָרטעפּיאַן... פאַר-טאָג וואַקלט זי זיך, צוריקגייענדיג, איבער דער גאַס, און טרעפט אַרויף צו'ן איר שטיבל אויפ'ן פערטן שטאָק...

---

און וואָס פעלט אונזערע אָרימע לייט?

אויפ'ן ערשטן שטאָק טיילט מען קליינגעלט; טיילמאָל קריגט מען נאָך א טרונק בראָנפן מיט א שטיק פּורים-קוכן...

אויפ'ן צווייטן שטאָק טאַנצט מען אויף זייער חשבון...

דאָס אומרואיגע באַלעבאַטיש געוויסן טוט וואָס עס קאָן!

פרומע און נישט פרומע ווילן פאַרשיטן מיט מצות און מעשים טובים דעם אָפּגרונט, וואָס דער שווינדל האָט אויסגעגראָבן צווישן אָרעם און רייך...

די אַלטע צדקה איז, וויניגסטנס, עקאָנאָמישער...

מיין פּראָסטער שכן עסט א מאָלצייט פאַר א רובל און צעטיילט 5—6; אָבער דאָ קאָסט א קלייד אויפ'ן באַל 25 רובל, און דערפון פאַלט אויפ'ן אָרימאַן 25 קאָפּ...

נאָר דאָס איז שוין „לוקסוס”, און דעם לוקסוס וואַרפן מיר אויך אין אָפּגרונט אַריין! ביים קלייד אַרבעטן דאָך אָרימע ניי-

טאַרינס! און נאָך צוויי־דריי בעלער, קויפן עס דאָך אַפּ אָרימע כלות...

אויסער דעם ווערן אויף אַזאַ באַל יונגע לייט באַקאַנט מיט יונגע מעדכען און אַזויערנאָך קאָן מען זיך באַגייען אָן שדכנים; אויך איינבריינגעכץ!

נאָר ווער עס וויל, זאָל זיך אַנטציקן דערמיט—איך נישט.

אין גריכנלאַנד האָט מען אויך מיט מענטשן געהאַנדלט!

דער סוחר האָט אַרויפגעפירט אויפ׳ן מאַרק אַ שאָק נקבות, אין לייכטע הילן, אין גן־עדן־קליידער.

איז געקומען אַ קונה, האָט מען אים די סחורה געוויזן און גע־לויבט; מען האָט זי פאַר אים געדרייט אויף אַלע זייטן, געוויזן אַלע מעלות און קונציג פאַרשטעלט אַלע חסרונות...

די פאַרקויפטע נשמה האָט געשוויגן.

אונטער דער ערשטער בייטש ערשט, האָט זי גערעדט.

אונטער דער צווייטער—געזונגען.

אונטער דער דריטער—געטאַנצט.

דער קונה מוז דאָך ווייסן, אַז אויסער קליינע פיסלעך און האַר־טע בריסטן, וועט ער נאָך האָבן אַ היבשע פּאַרציע רוחניות!...

היינט טוט עס די שקלאַפין אַליין...

זי אַליין רוקט אַרויס קונציג אירע פיסלעך פון אונטער׳ן קלייד; זי אַליין בלאָזט זיך אויף, וויפיל מען דאַרף, מען זאָל זען ווייניג, נאָר שטויסן זיך—מער, ווי עס איז—... זי אַליין רעדט ווי אַן אָנגעבונדענע, זינגט ווי אַ פרייער פויגל, טאַנצט ווי אויף אַ טאָקע־ניש, און טוט אַלץ, אַלץ, אַבי זיך צו פאַרקויפן...

אין גריכישן לעבן איז, ווייניגסטנס, קיין וואַטע נישט געווען...

---

דער שדכן איז נאָר אַ ליגנער, און, ווייל ער נאַרט ביידע צדדים, האָט ער סוף כל סוף קיינעם נישט אויף דעם געוויסן,—נאָר עפּעס אויף דעם געוויסן דאַרף האָבן די מאַמע, וואָס פירט אַרויס די טאָכ־

טער „אין דער וועלט אריין", זי פטור צו ווערן, און די טאָכטער, וואָס לאָזט זיך פארקויפן...

וועגן „חופה־קליידער" פארציילט מען אזא מעשה:

איינמאָל האָט א „באַל אויף אָרימע לייט" חתונה געמאכט אן אַלט נייטאָרין־מיידל, וואָס איז שיר נישט בלינד געוואָרן ביי דער נאָדל.

די אַלע הייזער, וואו מען האָט זי בלינד געמאכט, האָבן זיך צוזאמענגעלייגט, אויסגעזוכט און אויסגעטאַנצט איר אן אַלטן אַלמן פאַר א רובל 45.

א חתונה־קלייד האָט מען איר געקויפט.

דורך דער גאַנצער צייט האָט די נייטאָרין זיך נישט אריינגעמישט, גלייך מען מיינט נישט זי.

די גאַנצע צייט, ביז דער חופה, איז זי געלעגן אויפ׳ן בעט און צוגעלייגט זיך ניקס־וואסער.

זי האָט דעם חתן נישט געדאַרפט, נישט געוואָלט און אפשר נישט געקאָנט זען...

„א שטיק האָלץ, רחמנא לצלן, א שטיין",—האָבן אירע חבר׳־טאָרינס געזאָגט.

„דאָס פארשטייט דען צו דאַנקען?",—האָבן די בעלי־טובות געזיפצט, און געשיקט די מצוה אויסצוטוישן אויף לויתן אין הימל אריין, אָדער אויף כבוד צום „קוריער ווארשאַווסקי"...

נאָר ערשט, אז מען האָט אריינגעבראַכט דאָס אָפּגעקויפטע חופה־קלייד, האָט זיך אויף דער פארגעלטער וויים־אַטלעסענער שמאַטע געוואָרפן אן אויג, און—שדים זיינען אין איר אריין—זי רייסט זיך ביי דער ברוסט, זי רייסט זיך אויס די האָר, און ברעכט אוים אין א קראַמפּפהאַפט—געוויין...

עס האָט לאַנג געדויערט, איידער מען האָט זי באַרואיגט, איידער מען האָט פון איר צוריק געמאכט א שטיק האָלץ אָדער א שטיין, און געפירט צו דער חופה.—

נאָר דאָס קלייד האָט זי דערקענט... זי האָט עס אַליין גענייט, זי געדענקט פאַר וועמען... זי איז דערנאָך אין סינאַגאָגע אריינגעגאַנגען זען, ווי דער בלאָנדער מלאך וועט אויסזען אין נעפּל פון

העל־בלאָע גאַזן און ווייסע שפּיצן...

און—זי האָט אין איינוועגס דעם חתן דערקענט—

נאָר די וועלט פירט זיך שוין אַזוי! רייכע כלות באַנייען די חופּה־קליידער פאַר אָרימע נייטאָרינס, און אָרימע נייטאָרינס באַנייען די חתנים פאַר רייכע כלות...

---

# נישט גוט

אויב איר ווילט, וועל איך אייך דערציילן א מעשה.
פריער אָבער, מוז איך אייך זאָגן, ווער איך בין.
א שניידער בין איך.

אייגנטלעך בין איך קיין שניידער נישט; מיינע אבות אבותי זיינען קיין שניידער נישט געווען. נאָר, אז עס האָט זיך געמאַכט, און איך האָב פאַרגעסן דאָס לערנען פון תלמוד־תורה און פאַרלאָרן די עטלעכע גילדן, וואָס מען האָט מיר געגעבן נדן,—האָב איך מיך געמוזט נעמען צו דער נאָדל.

פאַרוואָס גראָד צו דער נאָדל? ווייל גראָד האָב איך געהאַט א שכן, וואָס האָט געלעבט פון דער נאָדל. אין איין שטוב האָב'מיר געוואוינט.—

אין דריטן ווינקל האָט אפילו געוואוינט א שוסטער אויך; איז עס אָבער א שווערע מלאכה. און א פאַרריסטע, א פאַרסמאָליטע...

מיין שכן פון ערשטן ווינקל איז געווען א דאַמען־שניידער; בין איך אויך געוואָרן א דאַמען־שניידער.

צו דער אַרבעט האָב איך מיך מיטאַמאָל נישט גענומען; איך האָב געוואַרט: אפשר וועט מיר א נס געשען. איך, אָדער מיין ווייב, קענען א כשרה מציאה געפינען; נאָר דערווייל, אבי נישט ליידיג צו גיין, האָב איך מיך צוגעזעצט צום שכנ'ס טיש, געפּרואווט אָננייען קנעפּלעך, „צוסטריגעווען", און דערנאָך — עפּעס נייען אויך! פּאַמעלעך אַריינגענאַרט!

צום אויפנייען א גאַנץ קלייד בין איך נישט געקומען, און האַלט נאָך נישט דערביי ביז'ן היינטיגן טאָג; נאָר פאַרלאַטען, פאַרפּרע־סען, אויסוואַשן און אַרויסנעמען א פלעק, אפילו א מאָס נעמען— דאָס האָב איך מיך אויסגעלערנט, מיט דעם האָב איך געלעבט און

עס לעבט זיך נאָך... זאָל אַן אַנדערער צושניידן; אַ געשעפט דאָס איז.

איך קען נישט זאָגן, עס איז נ י ש ט פון די ערגסטע מלאכות. ערשטנס — פריילעך: אַ שניידער זינגט אַ לידל, לאָזט זיך גאַנץ אָפט אַרויס אין די דערפער, צווישן פּריצים, מען זעט אַ וועלט, און מען לעבט אַ וועלט, נישט פאַרפינצטערט, ווי אַ פאַר־סמאָליעטער שוסטער...

גוט. איז מיר אָבער דערווייל נישט פאַר איך, נישט פאַר קיין שום אידן געדאַכט, דאָס ווייב אוועקגעקומען... צרות...

נישט דאָס אָבער וויל איך אייך פאַרציילן.

וואָרים וואָס? בין איך אַן אַלמן; וואוין איך מיר אַליין אין אַ קליין שטיבל ערגעץ העט, העט, כמעט אונטער דער שטאָט; אי־בער'ן מויל גיסט זיך נישט, נאָר גאָרנישט; מען טרעפט אַ גוטן ברודער, מען נעמט אַ קאַפּ, מען באַרגט אַ „זהב טהור", און מען לעבט ווייטער.

מאַכט זיך אָבער אַ מעשה. אַזוי ווי מען זאָגט: אַ גאַנץ יאָר שכור—פּורים ניכטער! אָבער נישט אַ דרייער אין שטוב! וואָס טראַכט איך? איך וועל מיך איינבעטן צו'ן אַ גוטן ברודער! עס איז דאָך נאַריש, איך וועל דאָך נישט אַרומגיין פּורים מיט אַ טרו־קענעם האַלז! פאַרט אַזאַ נס געשען! אסתר המלכה, כאָטש אַ גרינגע, איז אַלץ נאָך ווערט, מען זאָל איר צוליב נ י ש ט גיין בדרך הישר ווי ניכטערהייט!...

גיי איך מיר אַרויס פון שטוב, און האַלט אין איין קלערן: צו וועלכן שניידער גייט מען?

גאָר פריילעך איז ביי אהרן דבשה'ס. בראָנפן גיסט זיך דאָרט, ווי וואַסער. ער טרינקט, זי טרינקט. די טאָכטער, זאָגט מען, האָט אויך דעם ביטערן טראָפּן נישט פיינט! אָבער טאַקע צוליב דער טאָכטער, האָב איך קיין חשק נישט אַהין צו גיין! אַ בתולה פון אַ יאָר 30, אפשר מיט אַ שמיץ, און שדכ'ענט זיך צו מיר. אַז זי דערזעט מיך, נעמט זי „מים אויף די עינים", קוקט זי אויף מיר ווי אַ שאָף אויף זאַלץ, און פאַרגלאָצט נאָך די אויגן, אַז מען זעט

די שוואַרצאַפּל נישט אַרויס, סאַמע ווייסל, צוויי שיסעלעך סמע־טענע...

ניין. צו אהרן דבשה׳ס גיי איך נישט... צו אַנדערע רייכע שניידער אודאי נישט! זיי קוקן אויף מיר פון דער הויך, ווי אַ סאָווע אין די פעדערן אויף אַ נאַקעט הינדל... איז טאַקע שלעכט: גיי טרעף, וועלכער קבצן איז נישט קיין פורים־שפּילער און האָט אין דער היים אַ קאָפּ?

און אַזוי קלערנדיג האָב איך אַ טעות, און אויפ׳ן אָרט פון גיין אין שטאָט אַריין, גיי איך גאָר אַרויס פון שטאָט... העט אַוועק.

אַז איך דערמאָן מיך, בין איך שוין אַ היבש שטיק וועגס ווייט פון שטאָט. שטייט אַ וועלדל, גיי איך אַריין. נאָך וואָס? כ׳ווייס נישט! איך גיי... פרעגט מיך בחרם, וואוהין?

טרעף איך אַ האָלץ־העקער; פרעג איך אים: ווייט צו אַ קרעטשמע?

טראַכטן טראַכט איך מיר, אונטער דער שטאָט קריגט מען אויך אַ טרונק בראָנפן! איי וואָס? עס איז נישטאָ קיין קליינגעלט, קען מען טרעפן ביים קרעטשמער אַרבעט, און טרינקען דערווייל על חשבון המלאכה... אַז ערל געטרויט!

זאָגט ער, דער האָלץ־העקער: נישט ווייט.

גיי איך ווייטער; צוויי וועגן. איינער — רעכטס, איינער — לינקס. נעם איך מיך רעכטס. איך בין דאָך אַ שניידער, האַלט איך די נאָדל אין דער רעכטער האַנט, איז די רעכטע האַנט ביל־כער!

אויסגעוויזן האָט זיך, אַז בעסער וואָלט געווען ווען איך נעם מיך לינקס, און אפשר פאַרקערט? איך זאָל מיך געווען נעמען לינקס, וואָלט קיין מעשה נישט געווען...

---

הכלל, איך גיי רעכטס. און גיי, און גיי.
דאָרשטיג בין איך שוין לאַנג; ווער איך נאָך הונגעריג.
קאַלט אַביסל איז מיר אויך געוואָרן... אַזוי, עס בלאָזט אַביסל

צווישן די ביינער.—און אין מיטן—סטאָפּ! א צוים.

אן אייזערנע צוים. שווארצע אייזערנע שטאנגען מיט פאר־גילדטע שפּיצן,—א מורא!

א פורטקע איז דאָ. ביי דער פורטקע—א גלאָק. ביןאיך נישט פויל, נעם איך און קלינג אָן.

הערט זיך הינט בילן. ווערט מיר קאַלט אין די קנעכל און וויל מאכן פּליטה. הער איך אָבער, מען רופט: „שטיל!"—בלייב איך שטיין; איך בין דאָך נישט קיין מלמד, איך זאָל מיך שרעקן פאר הינט!

באווייזט זיך אן אלטער ערל, אָנגעטאָן ווי א יעגער, מיט גרינע לאצן, שטעקט אריין דעם גראָען קאָפּ, מיט צוויי צערונענע אויגן, צווישן די שטאנגען, און פרעגט, ווער איך בין.

זאָג איך: א שניידער.

— וואָס דארפסטו?

— א טרונק בראָנפן!

לאַכט ער, ווייזט ער מיר צוויי שורות אַלטע, אויסגעקרוממטע ציין. אָבער א פלעמל אין די אויגן!

ביזטו מיין מענטש, טראַכט איך! דיר איז אויך טרוקן אין האלז!

דארף מען אריינגיין מיט אים אין א נענטערן שמועס.

איך שטיי אין דער זייט, ער אין יענער זייט און מיר רעדן.

איך פרעג און ער ענטפערט.

— וואָס איז דאָ אזוינס?

— א פּאַלאַץ.

— און דו ווער ביזט?

— דער היטער פון פּאַלאַץ.

— און ווער וואוינט אין פּאַלאַץ?

— א פּריצה!

— וואָס פאר א פּריצה?

— א שיינע פּריצה.

— א שיינע?

— און א משוגענע...

— וואָס פאַר אַ משוגענע?

— זי וויל נישט חתונה האָבן! עס געפעלט איר קיינער נישט.

לאַך איך:

— אפשר וועט זי מיך וועלן!

— פּרואוו,—מאַכט ער,—אפשר איז זי דיר באַשערט!

און אַזוי ריידנדיג, שליסט ער אויף; לאָזט מיך אַריין. שטייען מיר שוין ביידע אויף יענער זייט.

אַ חברה הינט דרייען זיך אַרום מיט לאַנג־אויסגעשטעקטע צונגען,—הער איך זיי?—אַז ער האַלט מיר מיר!

— איך בין אַן אַלמן,—זאָג איך אים.

— פּרואוו... עס האָבן אַ סך שוין געפּרואווט... דייטשן, אַרמע־נער, ציגיינער... פּרואוו דו אויך... אפשר וועט דיר בעסער גע־לינגען...

קוק איך אים אָן! איך ווערטל מיך שניידעריש, פאַר אים איז עס „חי וקים".

גיי איך צוריק צו מיין זאַך און פרעג מכח אביסל בראָנפן.

— פאַראַן,—זאָגט ער,—אין פּאַלאַץ בראָנפן, מעד, אויך וויין. און חתנים נעמט מען שיין אויף, מען גיט צו עסן, צו טרינקען... כיד המלך,—זאָגט ער.

ווערט מיר שוין אַ ביסל נישט היימלעך.

איז ער נישט, דער אַלטער, אביסל פאַרדרייט? ניין, ניכטערן, אַ קלאָרן בליק האָט ער.

זאָג איך:

— גענוג, אַלטער, שפּאַס אָן דער זייט! מיר איז,ווירקלעך, טרוקן אין האַלז! אַזוי טרוקן, אַז דאָס קול קומט אַרויס, ווי פון אַ בלעך... און הונגעריג בין איך, אַז ווינטן בלאָזן מיר אין מאָגן!

נו, קום, שמייכלט ער, קום, עסן און טרינקען וועט נישט פעלן.

מיין איך, אַז ער פירט מיך צו זיך; פירט ער מיך צום פּאַ־לאַץ!

און אַ פּאַלאַץ,—עס איז דען צום באַשרייבן? דער מחבר פון אקדמות, וואָלט געבליבן מיט אַן אָפן מויל! זיילן און זיילן, מיט

גאָלדענע שלאַנגען, אָדלער, כל'ע מיני פלעדער־מייז אויף די זיילן...

און דאָס אַלץ מיט גאָלדענע קרוינען אויף די קעפּ... און ער פירט מיך צו צו'ן א גאַניק, אויסגעלייגט מיט א טערקישן דיוואַן.

און גיט מיך איבער צו א לאַקיי.

—א חתן!—זאָגט ער.

דער לאַקיי שמייכלט און פירט מיך ווייטער.

די פּריצה, פאַרשטייט זיך, ליגט מיר נישט אין דער לינקער פּאה. אָבער א שניידער בין איך, וויל איך זען...

און וואָס? מען וועט מיך דאָך נ י ש ט הענגען! לאָז איך מיך פירן.

פירט מען מיך. פון איין סאַלאָן ארויס, אין צווייטן אריין; פון א גרינעם סאַלאָן צו א געלן; פון א געלן—צו א רויטן, פון א רויטן—צו א בלאָען... די קאָלירן שווינדלען מיר אין די אויגן.

און עס גייט א גאַנג. א געיעג. נאָר מען לויפט. און די פאַרבן הויבן זיך מיר אָן צו מישן, איך האָב שוין קיין צייט נישט אפילו דאָס מעבל אין די סאַלאָנען צו באַטראַכטן, די פּאָרטרעטן אויף די ווענט. קאָלירטע פלעקן לויפן מיר, אויג ארויס, אויג אריין; און איין לאַקיי גיט מיך איבער דעם צווייטן, איינער דעם צווייטן...

אַלץ האָט דאָך אָבער א סוף, שטעלט מען מיך אין א סאַלאָן, נאָר אין א ווייסן סאַלאָן...

רעכטס, זאָגט מען מיר, גייט א טיר צו דער פּריצה אַליין, און לינקס,—א טיר, ארויסצוּוואַרפן פון פּאַלאַץ, אויב דער חתן געפעלט נישט!

קוק איך, מן הסתם, אויף דער טיר צו דער פּריצה; דערזע איך א קליין לעכל אין טיר.

— וואָס איז דאָס?—פרעג איך.

פאַרטייטשט מען מיר, אַז דורך דעם לעכל, קוקט די פּריצה אויף די חתנים!...

— און ווי אַזוי זעען די חתנים די פּריצה?

— אָט!—מאַכט דער לאַקיי, פון וועלכן עס בליצט און קאַפּעט מיט גאָלד, און ווייזט מיר א פּאָרטרעט אויף דער וואַנט.

א שטאָלצע נקבה, א ריז... א בליק פון אן אמת'ער שררה'לע, כאַטש זי שטייט עפּעס אויף דער קני! און האָט עפּעס אַרום די ליפּן, וואָס רייצט און ציט ממש, ווי מיט צוואַנגען.

איך בין דאָך א שניידער, האָב גענוג קליידער געמאָסטן, שיינע נקבות און פּריצות געזען, אָבער—וואָס זאָל איך אייך זאָגן — אַזוינס האָט זיך מיר אפילו נישט גע'חלומ'ט!

דער יצר הרע אַליין!

און דאָס הארץ קלאַפּט שוין, ווי ביי א גזלן!

און איך פאַרגעס שוין ווער איך בין, וואָס איך בין; ווער און וואָס זי איז; מיין באָבע'ס דאגה!

איך צי מיך אויס ווי א סטרונע און וואַרט אויף איר ווי א איד אויף משיח'ן, ווי א פרומע נשמה אויף עולם הבא!

מ'גיט א קלינג! דער לאַקיי פאַרטייטשט: די פּריצה גייט! און נעמט מיך אָן, שטעלט מיך געגנאיבער דעם לעכל אין טיר, און נייגט זיך פאַר מיר מיט א שמייכל, און פאַרשווינדט.

און איך שטיי, און ציטער א ריר צו טאָן מיט א ברעם. און די פּאָר סעקונדן, וואָס איך בין געשטאַנען, זיינען יאָרן, און ווייטער א קלונג און עס קומט אריין דער זעלבער לאַקיי.

— געפעלן!—זאָגט ער...

מיין איך, דער שלאָג האָט מיך געטראָפן.

— נאָר, זאָגט ער.

— וואָס נאָר?

— נאָר אומריין—האָט זי געזאָגט. זי הייסט דיך פירן אין בעדל אריין.

איך וועל אייך נישט לאַנג ברייען...

איר זעט דאָך, אַז איך בין צוריק א שניידער; פאַרשטייט איר דאָך, אַז דער שידוך איז נישט עולה יפה געווען... אָבער דער „נאָר" מיט'ן בעדל האָבן מיר דעם מארך פון די ביינער ארויס־געצויגן!

פריער האָט מען מיך געבאָדן, דער ברוד זאָל אראָפּ, דער שוויים זאָל אראָפּ... מילא, א שניידער, פון וועג, נעגאַנגען צופוס, איז אָבער ווייטער א „נאָר".

וואָס ווייטער?

די מלבושים מיינע געפעלן איר נישט...

זאָג איך, איך וועל שיקן נאָך מיין שבת׳דיגער קאַפּאָטע,— מאַך איך מיך, הייסט עס, גרויס. ווארום, פאר אונז זאָגנדיג, האָב איך קיין שבת׳דיגע קאַפּאָטע נישט פאַרמאָגט!...

וויל זי אָבער, איך זאָל מיך אָנטאָן דייטש...

ווילט זיך מיר נישט! וואָס איז עס עפעס פלוצלונג—דייטש?

דערמאָנט מיך אָבער דער יצר הרע, אַז איך האָב געזען אמאָל דעם פראַנקפורט־אם־מיינ׳ער רב, וואָס איז ארומגעפאָרן זאמלען נדבות אויף א ישיבה, און איז אויך געגאַנגען דייטש,—מילא, אַז א ראש ישיבה מעג, מעג איך דאָך אודאי,—באשטיי איך...

הייסט מען מיר אָבער אוועקוואַרפן דעם ארבע כנפות—טראַכט איך: הלמאי א אידענע, האָט אויך א חלק עולם הבא, און באגייט זיך אָן ארבע כנפות! גיב איך אוועק די ציצית... אַז עס איז איר איינגעפאַלן!

פרעגט מען מיך נאָך, צי איך קען רעדן פריציש לשון, זאָג איך: אודאי! איך האָב דאָך געניית ביי פריצים! געניית, גע־פרעסט, געמאָסטן... אויף פריציש לשון געזונגען, געקריגט זיך, געבעטן זיך, און די ציין פאַררעדט... זאָגט מען: ניין, דאָס איז ווייניג! מען מוז קענען לעזן און שרייבן אויך!

נעמט מען מיך צו א לערער... לערנט ער מיט מיר גראמאַטיק, —שוויץ איך! מילא... אויסלערנען וועל איך מיך, א אידיש־קעפל האָב איך... נאָר—און דאָ איז דער הונט באגראָבן—לערנען אומגעגעסן... פשוט אומגעגעסן, ווארום, עיקר שכחתי—כאָטש א שניידער, לעב איך אין פּאַלאַץ מיט טיי און געבראָטענע קאַר־טאָפל, נאַריש, קיין טרפות וועל איך דאָך נישט עסן!... איז מיר טאַקע שווער... פאַל איך אביסל אָפּ...

איך קאָן שוין א ביסל גראַמאַטיק, איך רעד שוין, קיין מעשה נישט, מיט דער ריש, נאָר—איך פאַל אָבער אריין אין דער דאָר...

און די פריצה וויל דוקא א „מענטש"; הייסט מען עסן!

הויבט זיך ווייטער אָן א מעשה מיט׳ן יצר הרע!

פת עכו"ם, זאָגט ער, איז נישט פון די גרויסע זאכן... אין א

סך אידישע הייזער קויפט מען שוין לאנג דייטשע זעמעל... פון חזיר רעדט מען נישט! פריצים עסן אויך א גאנץ יאָר קיין חזיר נישט... אלא יואָס, וויעלקאנאָץ? אָדער דו וועסט דיך ביז דעמאָלט צוגעוואוינען, אָדער דו וועסט דיך מאכן קראנק, לייגן אין בעט אריין און הייסן דיר דערלאנגען איינגעמאכטס! און אפשר וועסטו ביז דעמאָלט דער פריצה אַזוי געפעלן, אַז זי וועט אויך אָנהויבן צו עסן כשר'ס, און וועט גאָר, דיר צוליב, מאכן א קוגל אויך!

הער איך אים, לכתחילה, ווי'ן רב... פאַר טרפות האָב איך אביסל אָפּשיי... א פּריצה, ווייס איך, פאַרגייט—און גיהנום באַשטייט! אן אייביגע זאך!

נעמט ער מיך אָבער, דער ממזר, אויף קאַוויאַר...

און קאַוויאַר ווייס איך שוין נישט... אפשר גאָר פון כשר'ע פיש!

און קאַוויאַר עסט מען מיט ציבעלעס!

און איך שפּרינג שיר נישט אויס דער הויט אַרויס! שוין דריי וואָכן דעם כשר'ן ריח נישט געפילט; אויס מענטש בין איך אָן א ציבעלע!

טראכט איך מיר, לאָזן זיי נאָר געבן קאַוויאַר! איך וועל עסן די ציבעלעס... און פאַר דרך ארץ א לעק טאָן א שוואַרצן רויג— און אפשר אויסשפּייען...

עס שפּייט זיך אָבער נישט... איך עס קאַוויאַר. מיט א לעפל און ווער טאַקע א ביסל פולער...

קוק איך אין שפּיגל אַריין—א גאַנצער מענטש! וואָס א מענטש? א גאַנצער פּריץ בין איך! די אויגן קלאָר, אויסגעשלאָפן... די באַקן בליען ווי די רויטע עפּל! און פּלייצעס!

וואו די פּאות זיינען אהינגעקומען? אָסור, אויב איך ווייס... מען האָט זיי מיר אפשר אין שלאָף אונטערגעשניטן. די באָרד איז אויך ערגעץ אַוועקגעקומען... מיין באָבעס דאגה! מישטיינס געזאָגט, וואָס מיין גאַנץ שניידעריש שפּיציג בערדל איז ווערט געווען! אָבער א יונג מיט די ביינער—בין איך... דער פּריצה געפעלן מוז איך!

האָב איך דאָך אָבער פאָרט א שטיקל יצר הרע אין מיר; הויבט

ער אַן נאָגן: וואָס טייטש? נישט מיט קיין אידיש קינד...
קומט דער יצר הרע און פאַרמאַכט אים דאָס מויל.
— ווי הייסט, — זאָגט ער, — און בת יתרו? איי וואָס, — קודם מתן תורה? אָבער משה רבינו, נישט קיין שניידערל...
און אסתר המלכה איז אויך, דאַכט זיך, א אידיש קינד געווען, א שפּאַס — אסתר המלכה, און האָט גענומען א גוי — אַן אחשורש! און א נאַרישן אחשורש... און פונדעסטוועגן מאַכט מען נאָך א יום־טוב דערפון!
איי וואָס? זי האָט אידן א טובה געטאָן, וועסטו אויך טובות טאָן!
די פּריצה האָט קי, וועסטו אוועקגעבן ביליג די פּאַכט... זי האָט קרעטשמעס, וועסטו אַריינזעצן אידן בחצי חנם... זי האָט וועלדער, וועלן אידעלעך האָבן... וועסט זיי פאַרקויפן תבואה אויפ'ן פעלד! האָב קיין מורא נישט, עס וועט זיין א יום־טוב!
דער יצר טוב וואָלט אפשר געענטפערט, קומט אָבער באותו הרגע אריין די פּריצה, הער איך אים?...
און — בכבודה ובעצמה די פּריצה, — טויזנט מאָל שענער פאַר'ן פּאָרטרעט! און א לאַקיי טראָגט נאָך א גאָלדענע טאַץ... און אויף דער טאַץ שטייען גאָלדענע בעכער, און אַן אַלטע פלאַש וויין...
„לחיים" וויל זי מיט מיר טרינקען...
„נסך" שרייט דער יצר טוב.
„טפש"! — ענטפער דער יצר הרע...
און באמת, וואָס איז נסך נאָך גאָלן די באָרד, אָנטאָן דייטש, עסן טרפות?
זעץ איך מיך צופוסנס און טרינק...
„לחיים" און „לחיים"!
זי גיסט, איך טרינק!
נאָך א פּאָר כוסות, קוש איך איר די זוים פון קלייד.. זי איז דאָך א פּריצה — ביסלעכווייז!
נאָך א כוס! און זי אַליין דערלאַנגט מיר שוין די שפּיץ פינגער צום מויל... לאַנגע, שמאָלע, ווייס־רויטלעכע פינגער... טאַקע בצפּיחות בדבש!

פרעגט זי מיך, צי איך וויל טרינקען איר געזונט פון איר פאנ־טאפעלע...

אויב איך וויל!

עס איז נאר א שאד, וואס זי האט אזוינע קליינע פיסעלעך—אזוינע קליינע פאנטאפעלעך! פאנטאפל וואלט איך אויסגעטרונ־קען, שטיוול, פויערשע—וואסער־שטיוול!

וואס טו איך? טרינק איך צוויי פאנטאפעלעך; און נאך אמאל צוויי, און נאך אמאל.

פרעגט זי מיך, צי איך קען זינגען?

א פראגע!

וועלכער שניידער קען עס נישט זינגען?

דער קאפ דרייט זיך, די צונג לויפט אביסל, נאר זינגען מוז מען.

שטעל איך מיך אויף און זינג.

און וואס זינג איך?

מיין אלט לידל, אלע זינגען עס:

וואס מיר זיינען, זיינען מיר,
אבער אידן זיינען מיר;
וואס מיר טוען, טוער מיר,
און כפרות שלאגן מיר!

הערט זי „כפרות", גיט זי א קלונג...

קומען אריין דריי לאקייען, פרעגן מיך נישט א ווארט, נעמען מיך אן און ווארפן מיך ארויס דורכ'ן פענצטער!

---

פאל איך...

גוט וואס איך בין געפאלן אויף עפעס ווייכס; פון אזא הויך, —די ביינער וואלט איך געקליבן!

מיין איך, איך בין געפאלן אויף א סטויג היי, אויף הויך גראז, ווייזט זיך גאר אויס—אויף בעט־געוואנט...

אויף יונה דבשה'ס בעט בין איך געפאלן!

עס איז א שכור'ער, פורים'דיגער חלום געווען!

צו אלדע שווארץ יאָר, צו זייערע קעפּ, צו מיינע שונאים׳ס קעפּ...

מילא, איך האָב נישט געוואָלט גיין צו יונה דבשה׳ס, און בין נעגאַנגען. א שיינע כפּרה!

מיין באָבע׳ס דאגה!

זאָגן זיי אָבער, אז שכור׳ערהייט בין איך פאר יונה דבשה׳ס טאָכטער, וואָס קוקט אויף מיר מיט די צוויי שיסעלעך סמעטענע, ווי א שאָף אויף זאַלץ, א חתן געוואָרן—

דאָס איז נישט גוט!

# אַלטוואַרג

## דערציילט פון א פורים־רב

(מיט א קליינער הקדמה)

.1

איך האָב מיך געמאַכט פאַר א פורים־רב*)—בין איך! וואָלט איך מיך אויסגעקליבן אלס שתדלן אין וואָס עס איז פאַר אַן עסק, אלס גבאי אין א חברה של צדקה, אלס רעדל־פירער אָדער קאָבער־לעפל פון א פּאַרטיי, וואָלט איך אַלץ געקאָנט זיין! אפילו, ווען איר מאַכט מיך פאַר א גוטן אידן פאַר אַן עולם חסידים, וואָלט איך אויך געווען! איך בין קיינמאָל נישט נעגן קהל, געגן חברה, געגן פּאַרטיי און, וואָס מען וויל, בין איך. איר מיינט, מען דאַרף זיין פייאיג דערצו? אַז אָסור! וואָרים, נישט ג:ינ'ם אויסגעוויילטען שטעקט די קראַפט! ווען מען וואַרפט „הוראַ!", דער פליט; ווען מען שטעלט זיך אויפ'ן קאָפּ, דער איז הויך; ווער עס טראָגט דאָס שטריימל, דער איז רב! צו ווען מען פאָרט, ווען מען גיט פדיונות, פירט דאָס רעדל! און—נישט נענאַרט—יעדער איינציגער פון דער חברה האָט א קליין ביסל אמונה, א קליין פיצל בטחון, א שטיקעלע ווילן. און, אַז מען לייגט אַלץ

---

*) אין פוילן און אין ליטע איז אין די חסידים־שטיבלעך א מנהג אויסצוקלויבן אויף פורים א פורים־רב, וועלכער איז מחויב אַלעמען פרייילעך און לוסטיג צו מאַכן.

דאָס צוזאַמען אין איין בוזעם־טאַש, ווערט דער באַלעבאָס פון בוזעם־טאַש אַ גרויסער מאַן, אַ פייערדיגע זייל; אַ זון, וואָס שטראַלט אַרוים אמונה און בטחון... און אַן אייזערנע קראַפט קריגט מען טויערן צו ברעכן... אוהאָ ראיה: צעפאַלט זיך די חברה, ווערט דער גרויסער צוריק קליין, נישט אָנזעעוודיג; ער ווערט אינגאַנצן פאַרלוירן.

דאָס זעלבע איז מיט אַ פורים־רב. מיינט נישט, אַז ער דאַרף זיין בטבע אַלץ, אַז ער מוז שיטן מיט גלייך־ווערטלעך און וויצן! אויב דער עולם וויל און קאָן, איז נענוג, אַז דער פורים־רב זאָל טייטן מיט אַ פינגער, דער עולם זאָל פאַלן אונטער די בענק פאַר געלעכטער; ווילן זיי ניט און קאָנען נישט, העלפט קיין חכמות און קיין קונצן. דאָס איז אמת, אָבער, מודה מוז איך זיין, אַז איר האָט גוט געטראָפן מיט מיר! דעם אמת זאָגנדיג, אַ ביסל ליצנות שטעקט אין מיר פון געבוירנהייט אָן: אפילו אַז איך ווער גאָר ערנסט, אַז איך רייט שוין גאָר מיט גרוים גדלות אויפ׳ן בעזים, אַז איך בלאָז מיך שוין גאָר אָן, ווי ממש עפּעס רעכטס—זיצט אויך עפּעס אין מיר אינעווייניג און לאַכט... און ווער איך אַמאָל אין כעס, שיט מיט פייער, שריי: מערדער! הינט־שלעגער! א. ד. ג., זיצט עפּעס אין מיר און לאַכט! און עס לאַכט, אפילו ווען איך וויין; ווען דאָס האַרץ, דאַכט זיך, וויל זיך צעברעכן ווי אַ שאַרבן... עס איז אַ ביטער געלעכטער, אָבער עס לאַכט: „עס איז דאָך גאָר אַ פורים־שפּיל!" לאַכט עס אַ גאַנץ יאָר! און די הויפּט־זאַך: ביי מיר ווערט איר ווירקלעך נישט וויסן, בין אָרור המן לברוך מרדכי, וואָרים—וואָרים איך אַליין ווייס נישט! כל זמן איך קוק מיט מיינע אייגענע אויגן אין מגילה אַריין, זע איך; כל זמן דער קורא לייענט, זינגענדיג־שנאָרכענדיג, הער איך; לייג איך אָבער אָוועק די מגילה, בלייבט דער קורא שטיל,—פאַרגעס איך, און הויב נישט אָן צו וויסן! דאָס קומט דערפון, וואָס מען האָט,—גרוים זיינען אונזערע זינד—אָפּגעשטעלט די זון, געהייסן זיך דרייען—דער ערד. דרייט זיך מיר פון דעמאָלט אָן דער קאָפּ!... אַז אַ מענטש פילט נישט קיין פעסטן באָדן אונטער די פיס! דער באַלעבאָס פון קלענסטן שטעטל זיצט שוין נישט אויפ׳ן אָרט, איז נישט אַזוי פעסט

פארגליווערט ווי אמאל... דער וועג פון וויג ביז'ן קבר איז שוין נישט אזוי גראד; קרום, נישט איבערצוזען: א מענטש ווערט געבוירן אין מערב, גט זיך מיט'ן ווייב אין צפון, באנקראָטירט אין דרום, מאכט גלגול מחילות קיין מזרח און אזוי ווייטער! און גיי וויים אויפ'ן כף הקלע, ווער המן, ווער אחשורש און ווער, להבדיל, מרדכי איז? אן אויסגעמישטע וועלט!—ווי גלעזערנע פערל אין א קאַלעידאָסקאָפּ, מישן זיך איבער די פארשיידן־פארבי־גע, פארשיידן־פאָרמיגע אידייען; די ליניען ברעכן זיך, די רעדער וויקלען און פלאָנטערן זיך און גיי וויים, וואָס גוט און וואָס שלעכט איז...

עה, ברידער! איינשלאָפן טאָר מען נישט! די הקדמה איז געענדיגט, נעמט א קאָפּ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער וואָס דערציילט מען אייך?

איך פלעג אייך דערציילן וויינענדיגס, הארצרייסנדיגס, האָט איר געלאכט; מיר האָט אין די געהירן געברענט, דער טייוול מיט אלע זיינע משרתים האָבן דאָס הארץ געריסן, און איר פלעגט פּלאצן פאר געלעכטער. וואו נעמט מען פורים געשיכטן פאר אייך?

איך קוק ארויס דורך די פענצטער און זע גאנצע לאָנקעס, באוואקסן מיט בלומען און דערנער. די בלומען זיינען די גוטע, הארציגע מעשה'לעך, און די דערנער זיינען מעשה'לעך, וואָס שטעכן און ברענען! וואָס זאָל איך אויסרייסן פאר אייך? א בלימל? געוויס! ווי הייסט עס אינ'ם באקאנטן ליד? — דער רבי האָט געהייסן לוסטיג זיין! איך שטרעק אויס די האנט — צי וועל איך ריכטיג טרעפן? עס איז דאָך פורים! איך זאָל כאטש, ווי עס וועט זיין, קיין טעות נישט האָבן...

.2

איך שטרעק אויס די האנט, די לאנגע האנט פון א פורים־רב, אין דער פורים־וועלט אריין און טרעף קיין כינע, און רייס אויס

א בלימעלע — א מעשה׳לע. הערט!

אמאל איז געווען א כינעזישער חכם; ער האט דורכגעמאכט אלע עקזאמענס, דורכגעלעזן און אויסווענדיג געקאנט אלע ספרים, געדרוקטע און געשריבענע, הייליגע און „וואכעדיגע“, מיט איין ווארט — אלץ, וואס א כינעזער האט אמאל אריינגענארט אין א טרוקן כינעזיש ווארט און פארקלאפט און פארהאמערט אויף טויט! ער האט נאר געדארפט עפענען דאס מויל, עס זאלן זיך ארויסקאלערן גאנצע מגילות, גאנצע ספרים; מיט׳ן שער, מיט׳ן „תם ונשלם“, מיט אלע ציטאטן און אלע באמערקונגען פון בחור הזעצער, וואס זיינען נאך אין כינע אין דער מאדע, ווי ביי אונז מיט א יאר פופציג צוריק... הערן האט ער שוין נישט געקאנט, עס איז שוין פאר אים קיין נייעס נישט געווען: זען האט ער שוין נישט געהאט וואס — אין כינע זיינען זיך „מארגן“, „נעכטן“ און „היינט“ ענלעך ווי צווילינגס־ברידער — האט ער זיך טאקע געלייגט שלאפן! ער האט זיך מיט׳ן גרויס געלערטן מונטאקע, ווי דער שטייגער איז אין כינע, געווארפן אין בעט אריין, גענומען די שלאפמיץ איבער די אויערן און אויגן און שלאפט... פון צייט צו צייט שנארכט ער. עס טרעפט, אז ער רעדט חכמות פון שלאף, נאר עטלעכע מאל אין טאג עפנט ער דאס מויל, מען זאל אים אריינשיטן עטלעכע קערנדלעך רייז, אריינגיסן עטלעכע טראפן זופ פון פויגל־נעסט... און עפנט אפילו דערביי די אויגן נישט אויף...

ער איז אזוי געשלאפן א יאר, צוויי צי דריי און אפשר הונדערט יאר... אין א לאנד, וואס האט א געשיכטע פון הונדערט טויזנט יארן איז א יאר און הונדערט יאר כמעט אלץ איינס... נאר פלוצים איז ער, ווי א געביסענער, ארויסגעשפרונגען פון בעט. א צוועלף־פונטיגע יאפאנישע הארמאט האט אים אויפגעוועקט... אין דער צייט, וואס דער געלערנטער כינעזער איז געשלאפן, האט יאפאניען שטודירט; עס איז געגאנגען צו דער קלוגער מאדאם איראפע אין שולע אריין און — האט זיך אויסגעלערנט — שיסן! און עס שיסט... פיף־פאף־טראך! פיף־פאף־טראך! דאס האט ער נישט פארגעזען; דאס האבן אים הייליגע און וואכעדיגע ספרים

פריער נישט געזאָגט, און קיינער האָט אים, ביי דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז געשלאָפן, אין חלום נישט אַנטפּלעקט... ער רייסט אַראָפּ די שלאָפמיץ: בים־באָם־טראַך; די האַרמאַטן קלינגען נאָך העכער, נאָך שרעקלעכער: ער קוקט זיך אום — אין שטוב איז קיין נפש נישטאָ... דאָס הויזגעזינד מיט דער גאַנצער דינער־שאַפט זיינען אַנטלאָפן ווי פון אַ שׂרפה און האָבן דעם שענסטן און בעסטן, דעם גרוים געלערנטן — גאָר פאַרגעסן... ער לויפט צום פענצטער, קוקט אין גאַס אַריין: זאָל גאָט שומר ומציל זיין! צי איז ער שכור? צי איז ערד־ציטערניש? הייזער, שטאַרקע, פעסטע הייזער און פּאַלאַצן, וואָס מען האָט געבויט אויף אייביג, — אויף כינעזישן אייביג, — הוידען זיך, וויגן, ציטערן, פּלאַצן און פאַלן... ער פאַלט אויך אום פאַר שרעק... ער ליגט און קלערט, אפשר דאָס ערשטע מאָל אין לעבן. וואָרום זייט ער לעבט, האָבן אים קאָנפוציוס מיט זיינע מפרשים געגעבן יעדע רפואה פאַר דער מכה, יעדע אַנטוואָרט פאַר דער פראַגע; מען האָט נאָר געדאַרפט אַריינקוקן און זען, און וויסן! ערשט היינט קלערט ער; היינט, ווען די יאַפּאַנער באָמבאַרדירן דאָס האַרץ פון כינע! — גאָט, גאָט! — וויינען די אַלטע אויגן פאַר־צווייפלט, — אַ נייע חכמה, אַ שׂים־חכמה... ווי קאָן מען רעטן זיך און גאַנץ כינע צוזאַמען! נאָר לאַנג קלערן איז דעם געלערנטנ׳ס מוח נישט אימשטאַנד, און דער כינעזישער חכם בלייבט ליגן אויף דער ערד פאַר׳חלש׳ט, פאַרשמאַכט...

ער ליגט און איך זע, אַז דאָס מעשׂה׳לע געפעלט אייך נישט!... ווי הייסט, היינטיגע צייטן און אַ מעשׂה׳לע פון דער פרעמד. נישט פון אונזער וועלט!

וואַרט, הערט ווייטער, עס וועט זיין אַ איד אויך!

איר הערט ווי עס קלינגט: — האַנדל! האַנדל! פּרנסה דאַרף דאָס אידעלע, זאָל זיין אייראָפּע, זאָל זיין כינע, זאָל זיין וואו עס איז; אַ וועלט־שטאָט אָדער אַ קריי־ווינקל: האַנדל! האַנדל! אונטער דונער און בליץ, אונטער יאַפּאַנישע קוילן, זאָל זיין דערביי ערד־ציטערניש — האַנדל — האַנדל. מען מוז עסן און חדר־געלט צאָלן! אַלטוואַרג קויפט אַ איד, דאָס, וואָס

אַלע וואָרפֿן שוין אויפֿ'ן מיסט אַרויס, דאָס, וואָס מען מיאוס'ט זיך שוין אין האַנט אַריין צו נעמען; דאָס פֿאַרשמוצטע, צופּליקטע, צעריסענע, דאָס קויפֿט ערשט אַ איד און פֿאַרקויפֿט! אַבי געהאַנדלט!

נאָר אין כינע, וואו דאָס אַלטוואַרג איז אַזוי הייליג, שטייט דאָס געשעפֿט נישט גוט; מען פֿאַרקויפֿט זעלטן, פֿאַר פּקוח נפש, אָבער ווייטער נישט! אייניקלעך טראָגן דאָס, וואָס די באָבע און דער זיידע האָבן שוין בירושה באַקומען; זעלטן עס טרעפֿט זיך אַ שטיקל סחורה!

דער איד טוט דאָס זיינס און פֿאַרלאָזט זיך מיט דער רעשט אויף דעם, וואָס שפּייזט דעם וואָרים אויפֿ'ן פֿעלד און דעם האָז — אין וואַלד, און שרייט אין אַלע גאַסן: — האַנדל! האַנדל! און דער הייזעריג, דין־אויסגעפּייפּטער „האַנדל" שניידט זיך דורך דורך די גראָבע באַסן פֿון די 12־פֿונטיגע האַרמאַטן און פֿאַרדרייט זיך ביז צום אויער פֿון פֿאַר'חלש'טן כינעזישן חכם.

דער שפּרינגט אויף: אַ איד רופֿט! אַ איד איז דאָ! אַ איד, וואָס איז נישט קיין פֿראַנצויזישער, דייטשער, יאַפּאַנישער אָדער כינעזישער חכם, נאָר אַ וועלט־חכם! אַ איד, וואָס האָט שוין פֿון יעדן אויוון ברויט געגעסן און איז אויף יעדער באַנק געשמיסן געוואָרן... ד ע ר וועט אַן עצה געבן! מיט אַלעם האַנדלט ער, אַלץ ווייסט ער!

— איד! — שרייט דער כינעזער, צושפּרינגענדיג צום פֿענצטער פֿון שטוב.

— איך בין דאָ, כינעזישער חכם! — ענטפֿערט דער איד, צושפּרינגענדיג צום פֿענצטער פֿון דער צווייטער זייט, פֿון גאַס; און ווען נישט די שויב אין דער מיט, וואָלטן זיך, ווייניגסטנס, ביידע נעז געקושט!

— האָסט אַלטוואַרג? — פֿרעגט דער איד.

— אַ סך, אַ סך...

— וועסט פֿאַרקויפֿן?...

— ניין, נישט פֿאַרקויפֿן, נישט פֿאַר געלט, חלילה! נאָר אוועקגעבן, אויסטוישן.

— אויף אנדער אלטווארג? טויש איז אויך א מסחר, — טראכט דער איד.

— ניין, נאר אויף חכמה! אויף א חכמה, פון וועלכער די יאפאנישע תלמידים און אייראפייאישע מלמדים וויסן נישט. כינע מוז מען רעטן. מיט חכמה רעטן.

— חכמה אויפ'ן לאגער, — ענטפערט דער איד, — האב איך נישט.

— נאר וואו באקומט מען זי? וואו? — שרייט דער כינעזער.

— די אדרעס וויים איך! מעקלעריי, טראכט דער איד, איז אויך א געשעפט!

— זאג!

— און וואס וועל איך באקומען דערפאר?

— וואס דו ווילסט, מיין גאנץ אלטווארג.

— מאכסט חוזק?

— האסט מיין ווארט, א כינעזיש ווארט!

נאר דער איד גלויבט נישט אויפ'ן ווארט; פריער וויל ער דאס אלטווארג, דערנאך ערשט וועט ער געבן די אדרעס.

— און וועסט מיך נישט נארן? — האט ווייטער דער כינעזער מורא.

— איך שווער ביי גאט!

— ווייניג!

— ביי דער תורה!

— עט!

— ביים פאלק ישראל! — דער כינעזער פארקרימט זיך.

— ביי בארד און פאות.

די שבועה נעמט אן דער כינעזער פאר וויכטיג און — דער איד איז שוין אין שטוב, דער זאק זיינער איז שוין אפן און דאס כלי־בית מיט'ן ביסל קליידער, וואס די הויז־לייט און דינערשאפט האבן איבערגעלאזן, זיינען שוין פארשוואונדן אין זאק.

— אצונד זאג! — שרייט דער כינעזער.

— נאך נישט, — ענטפערט דער איד.

ער וויל נאָך די שלאָפּמיץ, זי איז אַלט! ער וויל נאָך דעם מונדיר פון לייב, ער איז נאָך עלטער! ער איז מיט עטלעכע דורות עלטער פאַר דער שלאָפּמיץ.

נאָכ'ן אויסטאָן דעם מונדיר, באַווייזט זיך ערשט, אַז די וועש פון לייב איז אויך אַלטוואַרג! ער איז אַזוי לאַנג געשלאָפן און די וועש נישט געטוישט!

און דער כינעזער גיט אַוועק די שלאָפּמיץ, טוט אויס דעם מונדיר, די וועש קריכט אים אַליין אַראָפּ פון לייב.

— שוין? — פרעגט ער נאַקעט און פאַרצווייפלט.

— נאָך נישט, — ענטפערט קאַלטבלוטיג דער איד.

— דער צאָפּ דיינער איז אויך מיין! ער איז אַזוי אַלט ווי גאַנץ כינע!

דער כינעזער לאָזט זיך פאַרצווייפלט אָפּשניידן דעם צאָפּ און דער פאַרשווינדט אויך אין אידישן זאַק —

— אצונד וועל איך דיר געבן די אַדרעס, — מאַכט דער איד,— נאָר געדענק, אַז איך בין דיר נאָר ערב, אַז דאָרט, וואו איך וועל דיר אָנווייזן, איז דאָ די סחורה, וואָס דו דאַרפסט! נאָר איך בין נישט מחויב צו ווייזן דיר דעם וועג צו דעם אָרט, און בין נישט ערב דערפאַר, אַז מען וועט דיר די סחורה געבן!

— גוט, נאָר אַהער די אַדרעס!

— אין גן־עדן, אויפ'ן עץ הדעת! — ענטפערט דער איד און שפּרינגט אין איין אייַלעניש אַרויס דורכ'ן פענצטער.

דער כינעזער איז געפאַלן חלשות.

דער וועג אין גן־עדן אַריין געפינט זיך אין אַלע הייליגע ספרים; די מלאָכים, וואָס היטן דעם גן־עדן, וואָלטן זיך אפשר געלאָזט איבערקויפן, נאָר ווי קומט מען אין גן־עדן אַריין אָן אַ צאָפּ?

. . . . . . . . . . .

בכאן, ברידערלעך, לאַכט מען! איז איך ווייניג, נעמט נאָך אַ טרונק בראַנפן... איז לער די פלאַש, שיקט אין מאָנאָפּאָל... אויב איר ווילט, וועל איך אייך דערציילן נאָך אַ מעשה,

אפשר וועט זי בעסער געראָטן! וויניגסטנס, וועט איר געוואָר זוערן, וואָס עס ווערט פון אַלטוואַרג.

---

.3

און די מעשה האָט זיך מיר שוין אַליין געטראָפן... נישט אין כינע, נאָר אין וואַרשע! געשטאַנען בין איך ביי דער ברודיגער ווייכסל, וואו עס וואַקסן די בערגער מיסט, וואָס די קלוגע און פיין־געלערנטע שטאָט וואַרפט פון זיך אַרויס, און וואו די אַלטע, אויסגעדינטע ווייבער קלייבן אַלטוואַרג: שטיקלעך אייזן, קופּער, נישט דורכגעברענטע קוילן צווישן דעם אַרויסגעוואָרפענעם אַש פון פאַבריק, ווי אויך אַלערליי שמאַטעס.

עס איז אונטערגעגאַנגען די זון, און דער שוואַרץ־גרויער ברעג, די קויטיג־געלע ווייכסל מיט'ן ברוין־און־בלוי־פאַרוויינטן הימל האָבן זיך צוזאַמענגענאָסן אויף אַ וואונדערלעך־חלשות'דיגן פאָן, אויף וועלכן עס האָבן זיך אַרומגעדרייט איינגעבויגענע, ביינערדיגע ווייבער־שדים און געגראָבן אין דעם מיסט מיט שטיקלעך אייזן; מאַנכע — מיט די בלויזע פינגער.

פאַר יעדן ווייבערישן שד איז געלעגן אַן אָפענער זאַק, וואו דאָס אַלטוואַרג איז פאַרשוואונדן געוואָרן...

עס פאַלט־צו די נאַכט, איין שד נאָכ'ן צווייטן נעמט דעם זאַק אויף די אַקסל און גייט אין דער באַלויכטענער שטאָט אַריין. איינער נאָר בלייבט, איינע—די מיאוס'טע, די שרעקלעכסטע...

עס שווימט אַרויס אַ פאַר'חושכ'טע לבנה, עס צינדן זיך אָן צוויי שורות ליכט, וואָס קוקן מיט ציטערניש אין דער ווייכסל אַריין — און זי שטייט, און קלויבט, און קלויבט...

איך באַמערק ערשט, אַז זי קלויבט נישט ווי אַלע פרויען; אַז נישט אַלץ, וואָס קומט איר אין דער האַנט אַריין, לייגט זי אַריין אין זאַק. זי קלויבט נישט קיין מעטאַל, קיין קוילן, נאָר שטיקלעך שמאַטעס, שטיקלעך קאָלירטע שמאַטעס.

איך גיי־צו און פרעג:

— אלט־ווייב, וואס טויגן דיר די קאלירטע שמאטעס?

— אז דו וועסט זוכה זיין, וועסטו זען! — ענטפערט זי מיט א וואונדערלעך־הארט קויל, און אין די אלטע, פארטיפטע אויגן באווייזט זיך ווי א בליץ פון צארן און חוזק צוזאמען.

זי האט געענדיגט; פארבינדט דעם זאק און ווארפט אים ארויף אויף די אקסל.

— וואו אהין גייסטו, אלטע?

— אז דו וועסט זוכה זיין, — ענטפערט זי, — וועסטו זען!

איך גיי איר נאך...

נאך וואס? גאנץ איינפאך: ווייל איך האב דעמאלט נישט געהאט ערגעץ אנדערש וואו צו גיין...

איך גיי איר נאך, און פלוצים ענדערט זיך אלץ ארום... אויס ווארשע, אויס ווייכסל, — א זאמד, א זאמד אן א קאליר, א מדבר... און איבער דער מדבר — א וויסטער הימל, אן לבנה, אן שטערן, און פאר מיר גייט מיט קליינע טריט דער אלטער ווייבערישער שד, מיט'ן שווארצלעכן זאק אויף די אקסל... שטיל, איך הער מיינע אייגענע טריט נישט אין קוילערדיגן זאמד. צייטנ־ווייז דאכט זיך מיר דאך, אז דער ווייבערישער שד קוקט אויף מיר פון הינטן, אז ער לאכט שטיל, שטיל, פון צווישן די ברוינע־בלויע, פארברוינטע ליפן, פון אפענעם מויל אן ציין!

איך גיי איר נאך, און גיי, און פיל מיך זייער שלעכט; מיר דאכט זיך, אז איך גיי נישט, נאר זי שלעפט מיך! זי ציט מיך, כאטש איך זע נישט דעם שטריק...

פלוצלונג ווערט מיר די אלטע כשוף־מאכערין פארשוואונדן, אין דער ערד פארפאלן... וואס איז דאס? איך מאך עטלעכע טריט ווייטער און באמערק ערשט א הייל, אין וועלכער זי האט זיך אראפגעלאזט. פאר אין ברירה, ווייל אליין בלייבן אין דער גרוי־וויסטער נאכט וויל איך נישט, שפרינג איך איר נאך אין דער הייל אריין. אין הייל איז פינצטער, און שרעקלעך לייכט אין דער פינצטערניש דער אלטער'ס געזיכט. עס לויכט געל, און אינ'ם געלן, ליכטיגן פלעק ציטערן ארום עטלעכע העלערע שטראלן,

און ביי זייער שיין זע איך, וואָס די אַלטע טוט: זי וואַשט די שמאַטעס, וואָס זי האָט צוזאַמענגעקליבן אויפ'ן מיסט, אין צוויי עמערס — איך קוק מיך שטאַרקער צו און דערזע, אַז איין עמער איז פול מיט אַ רויטער און דער צווייטער מיט אַ דורכזיכטיגער פליסיגקייט...

— נאָך וואָס וואַשסטו די שמאַטעס? — פרעג איך.

— וועסט זוכה זיין, וועסטו זען! — ענטפערט די אַלטע.

— וואָס האָסטו אין דעם עמער? — פרעג איך, אָנווייזנדיג אויפ'ן עמער מיט דער דורכזיכטיגער פליסיגקייט.

— טרערן! — ענטפערט די אַלטע, — טרערן, פון דיינס גלייכן, מענטשלעכע טרערן!

און האַלב זינגענדיג גיט זי צו:

— טרערן געפאַלענע, טרערן געגאָסענע, טרערן פאַרשלונגענע, דערשטיקטע און דערוואָרגענע...

— אַ ל ע טרערן?

— אָ, ניין! עס וואָלטן ימים געוועזן... דאָס זיינען נאָר ריינע טרערן, נאָר ריינע טרערן... טרערן פון אָרימע ליט, טרערן אויף גלות השכינה, טרערן אויף אַלעס, וואָס איז לעבעדיגערהייט פאַרשטאַרט, פאַרגליווערט און שטומפּיג געוואָרן...

— און אינ'ם צווייטן?

— בלוט... רויט, ריין מענטש־בלוט, פאַרגאָסן פאַר דער צייט, פאַרגאָסן אומזיסט... אַזאַ בלוט, וואָס די ערד וויל דערווייל נישט איינזאַפּן, ווייל זי קאָן נאָך דערפון נישט פרוכטבאַר ווערן!... ריין בלוט, הייליג בלוט, יונג בלוט...

— און אין דעם אַלעם וואַשסטו?...

— די אַלטע שמאַטעס, ווי דו זעסט!...

און ווייטער ענדערט זיך אַלץ אין מיינע אויגן... די שמאַטעס, געוואַשן אין טרערן און אין בלוט, ווערן וואָס אַ רגע ריינער, בלאַנקענדיגער, ליכטיגער... ליכטיגער אויך ווערט אין דער הייל... ליכטיגער און איינגער דער אַלטער'ס פנים... עס איז שוין נישט אַזוי שאַרף ביינערדיג ווי פריער... דאָס רויטקייט אַרום די אויגן פאַרשווינדט, אַ ליטזעליגער שמייכל באַווייזט זיך איר אויפ'ן

פנים און צעשפרייט זיך פון אויער צו אויער, און די אויגן אליין, די אלטע אויגן, הויבן אן לויכטן מיט א ווייך סאמעטענעם בליק... און וואס ריינער עס ווערן די שמאטעס, העלער ווערט אין דער הייל; ליכטיגער דאס פנים, ווייכער און שטראלענדיגער די אויגן! און אינגער ווערט זי אינגאנצן, אינגער און שלאנקער... פון קערפער פאלן אראפ די אלטע שמאטעס... עס באווייזט זיך א וואונדערלעך געטלעכע שיינהייט אן אן איינהיל —

— נאט! — שריי איך אוים — ווער ביזטו?

— אז דו וועסט זוכה זיין, וועסטו וויסן...

נעענדיגט די וועש... די אלטע שמאטעס זיינען אינגאנצן ריין, זיי שיינען, בלאנקען און לויכטן מיט טויזנטער קאלירן... און די נעוועזענע מכשפה איז יונג! יונג... גליך זי גייט ערשט אנטקעגן דעם יונגן, זאפטיגן לעבן... און די יונגע געטלעכע שיינהייט נעמט די קאלירטע שטיקלעך און מאכט פון זיי, מיט דער הילף פון קליינע העלצעלעך, נאר קונציגע, פיינע פענדלעך... צען, צוואנציג, פערציג קליינע פענדלעך! און זי ארבעט אלץ ווייטער און ווייטער. — אט האט זי שוין גאנצע בינד פענדלעך אין דער האנט און גייט מיט זיי ארוים פון דער הייל! איך גיי איר נאך... און גיין גיי איך שוין נישט ווי פריער, ווי א קאלב צו דער שחיטה, ווי נעצווינגן אויף א שטריק; אצונד גיי איך, ווי מען נייט אין א מדבר נאך א ליכטינער זייל; ווי מען גייט נאך א גאלדענעם שטערן, ווי מען גייט נאך א גליקלעכן מזל...

און ווייטער א נײַ בילד:

דער זאמדיגער סטעפ ווערט יואס אמאל העלער, נאר טונקעלע שאטן ווארפן און וויקלען זיך איבער'ן זאמד אין אלערליי וואונ־דערלעכע, הערלעכע געשטאלטן!

אן אויסגעשטערנטער בלויער הימל, נאר אין דער הויך, אין דער מיט צווישן הימל און ערד, ציטערן און ווארפן זיך מיליארדן דינע, שנייענע בלעטלעך...

אין די געטלעכע שיינהייט מיט די טויזנטער בינדלעך פענד־לעך אין האנט שטייט און קוקט צום הימל ארויף...

— וואָס איז דאָרט אויבן, — פרעג איך, — צווישן הימל און ערד?

— דאָס זיינען, — ענטפערט זי, — נשמה׳לעך!

— פאַרוואָס פליען זיי נישט אין הימל אַריין?

— ווייל גאָט שיקט זיי אַראָפּ אויף די ערד!

— פאַרוואָס דען פאַלן זיי נישט אַראָפּ?

— ווייל זיי ווילן נישט פאַלן... עס שרעקן זיי די שאָטן, וואָס קאָלערן און וואַלגערן זיך אויפ׳ן זאַמד, און וואַרטן אויף זיי...

— נאָך וואָס?

— זיך מיט זיי צו פאַראייניגן!... אַ נשמה, מוזטו וויסן, איז אַ ריינער שטראַל פון הימל. און ערשט פון אַ שטראַל מיט אַ שאָטן צוזאַמען ווערט אַ מענטש...

— און זיי וועלן נישט אַראָפּ?

— זיי מוזן!

אין אירע אויגן באַווייזט זיך אַ שטאָלענער בליק...

און אַזוי ריידנדיג, וואַרפט זי אין דער הויך אַרויף אַ פענדל... דאָס פענדל פליט אַרויף און איינע, אַ נשמה׳לע, כאַפּט עס אונטער און שיסט דערמיט אַראָפּ צו דער ערד... זי וואַרפט אַ צווייט, אַ דריט פענדל און יעדעס ווערט אויפגעכאַפּט! און וואָס מער פענדלעך עס פליען אַרויף, מער נשמות כאַפּן זיי אויף און שיסן אַראָפּ צו דער ערד.

און אַרום יעדער נשמה מיט אַ פענדל, פליען צוזאַמען און שיסן אַראָפּ צענדליגער און הונדערטער קלענערע נשמה׳לעך... און יעדעס נשמה׳לע, וואָס קומט אַראָפּ, ציט אין זיך אַריין אַ שאָטן!

און עס ווערט וואָס אַמאָל ווייניגער שניי־בלעטלעך אין דער הויך און וואָס אַמאָל ווייניגער שאָטן אויף דער ערד... די נשמות מיט די פענדלעך און די נשמה׳לעך, וואָס פליען אַרום זיי, שלינגען איין יעדערע אַ שאָטן פון דער ערד און צעפליען זיך אויף אַלע זייטן פון דער וועלט אַלס פאַרטייען...

און זי בלייבט מיט לערע הענט אונטער אַ ריין אויסגעשטערנטן הימל, אויפ׳ן געל־זאַמדיגן סטעפּ. אַ פיין דינער שמייכל ליגט

זיך איר איבער די פיין דינע ליפן, און פארשפרייט זיך סעקונדן־ווייז איבער'ן גאנצן געזיכט; אין די אויגן באווייזט זיך א בייזער בליק.

— ווער־זשע ביזטו? — פרעג איך דערשראָקן.

— דאָס לעבן! — ענטפערט זי.

— וואָס איז דיין טאָן?

— איך טרייב מיין טעגלעך פורים־שפיל... — ענטפערט זי הארט און פארשווינדט אין דער לופט.

„צום ווידערזען, פארנאכט אויפ'ן מיסט"!... שיקט זי מיר צו פון דער הויך!

. . . . . . . . . . .

אזוי, אזוי, ליבע פורים־לייט... דאָס לעבן פירט אויך א פורים־שפיל.

דאָס לעבן איז אַן אַלטע וועשין; זי וואשט טאָג־טעגלעך איבער דאָס אַלטווארג... דערפון מאכט זי נייע פענדלעך, נייע פארטייען... איין נשמה כאפט, ווי אויבן איז געשטאַנען, א פענדל, א שטיקל שמאטע, אויסגעוואשן אין טרערן און בלוט, שלינגט איין א שאָטן, און ווערט א מענטש, א רעדל־פירער! אַנדערע ווייטער שלינגען איין נאָר שאָטן; בלויז שאָטן און ווערן פארטיי־לייט! און דאָס פורים־שפיל דויערט אייביג, אייביג...

„עס איזט איינע אַלטע געשיכטע, און בלייבט דאָך איממער ניי"...

מיינט נאָר נישט, אַז שמאַטעס אַליין זיינען אַלטווארג, עס איז פאראַן אַלטווארג פון שטיינער, אייביג אַלטווארג, נישט איבערצוואוואשן... עס העלפן קיין טרערן, קיין בלוט...

---

.4

הערט נאָך א מעשה! שווין די לעצטע!

אַמאָל איז געווען א שטעטל, א וואונדערלעך שטעטל, אַז

אַפּענעס, אַן מויערן, אַן טויערן...

א ביסל קליינע ווייסע הייזלעך, צעוואָרפּן אויף א גרינער לאַנקע, וואָס האָט זיך געבאָדן אין גאָלדענע שטראַלן פון דער זון און אַרויסגעגעבן דאָס פיינסטע, גרינסטע גראָז מיט די שענסטע, כאָטש נישט געקינסטלטע בלומען...

יעדן פאַרנאַכט פלעגט דאָס יונגוואַרג נאָך דער אַרבעט אַרויסניין אויף דער לאַנקע, אויפ'ן גרין פאַרבלימטן מאַרק, צווישן די הייזלעך, און זינגען, און טאַנצן, און פריי, און פריילעך, און לוסטיג זיין.

די אַלטע פלעגן זיך זעצן אויף די גראָז־בענק פאַר די הייזלעך און צוזען, ווי דאָס יונגוואַרג לעבט, און אין זכרון נאָכאַמאָל איבערלעבן די יונגע יאָרן...

אַזוי האָט זיך געפירט אַ צייט...

וויפיל יאָר, צי וויפיל הונדערטער יאָר, ווייס מען נישט; ווייל עס איז אַ פאַרוואָרפן ווינקל געווען; אַ ווינקל אָן אַ געשיכטע. מען האָט נאָר געאַרבעט און געפרייט זיך; געאַרבעט און דערנאָך געזונגען און געטאַנצט, און עס איז גאָר נישט געווען וואָס צו פאַרשרייבן! און עס איז אין גאַנצן שטעטל קיין קאַלענדאַר נישט געווען, און איך ווייס נישט, צי עמיץ האָט גאָר אַ זייגער געהאַט...

איינמאָל האָט זיך געטראָפן און אין דעם שטעטל איז געבוירן געוואָרן אַ געניע, אָדער ווי מען זאָגט אויף לשון־קודש: אַ גאון! אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט מער פון אַלע אַ לויט האַרץ און אַ קווינט מוח! און, אַז ער איז אויפגעוואַקסן, האָט ער איבערגעמאַכט דאָס גאַנצע לעבן אין שטעטל — ער האָט געזען, אַז מען גראָבט קאַרטאָפל מיט דער האַנט, האָט ער דערפונדן אַ גראָב־אייזן... צום הילצערנעם אַלטן פלוג האָט ער צוגעמאַכט אַן אייזערן שנייד־מעסער... עס איז שווער געווען אויסצולערנען די קינדער אלף־בית, האָט ער דערפונדן אַ נייע מעטאָדע אַפילו צום טראַף! ער האָט אויך דערפונדן אַלערליי נייע עסנוואַרג; נייע זופּן צו די אַלטע מאכלים, און רעפאָרמירט אַפילו די טענץ... צו דער פּאָעזיע האָט ער צוגעגעבן ריימען, צו דער

מוזיק — דעם רעפרען... מיט איין וואָרט — ער האָט אַלץ פאַר־בעסערט, פאַרפיינערט; דאָס לעבן שענער און לייכטער געמאַכט! נישט אומזיסט איז ער דאָך אַ גאון געווען...

און אַז דער גאון איז גלייך מיט אַלע מענטשן מיט דער צייט געשטאָרבן, האָט אים דאָס דאַנקבאַרע שטעטל געוואָלט אַ דענק־מאָל — אַ גרויסע מצבה — אַ מאָנומענט, הייסט עס — שטעלן; אַ מאָנומענט אין מיטן גאַס, אַן אייביג געדערעכעניש... זאָלן אייביגע דורות וויסן, אַז דאָ איז אַמאָל אַ גאון געווען; זאָלן טראַגעדיגע ווייבער פאַרקוקן זיך און האָבן גאונים! זאָלן לערער און עלטערן טייטן מיט די פינגער אויפ'ן מאָנומענט און זאָגן צו שילער און קינדער: זעט, גאונים זאָלט איר זיין! וועט מען אייך אויך מאָנומענטן שטעלן! און הויך זאָל זיין דער מאָנו־מענט... זאָל די וועלט אַרום און אַרום זען, און נאָכפרעגן זיך און וויסן...

און מען האָט געשטעלט...

מען האָט אויף אַ צייט מבטל געווען דאָס טאַנצן און זינגען יעדן פאַרנאַכט, און, נאָך דער אַרבעט, האָט מען זיך גענומען צום מאָנומענט...

און עס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ מאָנומענט, וואָס האָט מיט'ן קאָפּ גערעדט שטאָלץ מיט די שטערן פון הימל, און האָט אויף דער ערד פאַרנומען אַ שטיק פּלאַץ אויף אַ פּיעדעסטאַל...

און אַז מען האָט דעם מאָנומענט געענדיגט און געוואָלט צוריק איינפירן דעם מנהג פון זינגען און טאַנצן פאַרנאַכט, האָט מען דעמאָלט ערשט באַמערקט, אַז מען קאָן שוין ניט פריי זיך אַרומיאָגן אויף אַלע זייטן, אַז מען קאָן נאָר טאַנצן אַ ראָד אַ ר ו ם מאָנומענט!

די אַלטע האָבן פון זייער זייט באַמערקט, אַז דער מאָנומענט פאַרשטעלט זיי די זון; אַז ניט אויף אַלע גראָז־בענק קאָן מען שוין זיצן; אַז פון מאָנומענט לייגט זיך אַ שאָטן איבער דער שטאָט... אַז אונטער'ן מאָנומענט איז קאַלט פאַר די אַלטע ביינער...

דאָך האָבן אַלע מיט'ן מאָנומענט שטאָלצירט; מיט'ן מאָנו־מענט אַליין בכלל און מיט דער לאַנג־יעריגער אַרבעט, וואָס מען

האָט אין אים פאַרשטיינערט, בפרט! און אַבוואָל עס האָבן זיך, דורך פאַרקוקעניש פון טראַגענדיגע ווייבער, ווי פון מוסר זאָגן פון עלטערן און לערער, קיין גאונים נישט געמערט, האָבן זיך דאָך געמערט די מאָנומענטן...

נישט מיט אמאָל, נאָר ביסלעכווייז; שוין נישט אַזוינע גרויסע — קלענערע, קליינע און גאָר קליינע, ביז צו איינפאַכע מצבות, נאָך אַלץ אין מיטן מאַרק!...

עס איז מיט דער צייט אַ מאָנומענטן־קרענק געוואָרן — אַן אונטערגאַנג...

האָט עמיץ דערפונדן אַ נייע אַרט קאַרטאָפל־שיילן, האָט עמיץ דערפונדן אַ נייע רעטעניש, ווער שמועסט, אַז עמיץ האָט עמיצן אַ גרעסערע טובה געטאָן, ... היבשע נדבה געגעבן, אָדער אַן אַלט בעט פון פייער אַרויסגעשלעפּט, מיט אַ שטעקן אַ שלאַנג געטויט, האָט מען אים שוין אַ מאָנומענט געשטעלט...

רייכע לייט האָבן פאַר'ן טויט אָפּגעשיידט אַ טייל פון דער ירושה פאַר זיך אויף אַ מאָנומענט; די, וואָס האָבן קיין גרויסן צוטרויען צו די יורשים נישט געהאַט, האָבן זיך אַליין לעבעדיגער־הייט מאָנומענטן געשטעלט... מיטעלערע לייט האָבן אויף מאָנו־מענטן די הייזער פאַרקויפט, דאָס בעטגעוואַנד פאַרזעצט... פאַר אָרימע קרובים האָט מען נדבות געמאַכט, מצבות צו שטעלן... עס איז געקומען דערצו, אַז אַלע האָבן געמוזט האָבן מאָנומענטן, און פאַר גאָר געמיינע לייט, וואָס האָבן אפילו קיין רייכע קרובים נישט געהאַט, האָט קהל געגעבן אַ מאָנומענטל...

אויס גראָז, אויס בלומען, אויס געזאַנג און טענץ — דורכ־אויס מאָנומענטן, סאַמע מצבות...

און די מענטשן האָבן מער פון טויט און מאָנומענטן גע־טראַכט ווי פון לעבן... לעבעדיגערהייד האָט זיך יעדערער שוין פאָרגעשטעלט אַלס טויטער, און באַמיט זיך אויסצוזען שטייף און פעסט ביים לעבן ווי דער מאָנומענט נאָך זיין טויט!

און אין די שטייפע, מאָנומענטן־ענלעכע קערפּער זיינען שטייף און פאַרשטיינערט געוואָרן די נשמות...

נישט פּלאַץ צום טאַנצן און זינגען האָט שוין געפעלט; דער

חשק דערצו איז שוין אויסגעטריקנט געוואָרן... געלעבט האָט מען נאָר אויף נאָכ'ן טויט!... געהאַפט האָט מען נאָר אויף מאָנומענטן!...

און עס איז געקומען א צייט, ווען די גאַנצע שטאָט איז פול געוואָרן מיט שטיינערנע מאָנומענטן, ווי אויך מיט מאָנומענטן פון פלייש און בלוט, וואָס האָבן גאָר קינסטלעך געמאַכט די שטיינערנע, אַז עס איז צווישן זיי נישט געווען צו דערקענען!

און מיט דער צייט האָבן די גרויסאַרטיגע שטיינערנע מצבות ווי געלעבט, און לעבעדיגע מענטשן זיינען געוואָרן פאַרשטיינערט ווי טויטע מצבות...

שטאַרק איז דאָך די לוסט צום לעבן אפילו אין האַרץ פון פאַרשטיינערטע מענטשן! עס וועקט זיך אַלע מאָל שטאַרקער דאָס בענקשאַפט צום פרייען לעבן! צום פרייען זינג־און טאַנץ־לעבן!

פאַרבאָרגענערהייט האָבן אַלע געגלוסט און געבענקט נאָך דער אַלטער צייט, ווען דער פאַרבלומטער מאַרק האָט זיך געבאָדן אין דער ליכטיגער זון, ווען דאָס יונגוואַרג האָט געזונגען און געטאַנצט אין מיטן מאַרק, און ווען דאָס אַלטוואַרג איז געזעסן אַרום, אויף די גראָז־בענק, און צוזעענדיג, נאָך אַמאָל דורכגעלעבט אַ לעבן...

און מען האָט שטילערהייט אַזוי לאַנג געבענקט, ביז מען האָט אַ שטיקל עצה געפונען!

מען האָט צונויפגעקליבן אַלע פונקען פון לעבן און פרייד, וואָס האָבן זיך געוועקט איבער אַ גאַנץ יאָר, און צוזאַמענגעלייגט אויף איין טאָג! דעם טאָג האָבן די לעבעדיגע מאָנומענטן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שטייפקייט, די פאַרגליווערטקייט, און געפּרואווט לעבן, ליבן, זינגען און טאַנצן...

דאָס איז געווען — פּורים! אַלע ימים טובים זיינען בטל געוואָרן, פּורים — נישט!

נישט אַלע דאָך איז געראָטן!

מאַנכע האָבן, ביים בעסטן ווילן, געטאָן עס אַזוי אומגעלומפּערט, אַזוי אומנאַטירלעך, אַז, קוקנדיג אויף זיי, האָבן אַנדערע

געפּלאַצט פאַר געלעכטער, און אַ פריילעכן פּורים געהאַט...

איר ווילט לאַכן, ברידער? קוקט אין שפּיגל אַריין; זעט ווי איר זעט אויס, ווי אייער פּורים זעט אויס און — פּלאַצט פאַר געלעכטער!

# דער שפּילער

(אַ פּורים־דיגע מעשה, נאָכפּאַרציילט אייזיק מאיר דיק).

---

אַמאָל זיינען די דורות נישט אַזוי אָפּגעריסן, נישט אַזוי פאַר׳יתום׳ט געווען. אַ דור איז געווען אַ רינגעלע אין דער קייט, וואָס הויבט זיך אָן מיט אָדם וחוה און וועט זיך ענדיגן אין אלף הששי... און האָט, ווען עס איז, אַ רינגעלע אַ צאַפּל געטאָן, האָט אָנגעהויבן ציטערן די גאַנצע קייט, האָבן זיך אַלע רינגען געוועקט: די אָבות, די מאַמע רחל און אַנדערע...

אויסער דעם שטענדיג אָפענעם הימל, וואָס מען האָט, אויב מען האָט אים נאָר מיט אַ קופּערנעם דרייער נישט פאַרשטעלט, מיט׳ן בלויזן אויג געזען, — אויסער אליהו הנביא, וואָס פלעגט זיין אַ היימישער מענטש, אַ בן־בית ביי אַ אידן; צווישן די אושפיזין אין סוכה, צו „שפוך חמתך״ ביים סדר, אויף דער פאָטער־שטול צו „וכרות״, און אויף אַלע יארידים, און יעדעס מאָל, ווען דער חלף האָט זיך געליינגט אויף׳ן האלז... און אויסער גוטע מלאָכים, — האָט מען אייביג טאַטע־מאַמע געהאַט. לעבן זיי — ווער שמועסט פון אַ כבוד, און, חס ושלום, נישט — האָט מען אַ מצבה, אָנצושפּאַרן און אָפּצוקילן אַ ברענענדיגן קאָפּ, אַ קבר — צום אויסוויינען דאָס פאַרביטערטע האַרץ, און אַ שוכן־עפר, וואָס הערט, וואָס זעט און שווייגט נישט, נאָר מיט זיך פאַר אייך...

און נישט שטענדיג דאַרף מען זיי בעטן: נאַכט אויף נאַכט קומען די טויטע אין דער לעבעדיגער שטאָט אַריין. אין שול אַריין גייען זיי, דאַווענען, לייענען, אָפּריכטן חצות... גייט אַ

בר־מנן א היימישן לאָדן פארביי, הערט ער א קרעכץ פון א שווער האַרץ אַרויס, א זיפץ פון א צעבראָכן געמיט, פארשטייט ער אים: לעבעדיגע און טויטע ריידן איין שפּראַך, דאַוונען פון דעם זעלבן סדור אַרויס... מאַכט זיך דער בר־מנן א קניפּל אין די תכריכים, און, אַז ער קומט צוריק אין זיין רו אַריין, דערמאָנט ער זיך, און מיט זיך, און טוט וואָס ער קען, וואָס מעגלעך איז. און וואָס איז אין יענע געבענשטע ציימן נישט מעגלעך געווען... גאָרנישט, אפילו זיך אויסלערנען א פריילעכן „שושנת יעקב" — ביים א בר־מנן!

איך וויל אָבער נישט כאַפּן די פּיש פאַר דער נעץ. דאָס געהער שוין צו דער זאַך — צו דער מעשה פון רב אברהמ'ל שפּילער, א מליץ יושר זאָל ער זיין פאַר מיר און פאַר אַלע, וואָס פאַרציילן פּורים'דיגע מעשה'לעך, אויב נאָר נישט אויסגעטראַכטע...

און געווען איז רב אברהם'ל א שפּילער, נישט קיין קלעזמער. ער איז געקומען צו דער מדרגה. צו וועלכער, אַלע, פיליכט, בענ־קען, אָבער זעלטן, ווער עס זאָל דערגרייכן: ער האָט פון פידעלע קיין פּרנסה נישט געצויגן, דערפון נישט געלעבט...

אַז מען האָט נישט קיין גרויסע אויגן, קיין בייזן האַלז און קיין אויפגעריסן מויל, — אַז „אבי־וואָס" איז א מאכל, קאַלט וואַסער — א משקה, שינעס און קיטיי — א מלבוש, — האָט א ביילע־באַשע א קלייטל, איז מען יוצא פאַר עולם הזה, שפּילט מען לשם מצוה, לשם שמים; איז מען א שפּילער פאַר זיין ליבן נאָמען — פאַר גאָט, און אַזוינער איז רב אברהם'ל געווען...

מוצאי שבת שפּילט זיך רב אברהם'ל זיינע זמירות... זיצט ביילע־באַשע, זיין שפּייזערין, און שעפּט זיך אָן מיט נחת, מיט חיות אויף א גאַנצע וואָך... שטייט אַן עולם אין גאַס און הערט אונטער, און די נשמות זאַפּן זיך מיט זמירות אָן. אָפּטמאָל ווערט דער נגון אונטערגעכאַפּט: א גאַס איז פּלוצלונג געהויבן געוואָרן, א שטעטל זינגט א זמר...

און א גאַנצע וואָך — ביילע באַשע זיצט אין קלייט, דאָס שטעטל איז פאַריאָגט, — און אין שטיבל פון ד' על ד', ביי א קליין טישל, פאַר'ן קליינעם פענצטערל, זיצט זיך איינער אַליין

רב אברהם׳ל; מיט׳ן הארץ צום הימל, מיט׳ן אויג צו דוד המלך׳ס תהלים׳ל: שירות ותשבחות זינגען די לעפצן און ציטערן פאר תענוג, און די אויסגעשטרעקטע האנט קלויבט איבער די סטרונעס פון פידעלע, וואס ליגט פאר אים אויפ׳ן טיש... קלינגען די סטרונעס פאר די ווערטער קליינע, ווייסע פליגעלעך אוים; בליען זיי הויך, הויך. און רב אברהם׳ל גלעט זיך מיט דער האנט די שניי־ווייסע באָרד; זיין איינציגער תענוג...

עפנט זיך נישט דרייסט דאָס קליינע טירל, בויגן חתן־כלה איין די קעפּ, זיי זאָלן זיך נישט אָנשלאָגן, און קומען אריין, און שטעלן זיך אָפּ פאר רב אברהם׳לען געדרויטלט און פארשעמט, און רב אברהם׳ל שמייכלט, ער ווייסט שוין, וואָס מען מיינט: שוין יאָרן פאר׳קנס׳ט, אָנגעזאמלט קוים אויף א טלית, די חופה איז גרייט, נאָר אויף קלעזמער האָט פארפעלט... שפּילט שוין רב אברהם׳ל אויף אָן אָרימער חתונה; האָט ער, נאָך איידער ער קויפט א נייעם לוח, — א סנדקאות, צו דער צייט — א פּדיון הבן, ער איז א כהן אויך — איין מצוה לויפט נאָך דער צווייטער. נישט אין דעם אָבער גייט עס.

דער עיקר איז ביי ר׳ אברהם׳לען פּורים...

א פּורים־שפּילער איז ער — פאר אָרימע לייט...

פאראַן הייזער, וואו די שיינע אידן מיט די רויטע פאטשיילעס שמעקן נישט אריין, וואו עס באווייזט זיך קיין קלעזמער, און קיין פּורים־שפּילער טרעט נישט איבער דער שוועל... וואו די חלה איז אָן זאפערן, די סעודה אָן פרייד, און אָפטמאָל אָן חלה...

עפנט זיך די טיר, קומען אריין רחמנות׳דיגע מענטשן „תומכי עניים”, ברייגגען זיי צו עסן און צו טרינקען, בענשן די אָרימע לייט די ליבע מענטשן פאר דער צדקה, און אויך אַלע ליבע געסט פון פּורים־באַל, וואָס גיבן די מעגלעכקייט צו טאָן די צדקה, און לויבן זיין ליבן נאָמען, וואָס האָט גוטע מענטשן באשאפן און זעצן זיך עסן און טרינקען... און דאָך — איבער די אָרימע איינגעפאַלענע באקן רינען פליסן טרערן, געזאַלצענע, ביטערע... נישט זים איז קצבה־ברויט, נישט געשמאַק איר געטראַנק... און ווי לאַנג איז, אז זיי זיינען די געבער און אנדערע די נעמער

געווען? און עס הויבט אָן די טרער צו שטעכן אין אויג, די ביטערקייט — זיך צו זאַמלען אין האַרץ, און אַ אידענע פאַר־שטעלט זיך דאָס פּנים מיט'ן פאַרטוך; אַ איד וואַרפט דורכ'ן פענצטער צום הימל אַרויף אַ טענה... און ווער אינגער איז כאַפּט און ציט צוזאַמען די האַנט אויף אַ פויסט. קומט אָבער אַריין ר' אברהם'ל מיט'ן פידעלע. די ליכטלעך ווערן מיט אַמאָל ליכ־טיגער, אויגן לייכטערן זיך, אויף די פּנים'ער באַווייזט זיך אַ שמייכעלע, פאַרשעמט, פאַר'יתומ'ט, נאָר פאַרטרערט, רב אברהמ'ל אָבער שפּילט שוין „שושנת יעקב" — גיסט זיך אַ קלינגענדיגער בוימל אין האַרץ אַריין — אָרימקייט איז קיין שאַנד, איין ברודער ביים צווייטן נעמט, דרייען דרייט זיך דאָס רעדל... און אַרויס גייט אַברהם'ל מיט פינקלדיגע אויגן באַגלייט, און קינדערלעך, מיט קרומע פיסעלעך, ווי די רעגנבויגן, און צאַפּלדיג־פלאַמענדיגע אויגעלעך, ווי פלעמעלעך כשר'ע, לויפן אים איבער די גאַסן נאָך, פון טיר צו טיר, פון שטוב צו שטוב... און ערשט שפּעט, גאָר שפּעט, — אָרימע לייט, קיין עין־הרע, מערן זיך, — אָנגעלאָדן מיט ברכות, מיט אַ האַרץ איבערגעפּילט מיט גוטער, שטילער פרייד פון געטאָענע מצוות — טרעט נאָך רב אברהם'ל אָפּ ביים רב מיט דער רבי'צין, אָז וועלכע אַ מעשה איז גאָר קיין רעכטע מעשה ניט...

און איבער דער צייט זיצט ביילע־באַשע געדולדיג און וואַרט. דאָס האַרץ זאָגט איר, און אברהם'ל לייקנט נישט, אַז זי האָט אַ חלק, אַ גרויס חלק אין דער מצוה; אָבער אַ קליין ביסעלע בענקען איז קיין עוולה נישט...

און ביים קליינעם טישעלע, פאַר'ן קליינעם פענצטערל זיצט ד׳ פאַרבענקטע אַלטיטשקע און שמייכלט... קוקט מיט די אַלטע, מאָדנע לאַכענדיג־וויינענדיגע אויגעלעך אין דער טונקעלער גאַס אַריין, און פון אונטער'ן שטערנטיכל קריכן די אויערלעך אַרויס און הערן זיך איין... צי איז עס נישט ער דאָרט מיט'ן פידעלע? נישט פון זיין שושנת יעקב דער צוגעשוואומענער קלאַנג?... און די ליפּעלעך רירן זיך קוים־קוים אין שטילן געבעט: זאָל ער זוכה זיין מיט'ן פידעלע אַנטקעגן צו גיין משיח'ן, שפּילן אים אַ מאַרש...

דעמאָלט האָט מען אָן משיח'ן געגלויבט, אויף משיח'ן, כאָטש ער זוימט זיך, יעדן טאָג געוואַרט.

— אָבער פאַרוואָס זוימט ער זיך אַזוי לאַנג? — פרעגן די אַלטע ליפּן; דאָס מאָל — נישט אויף משיח'ן: די האַלאַב־צעס זיינען קאַלט, די ליכטלעך — רויכערן זיך, צאַנקען, גייען אויס און אברהם'ל איז נישטאָ.

ביילע־באַשע לויפט אין מאַרק אַריין. אַ שווייגענדיגע נאַכט. דורך די פאַרהאַמערטע לעדן רייסט זיך נישט אַרויס קיין קלאַנג, קיין שטראַל. דאָס שטעטל שלאָפט.

דער הימל איבער אים וואַכט, מיט טויזנטער, טויזנטער אויגן, אַזוינע ריינע, אַזוינע קלאָרע, — אָבער וואו איז אברהם'ל?

— פאַרוואָס פאַרשפּעטיגן זיך די טריט פון אברהם'לען?

אַזוי פרעגט אויך דער אַלטער רב, מיט'ן צעשראָקענעם ציגן־בערדל, און זיין שרעקיג קול וועקט די רבי'צין פון דרימל און דאָס קליינע קעפּל, וואָס האָט זיך אין דער לופט, ווי אַן אומרו, געוויגט, שטעלט זיך אָפּ. וואו קאָן ער זיין? דער דנאָ פון פּלעשל משקה איז אַרויסגעשוואומען, האַלבע נאַכט קלינגט דער הייזעריגער אַלטער זייגער און אברהם'לען זעט מען נישט... כאַפּט אויף זיך די קוטשמע דער רב, די רבי'צין — די טערקישע שאַל, לאַמטערן גרויסע — די קוים דערוועקטע שמשים, לויפט מען אין גאַס אַריין, טרעפט מען ביילע באַשע'ן, רעדט מען נישט אַ וואָרט און מען לויפט ווייטער, אין פענצטער און טירן קלאַפּט מען, נישטאָ ביי אייך רב אברהם'ל? קומען קינד און קייט פון די שטובן אַרויס און מען זוכט אברהם'לען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אברהם'לען האָט, ווירקלעך, אַ סבה געטראָפן. ווען נישט „שליחי מצוות"..." גאָט ווייסט, צי איך וואָלט היינט די מעשה פאַרציילט; עס וואָלט אַ צו טרויעריגע געשיכטע געווען, און טרויעריגע זאַכן האָט איר נישט ליב...

אַהיים, צו זיין ביילע באַשע'ן גייט רב אברהם'ל. אַ ביסל טאַנצן די פיסלעך אונטער, דאָס אַלטע, גרויע קעפּל וויגט זיך: פורים, און ער וועט נישט אָפּזאָגן קיין אַרימאַן, וואָס הויבט אויף

צו אים דעם כוס... ער האָט זיך שוין צו ביילע באַשע׳ן פאַר־בייִנקט, עס פאַרדריסט אים, וואָס ער קאָן נישט משנה מנהג זיין און מוז, פאַרבייגייענדיג, אויף אַ ווײַלע אָפּטרעטן ביים רב. ווייל ער זיך פאַרקירצן דעם וועג, גייט ער דעם פאָליש, פאַר דער שול, אדורך, ווי געזאָגט, — שליחי מצוה. קומט ער אין פאָליש אריין, דערהערט ער קולות פון שול: געלעכטער, געזאַנג, אַ שאָרען מיט טאַנצענדיגע פיס. גבהל ווערט ער ונשתומם. נישט אנדערש, טראַכט ער, נייערט וואוילע יונגע האָבן זיך אין שול אריין פאַרכאַפּט. כאַפּט אים אָן דער חלול הקודש ביים הארץ, צינדט זיך אָן אין אים דער צאָרן. און אַ כהן איז ער, אברהם׳ל, גיט ער זיך אַ שפּאַר אריין אין טיר. דער אַלטער שלאָס גיט אַ ביסל נאָך, אַברהם׳ל שפּאַרט זיך מיט אַלע קרעפטן אין שפּאַרע אריין און בלייבט — פאַרשטאַרט פאַר שרעק: מתים זיינען עס געוועזן!

און אַ געמורמל ווערט אין שול: רב אברהם׳ל, רב אברהם׳ל! און אַלע אויגן ווענדן זיך, טייל — צו אברהם׳ל, אַנדערע — צו אַ הויכן, הויכן איד, מיט אַ גרויער, שניי־ווייסער באָרד. און די אויגן, אויף אברהם׳לען פאַרקוקט, קוקן לייטזייליג און ליב, און די אַנדערע, צום הויכן, הויכן איד געווענדט, וואַרטן אָפּ זיין וואָרט, הענגענדיג אויף זיינע בלויע ליפּן... נישט לאַנג האָבן זיי געוואַרט. מיט שטילע טריט לאָזט ער זיך צו אברהם׳לען צו, און שטיל ווערט אין שול, אַז מען הערט, ווי די מצה־שמורה ציטערט, פון אַ ווינטל דורך אַן אויסגעשלאָגענער שויב געוויגט... און אין דער שטילקייט דערהערט זיך דעם הויכן־הויכן איד׳ס קול, ווי ער צעשפּרייט מיט דער לאַנגער רעכטער האַנט די שניי־ווייסע באָרד, און זאָגט צו אים: פאָרכט דיך נישט, אברהם׳ל! מיר ווען דיר קיין בייז נישט טאָן; מיר האָבן זיך דאָ, ווי אַלע יאָר, געפרייט, אַ זמר געזונגען, אַ טענצל געכאַפּט; עס איז דאָך פורים — אַ יום־טוב, וואָס וועט נישט בטל ווערן!

שטייט אברהם׳ל אין שפּאַרע אריינגעדריקט, און קוקט מיט גרויסע אויגן און טראַכט: מאָרגן וועט מיר קיינער נישט גלויבן, אַז איך בין דאָ געוועזן, דאָס געהערט און דאָס געזען. ציטערן

די ליפּן און גיבן קיין קול נישט אַרויס. לעזט אים דער הויכער־הויכער בר־מנן זיין מיין פון פּנים אַראָפּ, ווינקט ער צו אַ מאָגערן, און דעריבער — נאָך העכערן איד, קומט ער, שטילשווייגענדיג, צו.

— מיר ווען דיך — זאָגט דער רב — פאַר די לעבעדיגע אַ וואָרט־צייכן געבן, וועלן זיי דיר גלויבן. אָט דער איד איז דער ערשטער קהל׳ישער חזן פון שטעטל ; איך וועל אים בעטן, וועט ער דיך אַ נייעם „שושנת יעקב״ לערנען.

דער מאָגער־הויכער שאָקלט מיט׳ן קאָפּ אויף „יאָ״.

— נייערט, — גיט צו דער ערשטער רב פון שטעטל, — נישט מיט׳ן קול וועט ער דיך לערנען. ער האָט זיך, לא עליכם, ביים לעצטן נעילה־קדיש פאַרקילט, און מיט אַ שטומער ודוי אָוועקגעגאַנגען פון דער וועלט. מיט׳ן פינגער וועט ער דיך לערנען...

טוט דער ערשטער חזן דעם ווילן פון ערשטן רב, שוועבט זיין פינגער אין אויר און שוועבט. דאָ טאַנצט ער מיט אַ ברען, דאָ ווערט ער פאַרציטערט, און פאַר גרויס דבקות — ווי פאַרשטאַרט ; דאָ רייסט ער זיך אין די עולמות העליונים אַריין, מיט טענות פון איוב, מיט צער און צאָרן, און אָט צאַפּלט ער, וואַרטנדיג אויף אַ תשובה פון דער הויך וועגן טויט און לעבן.

אַזוינס האָט נאָך רב אברהם׳ל נישט געהערט. ציט ער זיך מיט דער גאַנצער נשמה צום זינגענדיגן פינגער ; זאַפּט ער מיט ביידע אויערן דעם נגון, וויל ער אויפ׳ן פידעלע פּרוּוון נאָכשפּילן, כאָטש אַ טאָן כאַפּן, קאָן ער נישט, אין שפּאַרע פאַרשפּאַרט, אויסשטרעקן די האַנט... און דעם חזן׳ס פינגער שוועבט אַלץ און שוועבט, און נגינה גיסט זיך פון אים און גיסט...

און אין דער פרי, אַז דער שמש איז געקומען עפענען די שול, און האָט אים פון שפּאַרע באַפרייט, איז רב אברהם׳ל אָפּגעשפּרונגען אין מיט פּאָליש אַריין, און, נישט ענטפערנדיג דעם צעשראָקענעם שמש אַ וואָרט, — מיט פאַרציטערטע הענט צוגעדריקט דאָס פידעלע אין דער נאָך ווייסער איבער נאַכט געוואָרענער באָרד אַריין, און האָט אָנגעהויבן שפּילן ! דערהערט ביילע־באַשע,

דערהערן רב, רבי׳צין און די אַלע, וואָס האָבן אים אין אַלע הייזער געזוכט, און לויפן זיך צוזאַמען; קומען ותיקין דאַווענען און שטעלן זיך אָפּ, און רב אַברהם׳ל שפּילט אַלץ און שפּילט...

---

# עס גייט צו פסח

עס גייט צו פסח, און איך בעט מיך ביי אייך איין צום סדר. נעמט מיך אויף!

קיין סך וועל איך אייך נישט קאָסטן; קניידלעך עס איך נישט!

זייט מיך אויך נישט מכבד מיט מרור; מיט דעם בין איך געבוירן!

הייסט מיך אויך נישט ציילן קיין „מכות"; איך האָב די מצריים שוין לאַנג מוחל געווען. און עס איז גלאַט אַ מין „ברכה לבטלה"; פון געשריבענע אָדער געדרוקטע מכות איז נאָך קיינער נישט קראַנק געוואָרן.

באַפרייט מיך אויך פון „שפוך חמתך"!... איך בין נאָך צו יונג, פאַר'סמ'ט מיר נישט דאָס בלוט מיט נקמה... איך האָף אויף בעסערע צייטן און וויל אפילו קיין געצן־דינער נישט שעלטן.

איך וויל אפילו נישט זאָגן „לשנה הבאה בירושלים!" ווייל „פון זאָגן ווערט מען נישט טראָגן"!

דערווייל וויל איך אייך נאָר ווינשן, אַז איר זאָלט אויפ'ם יאָר דעם גאַנצן „מה נשתנה" מיט'ן „עבדים היינו" פאַרגעסן... און —

אַז איר וועט עפענען די טיר און רופן באמת, נישט ווי היינט אויף לבן הארמי'ס לשון: „כל דכפין ייתי ויכול!" — זאָל קיינער נישט אַריינקומען; עס זאָל קיינער נישט דאַרפן אַריינ־קומען!

---

# מעשיות

„היינט וועט זי קומען" — טראכט ער, שפּאַצירנדיג ביים ברעג פון ווייכסל.

און אַזוי טראַכטנדיג, קומט אים אַלץ לעבעדיג פאַר:

ער זיצט אויפ'ן בעט אין דער פינצטער און וואַרט, ביי יעדער באוועגונג אויף די טרעפּ הויבט אים אָן שטאַרקער צו קלאַפּן דאָס האַרץ און ער וואונדערט זיך: פאַרוואָס? ער האָט זי דען ליב?

אָט, דאָס איז שוין זי. אירע שוועבענדיג־לייכטע טריט. ער שטייט אויף און צינדט אָן דאָס לעמפּל אויפ'ן טיש. זי האַלט זיך דערווייל אַ ווײַלע אַפּ הינטער דער טיר. אָטעמט אָפּ — שווערע טרעפּ — פאַרריכט זיך די האָר און כאַפּט נאָך אַ בליק דורכ'ן לאָך פון שלאָס. קוים הערעוודיג, קלאַפּט זי אָן מיט'ן פינגער אין טיר.

— „פּראָשען" 1) — און זי עפנט די טיר און רופט אויף דער שוועל:

—„בענדזיע אָפּאָוויאַדאַניע"? 2)

אַ־ניט, גייט זי צוריק.

אים האָט זי ניט ליב, זאָגט זי. פאַר אידן איבערהויפּט שרעקט זי זיך, נאָר זיינע מעשה'לעך האָט זי ליב.

דערקענט האָט ער זיך מיט איר צופעליג אין זאַקסישן גאָרטן, אין אַ שלאַגס־רעגן. זי איז געשטאַנען אונטער אַ בוים, אָן קאַלאָשן און אין אַ ווייסער בלוזע. דער בוים האָט זי שוין ווייניג געשיצט פון רעגן און זי האָט געקוקט דורך זיינע לויזע צווייגן אין

1) ביטע, אַריין. 2) וועט זיין אַ מעשה'לע.

הימל אריין, דערשראָקן און אָן האָפנונג, עס זאָל זיך געשווינד ענדיגן. ער איז צוגעגאַנגען מיט'ן רעגן־שירם און האָט איר פאַר־געלייגט זיין הילף. זי האָט זיך געוויינערט. ער האָט ערנסט און האַרציג געבעטן; זי גיט נאָך און לאָזט זיך אָפּפירן. זי פאַרענטפערט זיך: פאַראַן אַזוי פיל שלעכטע מענטשן! נאָר זיין שטימע וועקט צוטרויען. אויף דעם צוטרויען געשטיצט, האָט ער איר געבאָטן זיין אָרעם. זי האָט צעגערנד אריינגעשטעקט די האַנט אין זיינער און געזאָגט איר אדרעס.

אין גאַנג איבער עטלעכע גאַסן — אויף קיין דראָשקע האָט ער נישט געהאַט — איז ער געוואָר געוואָרן, אַז זי איז אַ נייטאָרין (אמת — זי האָט צעשטאָכענע פינגער), און זי, אַז ער איז אַ שרייבער. שרייבט לידער? — ניין, מעשה'לעך. אה, מעשה'לעך האָט זי זייער ליב. — ער קאָן איר פאַרציילן. מעג מען זי באַזוכן? ניין. קיין פאָטער האָט זי נישט און די מוטער איז אַ בייזע. איר שטימע האָט לייכט דערביי געציטערט. זי וואָלט מער נישט גע־דאַרפט, עס זאָל קומען אַ פרעמדער און נאָך דערצו — זי וואַרפט אויף אים אַ זייטיגן בליק, און ענדיגט שאַלקהאַפט און רויט ווערנ־דיג: אַ איד. פון וואַנען ווייסטו, אַז איך בין אַ איד? — זי דערקענט: די אויגן, די האָר, די אויסשפּראַך און ענדליך — די נאָז — כאַ־כאַ־כאַ. איר שטימע קלינגט ריין קינדיש און דאָך איז שוין דער שטערן געקנייטשט.

איבער'ן זומער פלעגן זיי זיך טרעפן אין זאַקסישן גאָרטן. איבער'ן ווינטער פלעגט זי, אַבוואָל זעלטן, אַרויפכאַפּן זיך צו אים אויף אַ מעשה'לע. דערפון פלעגט זי אים אין דער פרי שרייבן דורכ'ן סטרוזש. היינט האָט ער אויך אַזאַ בריוול דער־האַלטן. זי שרייבט פּויליש „נח מיט זיבן גרייזן", נאָר אַזוי קינדיש־האַרציג.

— איד, גרייט אָן אַ שיין מעשה'לע, נאָר אַ פריילעכס, מיט אַ בת־מלכה. דאָס לעבן איז אַזוי טרויעריג. און אַנדערן זאָלסטו מיך נישט. נישט ד י ך מיין איך. דו ביזט אַזוי העסלעך. וועסט מיך אַנרירן, וועל איך שרייען און אַנטלויפן. הערסט?

דאָך ווייסט ער, ווי אַזוי זי וויכער צו מאַכן: דאָס מעשה־

לע ווערט טרויעריג. דער בן־מלך אָדער די בת־מלכּה פאַלן אַריין אין אַ געפּאַר... די ליבהאָבער צעשיידן זיך דורך אַ שרעקלעכער אינטריגע פון פאַלשע מענטשן... וויל ער, וואַרפט ער די בת־מלכּה אַריין אין געפענגעניש, אין אַ פרעמד לאַנד, און דעם בן־מלך פירט ער ערגעץ צו דער תּליה. אַ בּלבּול. און דעמאָלט פאַלט זי פאַר אים אויף די קני, כאַפּט אים אָן ביי די הענט, גלעט אים איבער׳ן פּנים און בעט באַרמהערציגקייט פאַר די אומגליקלעכע. און פאַר אַקוש אויף די ליפּן לאָזט ער פאַרשווינדן די געפאַר און פירט דעם בן־מלך מיט דער בת־מלכּה מיט פּאַראַד און מוזיק צו דער חופּה.

נאָך וואָס טוט ער עס? וואָס טויג אים איר קוש?

עס טוט אים באַנג, און דאָך איז פאַראַן אַזוינס, וואָס פירט זיי צוזאַמען:ביידע בענקען נאָך גליק... ביידע האָבן עס נישט און ווילן זיך ווייניגסטנס גענאַרן כאָטש אויף אַ ווײַלע.

צוויי פאַרוואָגלטע נשמות. איינמאָל פרעגט ער זי:

— די מאַמע שלאָגט דיך אַמאָל?

זי איז בלאַס געוואָרן און די אויגן זיינען איר פאַרגאַנגען.

— פרעג נישט. פאַרצייל בעסער. ער האָט איר געגלעט די ברוינע האָר, און האָט פאַרציילט.

נאָר היינט וועט ער נישט האָבן, וואָס צו פאַרציילן. די גע־דאַנקען אין קאָפּ זיינען אומקלאָר און צעווייגט, ווי דאָס אומעטיגע וואַסער, וואָס שלאָגט אויף און אָפּ פון ברעג... און רייסן זיך, ווי די לויזע נעפּל אין דער הויך.

וואָס נאָגט אים אַזוי ביים האַרץ?

אין דער וואוינונג איז געווען עפּעס אַ געפּאָרעריי, אַ גע־טומל, און אַ גאָלדענע זון האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן און ער איז אַרויס פון בעט אין גאַס אַריין אָן טיי. אין די גאַסן איז אויך געווען אַן אומגעוויינלעך גערודער. ווייסט דער טייוול, וואָס זיי לויפן אַזוי. אייניגע מאָל האָט ער באַקומען אָן דער זייט. ער איז קיים אַראָפּ צו דער ווייכסל, וואו ער שפּאַצירט געוויינלעך פאַר מיטאָג. צונד איז אים דאָס האַרץ אַוועק. ער טאַפּט זיך ביים וועסטן־טאַש. פאַראַן קליינגעלט און ער גייט צום רעסטאָראַן,

וואו ער עסט געוויינלעך נאָכ'ן שפּאַציר, און זעצט זיך ביים פענצטער, וואָס גייט אַרויס צו דער ווייכסל.

דער רעסטאָראַן איז אין דער צייט לער. די „געלע" זיצט ביים בופעט און דרימלט. זיין אַריינקומען וועקט זי, פאַרשלאָפן גריסט זי אים; דערלאַנגט אים, וואָס ער באַשטעלט און זעצט זיך צוריק דרימלען. ער עסט און טראַכט, אַז אַ מעשה'לע מיט אַ בת־מלכה מוז זיין. ערגעץ אויף אַ באַרג שלאָפן מוז זי. אַ כשוף־מאַכער אָדער אַ כשוף־מאַכערין איבערוואַכן זי. היינט וועט ער איר נאָך לייגן אַ שלאַנג צו־פוסנס. שלאָפענדיגע בת־מלכה'ס האָט זי שוין גענוג. די שלאַנג וועט מאַכן אַן איינדרוק. ער קלערט נאָך צו לייגן די בת־מלכה אויף גאָר אַ הויכן באַרג. ער האָט נאָך קיין גרויסן באַרג נישט געזען, נאָר ער וועט איר זאָגן: הויך, הויך, הויך... און זי וועט אויפהויבן די פאַר'חלום'טע אויגן און נאָכיאָגן זיין פינגער אין דער לופט. נידעריגער, דער בת־מלכה צו־פוסנס, וועט ער אַרומציען דעם באַרג מיט אַ וואָלקן. פאַר שיינקייט וועגן וועט ער דעם וואָלקן רויטלעך אַרומזוימען, אַ זומער־טאָג. אַ ברענענדיגע ראַנד וועט זיין. הינטן אין טאָל זעט מען קיינמאָל נישט די בת־מלכה, דער וואָלקן פאַרשטעלט זי. אַ גאַנץ גייענדיג יאָר שטייט ער, דער וואָלקן. דאָס מוז אויך זיין אַ כשוף. פאַר דאָס איז איבער דער בת־מלכה אַן אייביג קלאָרער הימל: צווישן וואָלקן און הימל ליגט זי, און די שלאַנג היט!

ער האָט אָפּגעגעסן. אַ בן־מלך וועט ער שוין געפינען צוריק־צו־וועגס. מען דאַרף צאָלן. די „געלע" שלאָפט.

ער וויל זי וועקן — אויף זיין געוויינלעכער אַרט: ער מאַכט קיילעכלעך פון ברויט און צילט איר אין דער לאַנגער נאָז אַריין. איינמאָל אויף צוואַנציג טרעפט ער און זי וועקט זיך יעדעס מאָל דערשראָקן. „דער פאַן טרייבט שטענדיג קאַטאָוועס", זאָגט זי פאַרדראָסן. „וואָס האָט ער געהאַט"? ער שמייכלט גיטיג. זאָגט איר און צאָלט.

היינט אָבער גייט אים נישט. ער וואַרפט און וואַרפט און טרעפט נישט. צילנדיג, זוכט ער דערווייל אַ בן־מלך.

ער קנייפּט אויס אַ ניי שטיק ברויט און קנעט, מאַכט קיילעכ־לעך, און פאַרגעסט צו צילן. דער בן־מלך גייט. וואַלד אויס, וואַלד איין גייט ער. אַ קראַ, וואָס ער האָט אַמאָל גערעטעט פון אַ זיכערן טויט, האָט אים אויסגעזאָגט דעם סוד פון דער בת־מלכה... און זי פליט פאַר אים, און ווייזט אים דעם וועג. אָבער נישט אַזוי געשווינד וועט ער אים צולאָזן צום ציל. באַלד נאָכ'ן מעשה'לע אנטלויפט זי, און ער בלייבט אַליין, אַליין מיט די צעוויגטע נערוון און אָפּגעריסענע געדאַנקען... ער וועט אויף אים אָנשיקן אַ וואָלף — דעם וואָלף וועט ער טויטן. דערנאָך — אַ וואַסער, וועט ער אויסרייסן אַ בוים, אַריינוואַרפן און אַריבערשווימען. דערנאָך וועט זיך אים שטעלן אויפ'ן וועג אַ באַרג, וועט אים די קראַ נעמען אויף אירע פליגל... ניין, אַן אָדלער — דער קראַ'ס אַ פעטער — וועט עס טאָן. דערנאָך וועט ער פשוט הונגעריג ווערן. דאָס באַנאַלע מוז שטענדיג אַריינקומען אין דער מיט... אַ בן־מלך אויפ'ן וועג קען זייער לייכט פאַרהונגערן. די קראַ פליט פאַר אים נאָך עסן. עס איז אָבער זייער ווייט צום נאָענטסטן ישוב. זי זוימט זיך. די זון ברענט; אויפ'ן פרייען פעלד איז עס. ער פאַרשמאַכט. וואָלט וויינינגסטנס ווייץ אָדער קאָרן געוואַקסן, וואָלט ער זיך, אָבוואָל אַ בן־מלך, אָפּגעריסן עטלעכע זאַנגען. וואַקסן אָבער דורכאויס ביטערע קרייטעכצער, און אָנגעזאָגט האָט אים פאַר'ן אוועקפליען די קראַ: ריר נישט! די קרייטעכצער זיינען סם. די כשוף־מאַכער האָבן עקסטראַ פאַרזייט דעם סם, כדי די, וואָס ווען זוכן דאָ די בת־מלכה — וואָרום דער באַרג, וואו זי ליגט, איז נישט ווייט — זאָל זיך אָפּ'סמ'ען, וואָס עס האָט שוין כמה וכמה געטראָפן...

און שווער, זייער שווער איז אים צו וואַרטן אויף דער קראַ. ער פאַרגייט פאַר הונגער. די אויגן ברענען. דערווייל גייט דורך אַ פויערטע מיט אַ לעבל ברויט אין דער האַנט. פריש ברויט, דער געשמאַק שלאָגט דעם בן־מלך אין דער נאָז אַריין...

— פויערטע, — רופט ער מיט אַ שוואַכער שטימע, — גיב מיר אַ שטיקל ברויט.

— באַצאָל! — ענטפערט די פויערטע קורץ.

— איך האָב נישט מיט וואָס...

— אז מען האָט נישט, עסט מען נישט.

— איך בין א בן־מלך, אז איך וועל אהיים קומען, וועל איך דיך אָפּגילטן!

— זוך דעם ווינט אויפ'ן פעלד... א חוב פאַרשריבן אויפ'ן וואַסער.

— איך שטאַרב פאַר הונגער!

— א נייעס! בעסערע פאַר דיר טרעפט עס!

זי גייט אָפּ עטלעכע טריט און קומט צוריק.

— ווייסטו וואָס! דו געפעלסט מיר! האָב מיט מיר חתונה, וועל איך דיר געבן ברויט!

— איך קען נישט. איך בין שוין פאַרליבט אין דער בת־מלכה!

— און ווילסט עסן?

— איך בין הונגעריג!

— האָב חתונה מיט מיר, וועסטו זיין זאַט!

די פויערטע האָט זיך איינגעשפּאַרט, דער הונגער מאַטערט און ער האָט געמוזט נאָכגעבן. ער האָט איר צוגעשוואָרן עוויגע טרייהייט. דורכגעלאָפן א האַז, האָט ער אים גענומען פאַר אן עדות. געכאַפּט א שטיק ברויט און איז איר נאָכגעגאַנגען אין דאָרף אריין.

די „געלע" עפנט אויף אן אויג און מאַכט עס צוריק צו, און דאָס מעשה'לע וועבט זיך ווייטער:

אז די קראָ איז צוגעקומען האָט זי שוין דעם בן־מלך נישט געטראָפן. דאָס פרישע ברויט האָט אים געשאַדט און ער ליגט קראַנק אין דאָרף. דערנאָך איז ער געזונט געוואָרן און חתונה געהאַט מיט דער פּויערטע. און ווייל ער האָט נישט געקאָנט נישט אַקערן, נישט זייען, נישט שניידן, נאָר פאַר דאָס לעזן און שרייבן, איז ער געוואָרן דאָרפס־לערער. שלום בית איז געווען... די פּויערטע פלעגט אים רופן מיט ליבשאַפט: „שוטה מיינער", און ער פלעגט נאַריש שמייכלען. דאָך די בת־מלכה האָט ער באַהאַלטן אין האַרץ. א קשיא אויף א מעשה, די פּויערטע אַרבעט ביים פּריץ'ס שנייד־מאַשין, עס קען זיך איר אן אומגליק טרעפן... וועט

ער גיין זוכן... נאַטירלעך, איבער די ליפּן ברייננט ער עס נישט... און פּילייכט האָט ער גאָר נישט געוואוסט פון געדאַנק. שטילער־הייט ערגעץ אין אַ פינצטער ווינקעלע פון האַרץ איז דאָך געלעגן די האָפנונג און ער האָט באַהאַלטן דעם סוד פאַר זיך.

דער פּויערטע האָט אָבער קיין אומגליק נישט געטראָפן. פאַרקערט: מיט יעדן טאָג איז זי געזינטער און שטאַרקער גע־וואָרן; ער אָבער — נישט. פון שלעכטע פּויערשע קעסט, צי פון בענקעניש האָט ער זיך פרי געעלטערט, און אַז ער האָט באַ־מערקט, אַז די באָרד איז אים גרוי געוואָרן און די אויגן לעשן זיך, און דער שטערן רונצלט זיך, האָט ער מיט אַ וויינענדיגער שטימע איבערגעגעבן די שילער דעם סוד פון דער בת־מלכה. זיי האָבן זיך צעלאַכט: דער לערער איז פון זינען אַראָפּ! אויסער —

ער באַמערקט אַן ענדערונג אין דער באַלייכטונג: עס איז טונקל געוואָרן. ער וואַרפט אַ בליק אין פענצטער אריין: דאָס וועטער האָט זיך דערווייל געענצלעך געטוישט. אַ נאַסער שניי פאַלט. עס גיט אַ נאָג ביים האַרץ. געשווינד כאַפּט ער נאָך אַ קיילעכל ברויט, צילט און טרעפט. די „געלע" כאַפּט זיך אויף.

— קום אַהער, געלע, איך וועל דיר אַ מעשה'לע פאַרציילן.

— מניע פּאַצאַ? 1)

— אַ שיין מעשה'לע — מיט פּויערשע אינגלעך, וואָס זוכן אַ בת־מלכה...

— גלופּסטוואָ! 2)

— עס איז נישט קיין נאַרישקייט. די בת־מלכה שלאָפט אויף אַ בלומען־בייט אויף אַ שפּיץ־באַרג. דער דאָרפס־לערער האָט זיי געהייסן זוכן...

— וואַרטאָ! 3)

— אדואי כדאי. די בת־מלכה איז אַ שיינע, אַ גוטע, אַ קלוגע.

---

1) צו וואָס זאָל עס מיר?

2) נאַריש.

3) כדאַי.

— נענוג געשפעט, צאָלט בעסער און גייט!

— געווים, געווים... נאָר די קינדער האָבן זיך געמאַכט הילצערנע שווערדן, מיט הילצערנע שפּיזן —

די געלע גענעצט.

— ביזט מיד, געלע?

— אַזאַ וועטער! —

און בייז גיט זי צו:

— ווען עס פאַלט אַ אידישער יום־טוב מוז זיין אַ שלעכטער וועטער.

— וואָס פאַר יום־טוב איז היינט?

— ז י י ע ר וויעלקאַנאָץ...

ד אָ ס איז געווען דאָס גערודער אין דער וואוינונג, דאָס געלויפעריי אין גאַס?!

ער צאָלט און לויפט אַרוים.

---

אין גאַס צעלאַכט ער זיך.

אין דער נשמה ליגט ערגעץ ביי אים אַ גלגול פון אַ זיידן,, צי אַן עלטער־זיידן! דאָס בענקעניש, וואָס האָט אים אָנגעכאַפּט! יעדער מענטש גייט אַרום מיט גלגולים אין האַרץ.

דאָס ערשטע יאָר, אַז ער איז נאָר אַוועק פון דער היים, איז ער צום „סדר" שיר נישט פון זינען אַראָפּ פאַר בענקשאַפט. די פאַמיליע, ביי וועלכער ער האָט געוואוינט, איז אויף יום־טוב ערגעץ אַוועקגעפאָרן צו גאַסט, און ער איז געבליבן איינער אַליין אין אַלע צימער. ער האָט זיך פרי געלייגט, נישט האָבנדיג וואו אַהין צו גיין, נאָר ער האָט פאַרגעסן אַראָפּצולאָזן די רולעטן און די לבנה האָט אים געוועקט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט האַרץ־קלאַפּן. לאַנג איז ער געלעגן און נישט געוואוסט פאַרוואָס. דער־נאָך האָט ער זיך דערמאָנט. פּלוצלונג איז ער אויפגעשפּרונגען, אַרויסגעריסן דאָס ליילעך פון בעט, אָנגעטאָן עס, ווי אַ קיטל, און איז אַרומגעלאָפן אין שטוב און געברילט אויסנווייניג די הגדה. דאָס צווייטע יאָר האָט ער, פאַר שרעק פאַר דער בענקשאַפט, אַ ראָק פאַרקויפט און איז אַהיים געפאָרן אויף פּסח. איבער'ן וועג האָט

ער זיך גע׳חזר׳ט, אַז ער וועט זיך אונטערגעבן, נאָר איינגאַנצן אונטערגעבן. און ווירקלעך, ער איז געגאַנגען מיט׳ן פּאָטער דאַוונען, געלאָזט זיך אונטערבעטן צום סדר מיט אַ קישן, גע־פרעגט „מה נשתנה”... נאָר אַז ער איז געקומען צו „דצ”ך עד”ש באח”ב”, איז ער אַרויס פון די כלים. ער האָט נישט געוואָלט שפּרענגען פון כוס. די מוטער האָט אים מיט טרערן קוים איינ־געשטילט... ביי די „מכות” זאָגן האָט עס נאָך מער אויפגעפלאַמט... דעם ערשטן טאָג חול־המועד איז ער אַוועקגעפאָרן אומגעזעגנט מיט׳ן פּאָטער. די מוטער האָט געוואַרט אויף אים הינטער דער שטאָט.

ער הויבט אויף די שטיינערנע טרעפּלעך.

עס טוט אים באַנג.

נאָך וואָס האָט ער זיי געקרענקט ?

דעמאָלט האָט ער געזאָגט: צוליב דעם אמת, איז דען פאַראַן אמת ?

— מיר, יונגע, — טראַכט ער, — דאַרפן ליידן, אונזער צער איז שעפעריש, ער טרייבט אונז צו נייער אַרבעט, צום באַשאַפן נייע פאָרמען. דער צער פון אַלטע איז אומפּרוכטבאַר און צעגיסט זיך אין אומזיסטיגע טרערן, אויב ער ווערט נישט פאַרשטיינערט אין האַרץ.

ער גייט דורך קראַשינסקי׳ס גאָרטן. די מילך־אַנשטאַלט איז לער. דורכ׳ן גאָרטן יאָגן זיך אַהיים פאַרשפּעטיגטע. ער קומט צו צום קליינעם בערגל, וואָס קוקט אַרויס אויף די נאַלעווקיס. ער פילט זיך מיד, אַהיים צו גיין איז נאָך פרי. זי וועט ערשט קומען אין אַ שטונדע אַרום. ער זעצט זיך פאַר׳ן בערגל אויף אַ באַנק.

אונטן איז דאָס בערגל גאָל, ווי אַרומגעשיילט. העכער — גראָז און וואו נישט וואו דערנדלעך... אויף זיי וועלן שפּעטער קליינע בלומען וואַקסן... זאָל זיך מיר דאַכטן — אַ בוימל אָן דער זייט — אַ בוים — פיל בוימער — אין זייערע צווייגן קענען פויגל זינגען. זי האָט זייער ליב פויגל־געזאַנג. אַז זי הערט, זאָגט זי, פויגל־געזאַנג — אַ פּאָר מאָל האָט זי גענייט אין דאָרף —

קען זי זיך נישט איינהאַלטן פון טרערן... עפּעס די נשמה וויינט, און אַזוי זיס.

טײַלמאָל רעדט זי עפּעס אַזוי וואונדערלעך... צופּט די נעגל פון די ווייסע, לאַנגע, פון דער נאָדל־צעשטאָכענע פינגער אין די נאָך ווייסערע ציין, און האָט אַזוינע אויסדריקן... „נשמה־טרערן"... וו׳ קומט עס צו איר? זי איז אפשר אויך אַ פאַרבאָרגענע בת־מלכה? די מוטער — די וועשין ביי דער באַליע — איז נישט קיין מוטער, נאָר אַ כשוף־מאַכערין, וואָס היט זי, עס זאָל קיין פרעמדער בן־מלך נישט קומען און זי נישט אויפוועקן...

נאָר ער וועט עס זאָ ווי זאָ נישט זיין. ריין פון זינד מוז זיין דער בן־מלך...

אַ באַנע מיט פיר אינגלעך איילן זיך פאַרביי. די אינגלעך לויפן צו צום בערגל. אינגלעך באַוואָפנטע מיט שווערדן און שפּיזן, „זיי שטייגן אויפ׳ן באַרג". די באַנע בייזערט זיך: עס איז צייט אַהיים. די עלטערן וועלן זיין אומרואיג. היינט איז יום־טוב... די קינדער הערן נישט און שטייגן. „צו דער בת־מלכה".

„די פיר שילער פון דאָרפס־לערער"...

די זון גייט אונטער.

אין גאָרטן הערט זיך דער גרעגער. נאָך צייט.

ער מאַכט די אויגן צו און זעט, ווי די האַלץ־באַוואָפנטע שילער שטייגן אַרויף נאָך דער בת־מלכה... אַ וואָלקן הענגט צווישן די „דערגרייכער" און דער בת־מלכה. זיי זעען זי נישט, נאָר זיי גלויבן אָן איר. זאָל ער זיי צולאָזן?

אָט רייסט זי דורך דעם וואָלקן, די מכשפה, און רייט זיי אנטקעגן אויף אַ בעזים.

זי כאַפּט אָן איינעם ביי דער האַנט.

— וואו אַהין גייסטו, אינגעלע?

— צו דער בת־מלכה!

— וואָס האָסטו צו דער בת־מלכה?

— איך וויל זי וועקן!

— נאָך וואָס?

— איך וויל מיט איר חתונה האָבן!

— פאַרוואָס ווילסטו מיט איר חתונה האָבן?

— זי איז אַ גוטע, — האָט דער לערער געזאָגט, — אַ קלוגע און אַ זיסע. דער לערער ווייסט!

— אודאי! און דו, דאַכט זיך, האָסט ליב גוטע און זיסע זאַכן?

— געוויס האָב איך ליב! די מאַמע רופט מיך „נאַשער".

— אויב אַזוי, מיין קינד, נאָך וואָס זאָלסטו קריכן אומזיסט אויפ'ן באַרג און מיד ווערן, דו ביזט דאָך אַן איידל קינד —

— וואָס גייט עס דיר אָן?

— איך בין דאָך דיין מומע, נאַרעלע, קענסט מיך נישט? איך וועל דיר געבן אַ סך גוטע זאַכן.

און זי גיט אַ מאַך איר „האָקוס פּאָקוס" און דעם אינגל צו־פוסנס פאַלט ווי פון הימל אַראָפּ אַ קוישל מיט סאַמע גוטע און זיסע זאַכן: מאַנדלען אין די געלע העמדלעך, געפּרעסטע פייגן, שטרענגגעלעך־ראָזשינקעס, רויט־פלאַמענדיגע פּאָמעראַנצן, ציקאָלאַדע און אַזוינע זאַכן, וואָס דאָס אינגל האָט אפילו נישט געוואוסט, ווי מען רופט זיי. און ער האָט אויסגעשריען פאַר פרייד און געלאָזט זיך אויף די קני פאַר'ן זיסן קוישל.

יענע דריי זיינען דערווייל ווייטער געגאַנגען. קומט זיי אַנטקעגן דער כשוף־מאַכער, אַן אַלטער מאַן מיט ווייסע ברעמען און אַ ווייסער באָרד, מיט אַ גרויסער בלויער פּאָר ברילן איבער די אויגן —

עס הערט זיך אַ סקריפּ פון גאָרטן־טויער. ער עפנט די אויגן, די באָנע מיט די קינדער זיינען שוין פאַרשוואונדן. ער לויפט געשווינד אַרויס. און אויף די כמעט לערע „נאַלעווקעס" וועבט זיך דאָס מעשה'לע ווייטער.

דער אַלטער שטעלט איינעם פון די דריי אָפּ.

— וואו אַהין, אינגעלע?

— די בת־מלכה וועקן, איך וויל מיט איר חתונה האָבן!

— נאָך וואָס?

— דער לערער לויבט זי; זי איז אַזוי קלוג.

— ווילסט פון איר קלוג ווערן?

— ווי דען? א מענטש דארף זיין קלוג. אז מען איז קלוג, האָט מען כבוד און געלט.

— אזוי? נו, א ביסל קלוג ביזטו שוין, נאָר אויב דו ווילסט, וועסטו קלוג ווערן אַן דער בת־מלכה.

— ווי אזוי?

— גאַנץ איינפאך, נאַ!

און דער אַלטער נעמט ארויס פון בוזים־טאַש און דערלאַנגט, דעם שוין כמעט קלוגן קינד, א פיין ביכל, איינגעבונדן אין ווייסע לעדער, מיט א גאָלדענעם שניט, אינעווייניג מיט בילדער.

— נאַר, — זאָגט ער, — זעץ דיך און לייען! וועסט דורכ־לעזן איין זייטל, וועטו זיין קליגער פאר טאַטע־מאַמע, צוויי — וועסטו קליגער ווערן פאַר'ן גאַנצן דאָרף, און קומסטו אין דער מיט אריין, וועסטו קלוג זיין, ווי דריי פראָפעסאָרן!

דאָס אינגל כאַפּט דאָס ביכל און זעצט זיך לעזן.

יענע צוויי זיינען דערווייל ווייטער געגאַנגען. פאַרשטעלט זיי די שלאַנג דעם וועג. איינער אַנטלויפט, דער צווייטער בלייבט אויפ'ן אָרט פאַר שרעק.

זי גיט אים אָבער א גלעט איבער ס'מיילכל און פרעגט אים מיט א שלאַנגן־הארציגער שטימע:

— וואו אהין, אינגעלע?

ער גייט צו דער בת־מלכה, ער וויל זי אויפוועקן און מיט איר חתונה האָבן, ווייל דער לערער האָט געזאָגט, אז זי איז אזוי שיין!

— האָסט ליב „שיין"?

— אודאי!

— נו, קום מיט מיר. זעסטו, אין דער זייט שטייט א קרים־טאַלענער פּאַלאַץ און אינ'ם קריסטאָלענעם פּאַלאַץ וואוינען סאַמע טאָקלעך. סאַמעטענע קליידער טראָגן זיי און ווייס־זיידענע פאַנ־טאָפעלעך... קאַרשן־רויטע ליפּעלעך האָבן זיי און ברילּיאַנטענע אויגעלעך... וועסט דיר אויסקלויבן וועלכע דו ווילסט, און עס איז גאָר נאָענט און א גלייכער וועג...

און ער גייט נאָך דער שלאַנג...

— אָבער מיט'ן פערטן וואָס טוט מען? לאָזן אים דער־גרייכן? אַ שאָד! ער וועט זיין דער אומגליקלעכסטער... ער וועט אפילו נישט האָבן, וואָס עס זאָל אים באַנג טאָן, וואָס זיך פאַרצוואַוואַרפן!

איך צוליב מוז ער עס דאָך טאָן...

ער וועט גיין, ער וועט אויפוועקן... און דערנאָך?

— דערנאָך — אַ חופה... מוזיק, טענץ... אַ האָכצייטס־רייזע... אַ שפּאַציר אין הענגל־גאָרטנער אין דער לופט...

זי וועט די אויגן פאַרמאַכן פאַר גרויס נחת... שטאַרק גע־רירט וועט זי זיך לאָזן צוציען און ער וועט זי נעמען צו זיך אויף די קני און וועט זיך וואונדערן, נאָך וואָס ער טוט עס. זי וועט צולייגן אירע הייסע בעקעלעך צו זיינע — ער וועט פילן איר ריינעם אָטעם און ער וועט זי קושן, און פאַרוואַרפן זיך: „שוויין". זי וועט דערוויל אויפשפּרינגען בלאַס, צעשראָקן, מיט אַ פאַר־ציטערט געוויין, און ער וועט זיך איר וואַרפן צו די פיס און איבערבעטן — אין האַרץ וועט ער זיך רופן: „פּאַיאַץ" — און זי וועט זיך קוים לאָזן איבערבעטן און וועט שוין אַ לאַנגע צייט נישט קומען... ער באַקומט פון עמיצן אַ שטויס און גליטשט זיך שיר נישט אויס אויפ'ן נאַסן טראָטואַר.

---

אויף די טרעפּ איז פינצטערלעך. איין נאַפט־לעמפּל אויף צוויי שטעק. קיין צינד־העלצלעך האָט ער ביי זיך נישט. זיין שכן גייט דעריבער מיט אַן עלעקטריש לעמפּל — דעם איז ער אָבער נישט מקנא: ער האָט אַ העסלעך ווייב. ווען ער גייט דורך פאַר זייער טיר, ציטערט ער, זי זאָל אים נישט אַנטקעגן קומען. די גרעסטע זינד איז העסלעכקייט. און אַז די באַלעבאָסטע איז מיאוס, איז די דינסט נאָך העסלעכער. בררר... פאַר איבל און קעלט צוזאַמען. ער האָט פאַרגעסן, אַז די קאַמאַשן זיינען צעריסן און איז געגאַנגען אויף דער נעץ. ביינאַכט וועט ער הוסטן און אפשר

היץ באקומען. דער דאָקטאָר וועט אים ווייטער שרעקן מיט אַן אָפּצערונג. „מיין כפרה" — זאָל זיין אַן אָפּצערונג, אבי זאָל עפּעס געשען.

ער בלייבט שטיין דערשראָקן:

אין טרעפּן־ווינקל באַווייזט זיך אים אַ בילד פון בלאָסן שיין געוועבט.

אַ סדר־טיש, — אַ שניי־ווייס טישטוך, — רויט־געמאָלטע כוסות — בלאַנקע טעלער — בליצנדיג, כאָטש אַלט, זילבערן געשיר, ליכט אין דריי פּאָר הויכע זילבערנע, אַלטע, דראָט־אַרבעטע־נע לייכטער... די מוטער שטייט און בענשט ליכט... פון הינטן זעט ער זי... אירע דאַרע אַקסלען ציטערן... זי וויינט — אויף אים וויינט זי! וואו איז ער אַצינד?

— „עס הויבט זיך שוין אָן" — ווערט ער בייז אויף זיך און שפּרינגט אַרויף עטלעכע טרעפּ מיט אַמאָל. און באַלד פאַר־דריסט אים, וואָס ער איז אַנטלאָפן, די מוטער וואָלט זיך אויס־געדרייט צו אים... ווי זעט זי צונד אויס? זי שרייבט, אַז זי שלאָפט נישט גאַנצע נעכט... פיר פּאָר שקאַרפּעטקעס האָט זי אים לעצטנס געשיקט. „זע, האַלט ווארים די פיס"...

מיט אַ ציטערדיגער האַנט עפנט ער זיין טיר.

— עט, — שאָקלט ער זיך אָפּ, — אַ מענטש דאַרף זיין אַ מענטש.

מיט פעסטע טריט גייט ער אין צימער אריין; מיט אַ פעסטער האַנט מאַכט ער ליכט. פאַר דער פינצטערקייט האָט ער דאָך אַ ביסל אַנגסט. „ווי אָרים" — באַטראַכט ער די שטוב. שפּינוועבס, פאַר דאָס (מיט אַ ביטערן שמייכל) אַן אַ צייכן פון חמץ. מאָרגן וועט שוין עמיץ פאַרבעטן... ער וועט זיך דרייען אַרום דער דייטשער שול... אַ באַקאַנטער לערער...

ער זעצט זיך אויפ'ן בעט. דאָס לעמפּל פּילירט אַ ביסל, ער וויל אויפשטיין און פאַרריכטן, און פאַרגעסט זיך, נאָך וואָס האָט ער זיך אונטערגעהויבן! ער לאָזט זיך צוריק אַראָפּ. ציט איין די פיס. זיין בליק פאַלט אויפ'ן שטיקל שפּיגעלע אויף דער וואַנט. ער נעמט עס אַראָפּ, שפּיגלט זיך.

— איך בין גאָר נישט אַזוי העסלעך, ווי זי זאָגט! שמייכלט ער, און הענגט דאָס שפּיגעלע צוריק אויף. אַ ביסל שוואַרץ, ווי אַ טאַטער, אָבער אויגן...

אויף זיינע אויגן איז ער שטאָלץ. זעלטן אַ פרויענצימער זאָל אויסהאַלטן זיין בליק... ווערט ער מיט איינער אינטים, קושט זי אים די אויגן. ליפּן האָט ער צו פלייִשיגע... זיי קושן צו האַסטיג, זיי זיינען צו געפּערלעך... נאָך אין דער היים —

דער געדאַנק רייסט זיך אָפּ: וואָס טוט זיך צונד אין דער היים? דער טאַטע איז שוין געקומען?

ער הערט דעם טאַטנ'ס „גוט יום־טוב" — דער מאַמע'ס ענטפער. עס קלינגט נישט פריילעך. אומשטיינס געזאָגט, איין קינד און עס איז נישט אין שטוב.

ער וויל איבערטראָגן די געדאַנקען אויף עפּעס אַנדערש; עס נעמט נישט. דער „סדר" לאָזט זיך נישט אָפּרוקן. שוין דאָס פינפטע יאָר!

ער הויבט זיך אויף און גייט צו צום פענצטער. איבער'ן נאַסן הויף שפּיגלען זיך ציטערדיג די יום־טוב'דיגע פלעמלעך פון די פענצטער, פאַרשפּעטיגטע לויפן דורך. צו די פענצטער וויל ער די אויגן נישט אויפהויבן. ער מוז עס אָבער. לאַנגזאַם הויבט ער ז י י אויף. אויפ'ן וועג אין דער לופט בלייבן זיי שטאַר. ווייטער אַ בילד:

אַ סדר־טיש. אַ גרויסער סדר־טיש — קריסטאָלן און גאָלדן געשיר — איז עס איין פאַמיליע? ניין. עס מוז זיין אַ פאַר־זאַמלונג פון אייניגע פאַמיליעס! מאָדנע געקליידטע פרויען — אַ זייער אַלטע טראַכט! מענער אין ווייסע, ברייט־געשטיקטע קרעגן אונטער די קיטלען... גאָלדענע עטרות... גאָלדענע יאַר־מולקעס — ביי וואָס האַלט מען? אַ שטילער רעציטאַטיוו...

פּלוצלונג מען קלאַפּט פון דרויסן.

פאַרציטערט ווערן די מענער, די פרויען — פאַרגליווערט פאַר שרעק. אַ יונג מעדכען פאַלט אַרונטער אין אָנמאַכט — אַ יונגע פרוי פאַלט מיט אַ פאַרשטיקט :עוויין דעם מאַן אויפ'ן האַלז... וואָס קאָן עס זיין?

— עפנט אין נאָמען פון געזעץ! — שרייט מען פון דרויסן.
א בלבול־דם! געוויס!

— געשווינד, זוכט אונטער׳ן טיש! — רופט דער עלטסטער.
מען בויגט זיך ארונטער — א שרעק — א קליין טויט קינד!
אלע ווערן פארשטאַרט.

די טיר פון פאָדער־הויז פּלאַצט.
און דער עלטסטער שטייט אויף און קאָמאַנדעוועט האסטיג
מיט א פארשטיקטער נאָר פעסטער שטימע:

— נעמט און צעשניידט!

עס געשיט. — די טיר פון פאָדער־הויז איז אויפגעבראָכן
איינגאנצן. שווערע טריט — וואפן־געקלאַנג.

— נעמט יעדערער אויף זיין טעלער א שטיק.
מען טוט אזוי. מען קלאַפּט שוין אין צימער־טיר.

— עסט!

דאָס טויטע קינד איז אויפגעגעסן. די טיר אויפגעבראָכן—
פּאָליציי און מיליטער — מען זוכט — אומזיסט — זיי גייען
פארדראָסן ארוים, און א ווילד צאָרניג געשריי הערט זיך פון אלע
אין שטוב:

— שפוך חמתך על הגוים, אשר לא ידעוך...
עס הויבט אָן טריפן א רעגנדל. דאָס בילד צעשווימט.

— נישט פאר מיר, — טראכט ער, — עס דארף א שטאר־
קערע פעדער.

---

ער ציט זיך בעסער אוים אויפ׳ן בעט און מאַכט די אויגן צו.
— פארלאָרן די קראפט... געשניגלט שטימונגען...
פאראן דאָך לייכטערע בילדער:
דער סדר ביים בעל־שם... ניין, נישט ביים בעל־שם, דער
סדר ביי א איד א גביר, צו וועלכן דער בעל־שם איז פּלוצלונג
געקומען צו גאַסט. דער גביר איז א מתנגד געוועזן, און דער
בעל־שם האָט זיך צו אים קוים איינגעבעטן צום סדר. אין

בית־המדרש נאָכ'ן דאַוונען איז עס געווען.

— איך וועל אייך צו גוץ קומען... — האָט ער געזאָגט.

און דער גביר האָט געפרעגט דעם רב, צי מעג מען אַ חסיד צורופן צום סדר... מצרף זיין צום בענשן... דער רב האָט נישט געהייסן מבייש זיין.

און דער בעל־שם זיצט ביים סדר... אַריבער מה נשתנה — עבדים היינו — פּלוצלונג הייסט דער בעל־שם ברייננען נאָך אַ הגדה, מיט אַ קיטל, מיט אַ גאַרטעלע און אַ יאַרמולקע. לאַכט מען. גיט ער אַ רוף: איך הייס! פריער האָט ער זיך קוים איינגעבעטן, און צונד הייסט ער! דער גביר קוקט — דעם בעל־שם'ס אויגן פלאַמען, קריגט ער פּלוצלונג פּחד, ברייננגט מען, און מען לייגט פאַר'ן בעל־שם, וואָס ער האָט געהייסן. גיט דער בעל־שם אַ קאָפּ מיט'ן פוס אונטער'ן טיש און גיט אַ זאָג: יאַנטעק, שטיי אויף! און פון אונטער'ן טיש הויבט זיך אויף און קריכט אַפּער אַ בלאַסער שייגעץ, אָן אַ טראָפּן בלוט אין צורה, אַ בר־מנן מיט פאַרמאַכטע אויגן — און ביים האַלז — אַ שניט! אַלע שטאַרן פאַר שרעק.

— יאַנטעק, עפן די אויגן אויף!

— יאַנטעק טוט עס.

— יאַנטעק, טו אָן דעם קיטל, גאַרטל דיך אַרום, נעם די יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ!

יאַנטעק פאָלגט.

— דערלאַנג אים אַ שטול, — יאַנטעק, זעץ זיך!

יאַנטעק זעצט זיך אין קיטל און אין דער יאַרמולקע.

— עפן די הגדה און זאָג!... עולם, זאָגט!

און דער עולם ציטערט און זאָגט, און יאַנטעק זאָגט מיט...

און פּלוצלונג ווערט אויפגעבראָכן די טיר — מען איז גע־קומען געפינען דעם אונטערגעוואָרפענעם פּגר... זוך היינט, זוך מאָרגן, מען גייט אַוועק פאַרשעמט...

און דער בעל־שם ווענדט זיך דערנאָך צום אויפגעלעבטן מת:

— יאַנטעק, מאַך צוריק די אויגן צו און גיי אויפ'ן בית־הקברות און באַגראָב זיך אַליין. נאָר וויל דו האָסט זוכה געווען צו גיין אין אַ קיטל און צו זאָגן אַ אידיש וואָרט, באַגראָב זיך

אויפ'ן אידישן בית־עלמין... און אז דו וועסט טרעפן אברהם אָבינו, זאָג אים — — —

א שטילער קלאַפּ אין טיר.

— אריין.

— א מעשה'לע פאַראַן?

— אַלערליי, אַלערליי...

---

# ל״ג בעומר

א יום־טוב פאַר קינדער!

וואָס אייגנטלעך ל״ג בעומר איז, אָסור אויב איך ווייס! אין חדר, געדענק איך, פלעגט דער רבי צו דערציילן פון א מגפה צווישן רבי עקיבא׳ס 24,000 תלמידים... אויך פון „הלולא דר׳ שמעון בן יוחאי״ און פון בוימל גיסן אויף זיין קבר! נאָר איך האָב ווייניג וואָס געהערט; מיר איז עפּעס אנדערש געלעגן אין קאָפּ: עס זיינען שוין אריבער די טרויעריגע ספירה־טעג, ל״ג בעומר הויבט מען זיך אָן באָדן, און דאָס וואַסער דאַרף א מענטש, מוז מען עס אָפּנאַרן מיט א קאַץ!

„נער הייתי וגם זקנתי״ און ציינד זעט מיר דאָס אַלעם אויס אזוי פּראָסט, אזוי נאַטירלעך! מגפות האָבן פאַרצייטן אויך נישט געפעלט, עס זיינען נאָר אַנדערע קמיעות, אנדערע רפואות און אַנדערע דאָקטוירים געוועזן! אז עס איז א מגפה געוועזן, און זי האָט ל״ג בעומר אויפגעהערט — **איז אויך ריכטיג.** יעדע מגפה מוז אַמאָל אויפהערן; אַנטיסעמיטיזם, פאַנאַטיזם, ספּיריטיזם זיינען אויך מגפות און וועלן אויך אַמאָל אויפהערן... און יענע מגפה האָט נישט געקאָנט וויסן, אז עס איז ל״ג בעומר, זי זאָל, גאָט ווייסט וועמען צו להכעיס, דוקא אויפהערן א טאָג פריער אָדער שפּעטער! און ר׳ עקיבא, אויב ער האָט געהאַט אזוינע ענגע, דושנע און ברודיגע חדרים, ווי אונזערע קינדער האָבן היינט, איז לייכט צו פאַרשטיין, פאַר וואָס די מגפה האָט זיך אין זיינע תלמידים געהאַלטן!

הלולא דר׳ שמעון בן יוחאי איז אויך צו דערליידן. „הלולא״ איז אייגנטלעך א חתונה און דאָ מיינט מען גאָר א יאָר־צייט, נאָר עס מאַכט נישט אויס. סאַפיר זאָגט, אז איבער דעם האָט א

חופה פיר שטאנגען, ווייל זי איז מערסטנטיילס א דאפלטע מטה! און מרדכי חב״ד זאגט, אז דעריבער באדעקט מען די כלה, זי זאל נישט זען ווי מען קוילעט זי. אז די, וואס ווילן נישט קיין אילו־מינאציע אויף די חשמונאים׳ס נצחון געגן די גריכן, נאר דוקא הייליגע חנוכה־ליכט לזכר פון נס, אז פון איין פארציע בוימל האט זיך אויסגעמאסטן אכט, כאטש דאס מאכט היינט א ליאדע סוחר׳טע, אז די לייט, וואס האבן ליב און לעבן פון נסים אויף דער מאס און וואג, גיסן בוימל דוקא אויף ר׳ שמעון בן יוחאי׳ס קבר, איז אויך נישט חוץ לדרך הטבע; זיי גלויבן פעסט, אז ר׳ שמעון בן יוחאי האט געמאט דעם זוהר, דער זוהר — די קבלה, די קבלה — חסידים, און אונזערע חסידים׳לעך (און דאס איז טאקע אמת) האבן מתקן געוועזן נאסן און דאך ברענענדיגן תקון, וואס מאכט דעם גארגל פייכט, דאס לעבן זיס און דעם קאפ אזוי לויטער... ממש ווי זוהר־לשון!

עס איז מיר אפילו היינט קיין וואונדער נישט, אז וואסער לאזט זיך אפנארן און נעמט צו א קאץ פאר א מענטש! טוען מיר דען אנדערש? גייט ארויס אויפ׳ן הייליגן ארט, עפנט אויף דארט די קברים, אויב איר וועט נישט געפינען ניינציג פראצענט קעץ! עפנט א בלאט געשיכטע און באטראכט גוט, וועט איר זען, אז מען רעדט מכלומר׳שט פון מענטשן און פון צווישן די שורות קוקן ארוים פרומע קעציגע בלויע אויגעלעך, אז עס איז א מחיה! עס טרעפט זיך, אז בערן פירן דאס רעדל, ביינער קנאקן אונטער די ציין, בלוט פליסט פון פיסק אראפ ארום די לאפעס... עס טרעפט, אז פוקסן כאפן די לייצן אין די הענט אריין און פארפארן גלייך צו דער הינער־שטאל, און פעדערן פליען עד לב השמים, נאר על פי רוב — דרייט אונז דעם שטריק ארום דעם האלז א פראסטע ווייסע אדער שווארצע, נאר — זכרונה לברכה — א קאץ!...

איך וואלט א סך גערעדט פון טויטע קעץ, איך זאל קיין מורא נישט האבן פאר די לעבעדיגע... אך, זיי דראפען און — ערגער נאך — זיי מסר׳ן!

נאר ווי עס איז, פון וואנען ל״ג בעומר קומט ארוים, זאל זיין פון דער קאץ אליין, אבי צום לעבן! אבי אונזערע ארימע קינדער

כאַפּן זיך כאָטש איינמאָל אין יאָר אַרויס פון תפיסה, פון פינצטערן חדר. דער „סמאַטריטעל" אַליין — דער בייזער מלמד — עפּנט אַליין אויף די טיר און פירט זיי אין וועלדל אַריין! אָ, לאַכט נישט אויס איין טאָג אין פרישן, פרייען וואַלד!

דאָס קינד גיט זיך קיין רעכנשאַפט דערפון נישט אָפּ, נאָר עס דערפילט פּאָרט, אַז אין חדר איז ד אָ ך נישט ווי עס דאַרף צו זיין! דער הימל איז דאָ נישט אַזוי קליין, נישט אַזאַ שמאָט־קעלע, ווי צווישן דעם רבי'נס פענצטער מיט'ן שכן'ס דאַך! די סאָסנע שיסט גלייך אַרויף צום הימל, נישט געקרימט, נישט גע־בויגן, גלייך, אָן קונצן, אָן פּשט'לעך, נישט פאַרקניפּט און נישט פאַרבונדן!

דאָס קינד קלערט זיך: ד אָ וואווינט גאָט, און ד אָ ר ט — דער רבי... פרישע לופט, פרייער אָטעם, געזאַנג פון פויגל, גערויש פון בלעטער, פאַרשיידנפאַרביגע בלומען, גאָלדענע און זילבערנע זומער־פויגעלעך — זיינען גאָט'ס, און די בלאָטע, דאָס מושב, דאָס ענגעניש, דער ברוד און די געדרייטע, פאַרקניפּטע, פאַר־כשופ'טע פּשט'לעך — זיינען טאַקע דעם רבי'נס!

עס לאָזט מיך נישט שרייבן, אַזאַ גערודער ווערט אין גאַס! איך לויף צו צום פענצטער!

די נאַלעוווקים רוישן ווי אַ ים, די פראַנציסקאַנער שומט און יאָגט, און פון דעם מבול מענטשן שווימט אַלע מאָל אַרויס אַ נייער אָמניבוס, אָנגעפּאַקט פול און פול מיט קינדער! אַך! ווי זיי זעען אויס, די קינדער!

בלאַסע, גרינע, געלע און איינגעריסטע פּנים'לעך... זעלטן אַ געזונט בעקעלע, זעלטן אַ פריש פּנים'ל! נאָר אַלע זיינען רירעוודיג, אומגעדולדיג, און אַלע אויגעלעך ברענען ווי די ליכט! פּאָרט, קינדערלעך, פּאָרט, איך ווינש אייך...

נאָר ניין, נישט אַ ל ע ווינש איך! נישט אַ ל ע! זאָגט מיר, קינדערלעך, פריער, וואָס פון אייך וועט אַרויס, וועל איך אייך זאָגן, וואָס איך ווינש אייך! אָט ווייזט מיר נאָר, ווער פון אייך וועט האַנדלען מיט ווערמאָנט'ס סחורה, אָדער גלאַט אַזוי — מיט פרעמדן שווייס און בלוט; ווער עס וועט בויען זיין הויז

אויף יענעמ׳ס חורבה ; ווער עס וועט אויסוואקסן ווי א צווייגל פון אן אנדערנ׳ס מצבה — א! זאָגט מיר ווער, דעם וועל איך אָן רחמנות ארויסשלעפּן פון דער בויד און ווארפן אונטער די רעדער!

נאָר זאָגט מיר אויך, ווער פון אייך וועט ארויסוואקסן אַן ערלעכער ארבעטער, וואָס וועט לעבן פון אייגן שוויים און בלוט ; זאָגט מיר, ווער פון אייך וועט לעבן אויף זיין אייגענעם חשבון, נישט זיין קיין לויז אויף א פרעמדן קאָפּ, נישט אריינשטעקן ווי א וואָרים די זויג־נעפּ אין א פרעמדן מאָגן — זאָגט מיר ווער, און דעם וועל איך געבן עטלעכע גוטע, פיינע ביכלעך צו לעזן, וואָס וועלן אים זיכער צו נוץ קומען!

זאָגט מיר אויך, ווער פון אייך וועט זיך מאכן פון דער תורה א סחורה, און וועט זי פארקויפן אויפ׳ן קווינט און אויפ׳ן לויט, אויפ׳ן גלעזל, ווי בראנפן אין שענק... ווער פון אייך וועט מאכן מאָנאָפּאָלן אויפ׳ן כשר׳ן וויין, האנדלען מיט הכשרים אויף מעל, אריינשטעקן דאָס גאנצע אידישקייט אין א חליצה־שוך, אָדער צומאכן נאָך דאָס קלענסטע חומרא׳לע, צוואווארפן נאָך איין דראָבנע שטויבעלע צו דער גלות־טאַטשקע — זאָגט מיר ווער, וועל איך אים ארויסשלעפּן אָן רחמנות פון בויד און ווארפן די פערד אונטער די פיס, ווייל נאָר פערד׳ס פּאָדקאָוועס קאָנען ארויסשלאָגן א פונק פון אזוינע פינצטערע קערפּער!

נאָר זאָגט מיר אויך — ווער פון אייך וועט ארויסוואקסן א מענטש מיט א שטאָלצן שטערן, פרייע אויגן, א קלאָרן מוח און א ברייט, אָפן הארץ... אָ, זאָגט מיר, ווער פון אייך וועט זען ווייטער אלס איין מינוט, אין וועלכער עס פארזינקט דאָס גראָבע עמ׳הארצ׳ישע לעבן ; וועמענס בליק וועט זען ווייטער ווי די דלת אמות, וואָס דער פרוש האָט פאר׳ן נארישן אינדיק ארומגעקריידט — אָ, זאָגט מיר ווער, וועל איך אים אראָפּנעמען פון בויד, אויסקושן יעדער אבר און מיטנעמען מיט מיר אין וואלד אריין...

דאָרט, אין פרישן, גרינעם וואלד, וועלן מיר זיך זעצן אונטער אַן אלטן, קלוגן בוים מיט וויט־פארשפרייטע צווייגן, מיט מיליאָ־

נען פרישע, גרינע בלעטער, וואָס זאָגן צו מיליאָנען פרישע, גאָר נייע בליטן... דאָרט וועלן מיר זיך זעצן, דאָרט... אינ׳ם שטילן אָרט, וואו מען הערט נישט די עם־ארצים שרייען, די אָקסן בלעקען און די הינט בילן... דאָרט וועל איך אים פאַרטייטשן, וואָס פרילינג באַטייט, וואָס פריש לעבן הייסט; איך וועל אים דערציילן, וואָס עס סוד׳ן זיך די בלעטער, וואָס עס רוישט דאָס יאָגנדיגע וואַסער און וואָס עס בלאָזט אין די אויערן אַריין דער פרישער ווינט...

אָך! איך וועל אים נאָך אַ פּאָר שיינע מעשה׳לעך פאַרציילן און שענקען — עס איז דאָך ל״ג בעומר — אַן אמת׳ן, גוטן פייל־און־בויגן...

---

# צום עולם התהו

פון דער פּראָווינץ פליט אַ קנויל פון נשמות אין הימל אריין.

עס זיינען פּרישע נשמה'לעך, ערשט נעכטן, אסרו־חג־שבועות, פון „געפּענגעניש" ארויס...

צום הימל איז ווייט, און אָבוואָל זיי האָבן פליגל ווי מלאָכים, און טראָגן שוין נישט די לאַסט פון אומגעלומפּערטן קערפּער, קאָנען זיי דאָך די טויערן פון הימל מיט איין מאָל נישט דערגרייכן.

עס קומט דערפון, וואָס די געוואוינהייט איז די צווייטע נאַטור. און אונזערע נשמות האָבן אין זיך נאָך פיל געוואוינהייטן פון יענער וועלט, וואו „מנוחה" האָט געהייסן „גליק", וואו גיין מיט אַמאָל און ווייט האָט מען נישט געקאָנט און נישט געטאָרט; וואו מען פלעגט זאָגן: „פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט ארויס", „פון נישט גיין און נישט פאָרן האָט מען קיין חרטה נישט" און — „שטילער פאָרן, ווייטער קומען!"... פאַראַן, זאָגט מען, אַדלער, וואָס שיסן גלייך און מיט אַמאָל ארויף צו דער זון. זיינען זיי אָבער, ערשטנס, מענטשן, נישט קיין אָדלער געוועזן, און אפילו אַן אָדלער פליט אויך נישט מיט אַמאָל און גאָר נישט צו דער זון, מאַלע וואָס מען פאַרציילט...

נאָר לאָמיר צוריקגיין צו דער זאַך.

ביים ערשטן בעסטן וואָלקן האָט זיך דער „קנויל" אָפּגעשטעלט.

— האָט נישט ווער אַ ביסל בראַנפן? — פאַרגעסט אַ נשמה, וואו זי האַלט אין דער וועלט.

— אוף! — סאַפּעט אָפּ די צווייטע; אָבוואָל דער טייל, וואָס קאָן און דאַרף מיד ווערן, ווערט דאָרט אונטן אויף אַ מטה צוגעטראָגן צום אָפענעם קבר.

— ווי די זון ברענט און בלענדט ! — קלאָגט זיך א דריטע, אויך אוים לויטער געוואוינהייט, פארגעסנדיג, אז זי ליגט שוין ג"שט אינ'ם פינצטערן „עפר ואפר" שטיבעלע, קוקט שוין נישט ארוים דורך צוויי קארגע שפאלטן מיט ברעמען פארשטעלט, אז די זון מיט איר גאנצן פייער קאָן איר די אויגן, וואָס זי האָט נישט, נישט אויסברענען.

איינע וויל הערן עפעס נייעס ; אן אנדערע וואָלט גערן געוואוסט, ווי האלט מיט קאָרן אָדער מיט פּאָליטיק.

— אינטערעסאנט צו וויסן, — זאָגט עמיץ — צי איז ס א נ י ן ווירקלעך א טאלענט —

אין דער רגע איז אָבער דורכגעפלויגן א ליכטיגער מלאך.

זיינע זילבערנע פליגל רוישן אין דער לופט שטיל און זים, דער אָפּגלאַנץ פון זיינע אויגן זוימט די לייכטע אלאבאסטער־נעפל מיט גאָלד און שאפיר. באגריסט פון די שטערן, שמייכלט ער זיי צו, און פון שמייכל צעפליסן זיך נייע שטרייפן ליכט איבער'ן הימל.

ער דערהערט פון וואָס נשמותריידן, און אויף זיין ליכטיג־הייליג פנים לייגט זיך א שאָטן פון טרויער אוים... פון די ליכטיגע אויגן פאלט א טרער פון רחמנות. אונטן ערגעץ וועט זי פאלן אויף א לעבעדיגע נשמה, און זי וועט שוין אין בענקשאפט פארגיין...

ער גיט א מאך מיט א פליגל ! „מיט וואָס דער טאָפּ האָט זיך אָנגעקאָכט !..." הייסט עס, און פליט ווייטער זיין וועגס.

---

די פארשעמטע נשמות לאָזן אראָפּ די קעפּלעך.

— פון וואָס דען רעדט מען ? — קלערן זיי טרויעריג, נישט אָנהויבנדיג צו באמערקן, אז זיי פליען שוין לאנג נישט פריי אויף א י י ג ע נ ע פליגל... נאָר דער וואָלקן, וואָס ווערט נאָכ'ן מלאך'ס וועקפליען אלץ טונקעלער און טונקעלער, טראָגט זיי ערגעץ אוועק אין א זייט.

פון וואָס רעדט מען דאָ?

אויף יענער וועלט איז געווען אזוי פיל צו ריידן! עס זיינען אזוי פיל פראגן געווען, אז דער מענטש האָט זיך נישט געטרויט אויף אַלע זיך אַליין צו ענטפערן. זיך האָט ער נאָר איבערגעלאָזט די „שאלת־פרנסה", דאָס פארזאָרגן דעם מאָגן; מיט אנדערע האָט ער זיך געווענדט צו וועמען עס איז... צו אַלטע ספרים, אַלטע קברים, רביים, טאָטערס, כשוף־מאכער, גורל־וואַרפער... און דעריבער, אויסער ברויט, קרויט, און א שטיקל פלייש און פיש, האָט ער אויף אַלעם געקוקט מיט פרעמדע אויגן, געהערט מיט פרעמדע אויערן... און דאָך איז דאָס מויל קיין רגע נישט געשטאַנען, עס האָט שטענדיג געמאָלן, און דאָס געהירן איז שטענדיג פול געווען. און דאָ... דאָ, אויפ'ן וואָלקן, פילן זיי זיך אזוי לער...

פון דער ווייטנס פליט די קויל, אויף וועלכער זיי האָבן געלעבט. איינגעהילט אין א שווארצן וואָלקן פליט זי. אונטער דעם וואָלקן זיינען געבליבן זייערע געדאַנקען, זייערע פראגן, זייערע אינטערעסן צום ריידן. און זיי איז געבליבן נאָר א שוואכער אָפּגלאַנץ פון ברויט מיט קרויט... איז אָבער דאָס דעם מלאך נישט געפעלן.

— מען וואָלט געדאַרפט ריידן פון גוטע זאכן, — מיינט א נשמה.

— פון פרומע! — פארבעסערט א צווייטע.

— כאָטש א וואָרט תורה! — ראָט א דריטע

די צונג אָבער לייגט זיך נישט.

דאָ אויפ'ן וואָלקן, אין דער הויך, האָט אַלץ גאָר אן אנדער פנים. עמיץ דערמאָנט זיך פון עפּעס „גוטס" פון דאָרט, שטעלט זיך אים פאַר די אויגן א שיינער עפּל, געררויטלט ווי אפארשעמטע בתולה, מיט א גרינעם וואָרים, וואָס קוקט פון עפּל ארויס. דאָס שלעכטע פון דאָרט זעט אויך גאַנץ אנדערש אויס... ווי עפּעס אזוינס, וואָס האָט ריצן, די זאך איז נישט שיין, מיאוס, אָבער פון די ריצן שטראַלט עפּעס ארויס... מערסטנטייל שטראַלט עפּעס ארויס... האָט מען מורא דערפון צו ריידן...

און פרומקייט? ווער ווייסט, וועלכער נוסח עס איז נוהג אין הימל: ספרד צי אשכנז, אָדער אפשר זיינען גערעכט גאָר די דייטשן און די נאַציאָנאַליסטן? נאָך וואָס „באַליידינגן די געפילן" — וועגן פרנסה גייט עס, וואָס?

עס רעדט זיך אפילו קיין תורה נישט.

די „בני־תורה" צווישן די נשמות זיינען געוואוינט צו נעפּל־דיגע שלש־סעודות־תורה, באַגלייט מיט לאַנג־געצויגענע, מאָנאָ־טאָנע מעלאָדיען, און צווישן „אנשי שלומנו", נאָך א קאַפּ און נאָך א קאַפּ... גיי זאָג אויפ'ן וואָלקן א גמטריא, פליט פאַרביי א ליט־ווישער מלמד און רעכנט נאָך:

— אָ, — דערמאָנט זיך פּלוצלונג א נשמה, — שבועות! — האָט איר אייך געפרייט מיט קבלת התורה?

---

עטלעכע רוקן זיך אָפּ אין א זייט — זיי זיינען דאָרט „קאַזיאָנע" רבנים געווען! זיי מאַכן זיך א באַזונדער רעדל אוןריידן, און פרעגן זיך: וואָס מען וועט זאָגן אויף יענער וועלט אויף דער טאַקסע פאַר נפטרים ונולדים?

דער גרעסערער קראַנץ נשמות האָט זיך טאַקע אָנגעכאַפּט אָן שבועות, אָן דער שאלה: ווער און ווי אזוי עס האָט זיך געפרייט מיט קבלת התורה.

— „אָביאַזאַטעלנאָ", — שפּרינגט ארויס א ליטווישער בעל־טאַקסע, — געפרייט זיך, ווי דען! איך וואָלט א שיין ליט געוועזן אָנ'ם תורה'לע! עס וואָלט אפילו קיין „סוויעטשנאָי סבאָר" נישט געוועזן! „נאַקאַנוניע" אסרו־חג האָב איך „וו„טשעסט" דעם תורה'לע א „וועטשער" געמאַכט, א קאַק־זשע, מיין דאָריטשקע האָט געשפּילט, „זינקאַ סדיעלאַלאַ פּוראַר" — די וועלט אָפּגענומען! מאַיסעי אַנדרעיעוויטש איז פון דער „שקורא" געשפּרונגען. ער וואָלט זיך „אָביאַסניאַיעט", נאָר ביים „אוזשין" האָב איך איינ־געשלונגען א ביין, און אָט — בין איך דאָ!

— און איך — רופט זיך אָן א מלוה — האָב מיך נוהג

געוועזן, ווי אבות־אבותינו. שאווער, תקון שבועות מיט פוטער־געבעקס — מער דארף מען נישט! גאָט וויל נישט מער! מיט'ן תורה'לע האָב איך מיך אודאי געפרייט. „לנכרי תשיך", מיט היתר עסקא אונטערגעשלאָגן, — מיין פרנסה! האָט אָבער מיין ביילע־גיטל, וואָס איך האָב איר א סאָמעטענעם מאנטל אין מיין איינענעם לאָמבארד געקויפט, פאר גרוים פרייד אָפּגעבאקן צו פיל, צו פיל גוטע זאכן און — „איידער גאָט'ס גאָב זאָל קאליע ווערן — —"

— האָט דיך דאָס פוטער־געבעקס ארויסגעשיקט! — פאַלט אים א רב'יל אין די רייד אריין. און אן אמת רב'ל, מען פילט פון אים מקוה־וואסער!

— געפרייט זיך מיט קבלת התורה — פארציילט ער — האָב א י ך! א ביסל — זאָגט ער — שפירט אויף פּאָמעראַנצן־שאָלן— האָט די רבי'צין אָנגעגאָסן; באַלעבאַטים האָבן אויך געשיקט — דער א פלאַש וויין, יענער — א לעקעך, א חתיכה'לע טאָרט... וואָס זאָל איך אייך זאָגן? טעם גן־עדן! טאַקע א שמחה געוועזן! ווירקלעך זיך מיט'ן תורה'לע געפרייט... וואָרום — וואָס וואָלט איך אָנ'ם תורה'לע געטאָן? א „לא יצלח", א גולם, וואָס? איין פוס א לענגערער, א הייטל אויף איין אויג און, רחמנא לצלן, ניט פאַר אייך געדאַכט...

אין אָנהויב האָט דאָס רבנות נישט געטראָגן... מיט דער צייט — מאכן זיך הכשרים. יין־קדוש צאָלט, פ ס ח'ד י ג ע ר בראנפן צי ווייז — אן אוצר! קצבים צאָלן, ווי דען! און אז א חברה סטודענטן ווילן מתיר זיין שמיטה אין ארץ־ישראל — א פינף־און־צוואַנציגער! ווי דען! דער חליצה־שוך וועט אויך זיין א געשעפט; מען האָט אָנגעהויבן ריידן דערפון!

— געשטאָרבן בין איך, — גיט צו דאָס רב'ל, — איך וויים אליין נישט אויף וואָס; עפּעס פלוצלונג... אז מען האָט מיך „אראָפּגענומען", האָט מען געזאָגט, אז דאָס הארץ האָט מיר געפּלאַצט, ווייל אפּיקורסים ווילן מבטל זיין חליצה... זאָל זיין אזוי! ליגן איז עס — ווער הערט זיי?

— און איך — פאַלט אריין א מלמד — האָב מיך אויך

געפרייט; איך האָב דאָך יאָ פּרנסה פון תורה'לע...

— בטלן! — האקט איבער אַן אַנדערע נשמה. און ווענדנ־דיג זיך צום רב'ל, מאַכט זי:

— איר דערקענט מיך נישט? דאָס האָב איך דאָך אייך דעם פינף־און־צוואַנציגער דערלאַנגט!

און צום „עולם" געווענדט:

— קיינער קען מיך נישט?

— איך געדענק נישט, — מאַכט דער רב, — האָסט געמוזט אַנדערש אויסזען...

— א ביסל פּרימער, — ענטפערט די נשמה. — מיר האָבן זיך אַזוי אָפּגעשמועסט...

— נו, שלום עליכם! — מאַכט דער רב, און באַמערקט ערשט, אז ער האָט קיין האַנט נישט צו דערלאַנגען.

— עליכם שלום! א וואונדערלעכע זאַך, דאָרט האָבן מיר זיך דאָך אַלע געקענט!

— איך הייס — אַך! — כאַפּט ער זיך צוריק — איך האָב גאָר פאַרגעסן, אז איך האָב מיין נאָמען דעם עפּר־ואפר — דעם גולם פאַר'ן מלאך דומה איבערגעלאָזט... איך האָב פאַרגעסן, ווי איך הייס. נאָר „קאָבער־לעפל" האָט מען מיך גערופן; אַנדערע, פאַר קנאה, האָבן מיך „טעלער־לעקער" גערופן, נאָר ווער מאַכט זיך דערויס!

אָבער א שבועות האָבן מיר געמאַכט — גאָר אויפ'ן גרויסן אופן! פאַרשטייט איר, מיר אַליין זיינען נישט־גלויביגע... אַמאָל האָבן מיר געצויגן דעם דגל־מחנה־יהודה קיין מזרח... און אַלץ ווייטער און ווייטער אין מזרח... אָבער, אז דער ווינט האָט זיך איבערגעדרייט, און געבלאָזן: צוריק! איך פלעג זיך אָננעמען פול מיט לופט און אַרבעטן ווי א מיעך!... פאַר'ן המון האָבן מיר א שבועות געמאַכט! דעם המון מוז מען האַלטן... א־ניט... איר פאַרשטייט שוין, אז אַזוינע גראָבע יונגען...

— געוואַלד! — הערט זיך פלוצלונג א געשריי פון צווייטן קרענצל — געוואַלד! מיר זיינען דאָך אונטער דער ערד!

— פון וואַנען ווייסטו?

— וואָס הייסט? איך קאָן נישט קיין געאָגראַפיע? איך בין דאָך עפּעס אַרוּים פון צווייטן קלאַס! — ענטפערט אַ „קאַזיאָני".

— אָט, אָט האָט איר די ערד פון אויבן! — האָט נאָך אַ רב אַ משכיל געוויזן מיט אַ שפּיץ פון אַ נשמה־פליגל!

און אַלע דערזעען, ווי די ערד פליט איבער זיי, און דער וואָלקן נעמט זיך אַלץ טיפער און נידעריגער און — עפּעס גאָר אין אַ זייט...

מאַנכע רייסן זיך אָפּ פון וואָלקן און שיסן אַרויף אין דער הויך; זיי ווילן די ערד דעריאָגן און איבער איר צום הימל דערגרייכן. אַנדערע לאַכן זיך אויס: „אויף אייגענע פליגל פאַר־לאָזן!" „זיצסט אויף אַ וואָלקן, צאָלסט נישט קיין פור־ אָדער באַן־געלט, פאַר!"

אָבער אויך די נשמות, וואָס זיינען אַרויפגעפלויגן, האָבן זיך באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט.

— אַ שרעק, — פאַרציילן זיי, — ווי ווייט יענע וועלט איז פון אונז אָפּגעפלויגן, און גאָר אין אַ זייט... מיר וועלן זי שוין נישט דעריאָגן!

זיי דערציילן נאָך, אַז נעענטער זעט אַצונד די ערד גאָר אַנ־דערש אויס; זי איז עפּעס רויטלעך און גאָלדן־ליכטיג.

זיי פאַרמישן זיך צוריק אינ'ם קרענצל, ריידן פון יענער וועלט, און באַמערקן נישט, אַז עס ווערט וואָס אַמאָל נעפּלדיגער, פינצטערער, אויפ'ן וואָלקן לעשן זיך די גאָלדענע רענדער, די זון ווערט ערגעץ פאַרפאַלן און קיין לבנה און קיין שטערן באַווייזן זיך נישט... וואָס אַמאָל לייגן זיך דיקערע און געדיכטערע שאָטן, און וואָס טונקעלער עס ווערט דער וואָלקן, העלער און ליכטיגער ווערט די קויל — די ערד, און זי פליט וואָס אַמאָל העכער און ווייטער, און ערגעץ אין אַ זייט...

עס ווערט אומרואיג אין קרענצל.

— וואָס טוט מען? וואו אַהין פליען מיר?

— „בידך אפקיד רוחי!" — לייענט קריאת־שמע דאָס רב'ל און הויבט אָן שנאָרכען.

אַנדערע באַמערקן עס:

— אַזוי! מען קאָן דאָ אויך שלאָפֿן! מהיכי תיתא!

און לוסטיג, לעבעדיג צעלייגן זיי זיך אויפ'ן וואָלקן־רוקן און שלאָפֿן איין.

די ערד ווערט אַלץ ליכטיגער און יאָגט זיך אַלץ העכער און ווייטער אויף איר וועג, און די שנאָרכנדיגע נשמות פליען אויפ'ן שוואַרצן וואָלקן — צום עולם התוהו. —

---

# די פֿאַרשטויסענע

אַ גאַנצן מאַי — רעגן און קעלט.

עס האָט זיך געדאַכט, עס וועט שוין קיין רעכטער זומער נישט זיין; עס וועט שוין אַזוי פֿרירן און נעצן אַ גאַנצע צייט.

פּלוצלונג, ערב שבועות, באַווייזט זיך די זון.

— תורה איז ליכט! — האָט דער טאַטע מיט אַ שטאָלצן נחת געזאָגט, און גענומען זיך אויסזוכן דעם תיקון שבועות אויף ביינאַכט.

— לכבוד דעם הייליגן יום־טוב, — פֿאַרטייטשט די מאַמע מיט פֿרייד און נעמט זיך צום פּוטער־געבעקס.

— געלע חלה וועל איך אייך באַקן! — האָט זי אונז צוגע־וואָרפֿן אַ בשורה.

און באַלד האָט דער אויסגעמישטער געשמאַק פֿון פֿריש טייג, זאַפֿערן, צימרינג און נעגעלעך, פֿון פֿאַרצוקערט־זויערלעכן קעז און צעלאָזטער פּוטער פֿאַרפֿולט די שטוב.

מיין אינגערע שוועסטער חנה האָט געשוויגן. זי זיצט זיך ביים פֿענצטער איבער אַ ראָמאַן, זי לעזט אָבער נישט און קוקט עפּעס אומרואיק אין גאַס אַריין. אַזוי איז זי שוין.

די מאַמע רופֿט זי עטלעכע מאָל צו הילף. זי ענטפֿערט נישט. אַרום די ליפּעלעך שפּילט אַן איראָנישער שמייכל. זי שווייגט.

— פּוילע זאַך! — ברומט די מאַמע. — ביכער־שמיכער... וואָס ווייסט זי פֿון אַ יום־טוב!

דער טאַטע מישט זיך נישט... אין שטוב־זאַכן מישט ער זיך קיינמאָל נישט אַריין... ער האָט דערווייל געפֿונען און אָפּגעשטויבט דעם תיקון שבועות און האָט זיך פֿאַר'ן באַד צוגעלייגט שלאָפֿן, מען וועט דאָך אויף זיין ביינאַכט. און די מאַמע הערט דעריבער

אויף צו ברומען ; זי וויל דעם טאטן נישט וועקן.

זי האט מיך מיט א וואונק צוגערופן, דערלאנגט א פאר גראשן, און געהייסן ארויסגיין קויפן שאוועו (גרינס) אויף דער פאד־לאגע, און קאלירט פאפיר, אויסצושניידן רייזעלעך צו די פענצטער...

איין גאט ווייסט : עס איז מיר א שאד געווען איבערצולאזן די שטוב מיט דער שיסל סמעטענע, דעם פארצוקערטן קעז און די שקארמיצלעך מיט ראזשינקעס, אבער אליין קויפן, אליין אויס־דינגען און באצאלן פאר גרינס און פאפיר, איז מ ע ר יצר־הרע — און איך בין ארויסגעלאפן פון שטוב.

---

און נאך דער פרייד — א שרעקלעכע שבועות־נאכט...

חנה, מיין שוועסטער, איז אוועק...

מיר, איך מיט'ן טאטן, זיינען מיר געגאנגען דאוונען, די מאמע האט זיך פאר ליכט־בענשן צוגעלייגט... איינגעדרימלט.

אין דרימל האט זי עפעס א פייף געהערט, נישט געמאכט זיך דערפון — און דאס איז פאר דער שוועסטער חנה א צייכן געווען— ז' איז אוועק ! צו אונזערע פיינט אוועק...

און אויסגעקליבן האט זי שבועות, זמן מתן תורתנו...

---

אלץ גייט פארביי...

אויפ'ן ארט בלייבט גליק און אומגליק, דאס גוטע און דאס שלעכטע... מיר אבער גייען ווייטער און ווייטער צום ארט, וואו א ל ץ ווערט פארגעסן, און פיליכט אויפ'ם ניי דערמאנט... אלץ, וואס מיר האבן דורכגעלעבט, בלייבט ליגן הינטער אונז ווי שטיינער אויפ'ן איבערגעגאנגענעם וועג... ווי מצבות, אונטער וועלכע מיר האבן אינ'ם גאנג אונזערע גוטע און שלעכטע פריינט באגראבן...

אבער חנה'ן קאן איך נישט פארגעסן...

---

דאָס לעבן, צו וועלכן זי איז געלאָפן, האָט זי צוריקגעשטויסן. פון זיך ארויסגעוואָרפן. געשווינד האָט איר דאָס געהאָפטע גליק פארבליט און פארוועלקט. פון די אויסגע׳חלום׳טע בלומען זיינען ברענענדיגע דערנער געוואָרן.

צוריק קומען האָט זי נישט געקאָנט...

אויפ׳ן וועג איז געשטאַנען דאָס געזעץ, ווי אויך — צוויי קברים... דעם טאַטנ׳ס און דער מאַמע׳ס קבר...

---

וואו איז זי?

יעדן שבועות־אָוונט באַווייזט זי זיך מיר.

זי באַווייזט זיך פון גאַס, שטעלט זיך ביים פענצטער... זי האָט מורא, אָדער זי האָט קיין שליטה נישט אין אַ אידישע שטוב אריינצוקומען.

מיט ווייט־אויפגעריסענע אויגן קוקט זי דורכ׳ן פענצטער אין שטוב אריין און זעט מיך איינעם אליין...

דערזעט מיך און קוקט אויף מיר מיט שרעק, געבעט און צאָרן...

איך פארשטיי זי:

— וואו זיינען ז י י? — פרעגט זי מיט שרעק.

— פארצייט! — איז איר געבעט.

— און שולדיג, — זאָגט זי צאָרניג, — זייט א י ר!

— וואָס האָב איך געוואוסט פון אייער בלוטיגן קאַמף מיט יענע?

— דו האָסט עס געוואוסט; אין חדר געלערנט; מ י י נ ע ב י כ ע ר האָבן מיר דערפון קיין וואָרט נישט געזאָגט...

— ביי אייך אין שטוב האָב איך אַ פרעמד לעבן געלעבט; אַ פרעמד, שיין־אויסגעטרוימט לעבן, אַ לעבן פון ביכער ארויס...

האָט איך עפּעס פארראַטן, אָן עפּעס געפעלשט?

איך האָב נאָר געלע חלה מיט זאַפרען אויף אַנדער זיס־געבעקס פארביטן... מעשה׳לעך פון „צאינה וראינה” — אויף

ביכער... תחינות—אויף ראָמאַנען!

א ביסל גרינס אויף א פּאָדלאָגע — אויף פרײַ, פריש גרינעם װאַלד און פעלד!...

דאָס ענגע, דושנע, פאַרהאַמערטע לעבן — אויף זון און בלומען, אויף פרייד און ליבע... און איז עס נאָר א חלום געװען, האָב איך געליטן!

אָבער איך האָב איך נישט פאַרראַטן; איך האָב אייך נישט געקענט; פון אייערע שמערצן נישט געוואוסט, איר האָט מיר פון זיך קיין װאָרט נישט פאַרציילט... צו אייערע סודות נישט צוגעלאָזט...

פאַרװאָס האָט איר מיר פון אייער ליבע נישט דערציילט, — פון אייער ליבע, װאָס נערט זיך פון אייער בלוט? פאַרװאָס האָט איר מיר פון אייער שיינהייט, פון אייער אייביגער בלוטיגער שיינהייט נישט גערעדט?

דאָס שיינע, דאָס ליבע, דאָס הויכע, דאָס שרעקלעך הויכע האָט איר אין זיך פאַרשלאָסן, פאַר אייך, מענער, באַהאַלטן...

פון מיר, פון אונז, װאָס האָבן זיך מיט'ן גאַנצן פלייש און בלוט, מיט דער גאַנצער יוגנט־קראַפט צום לעבן געריסן, פון אונז האָט איר פאַרלאַנגט — פוטער־געבעקס, געלע חלה מיט זאַפערן!

— אונז האָט איר פאַרשטויסן.

אַזוי בייזערט זי זיך.

---

זאָל זי משפּט'ן דער, װאָס איז איבער די פעלקער און זייערע פאַרוויקלטע, בלוטיגע שטרייטן.

---

# אויף דער גרעניץ

ביי דער גרעניץ, צווישן יאָ און ניין, זיין און נישט זיין, האָט זיך באַגעגנט דער אוועקגייענדיגער זומער מיט דעם קומענדיגן ווינטער.

— וואָס זעסטו אַזוי שלעכט אויס? — קריגט דער ווינטער רחמנות אויף זיין געגנער, וואָס שטייט פאַר אים מיט געבויגענע פּיס, מאַטע, האַלב־פאַרלאָשענע אויגן און אַ פאַרמעטן פּנים.

— דו וועסט אויך נישט בעסער אויסזען! — ענטפערט דער זומער מיט אַ זיפץ.

— אַלץ האָט זיין ענדע, — פילאָזאָפירט דער ווינטער.

— דאָס רעדל דרייט זיך, — שטימט דער זומער צו.

זיי שווייגן אַ ווייל, דערנאָך פרעגט דער ווינטער:

— און דאָרט וואָס הערט זיך?

— נישט רואיג, — ענטפערט דער זומער, — נישט רואיג...

— די ביימער?

— זיי אויך! דער שוואַרץ־יאַר ווייסט זיי, וואָס זיי סוד'ען זיך! טאָג און נאַכט נאָר געשאָקלט זיך, געשושקעט. דאָס בלאַטערן פון די לייכטזיניגע בלעטער געפעלט מיר אויך נישט; נאָר, די ווערן אויך געפערלעך, יד אחת, אַ פּנים! אויך אין איין רודערן זיך...

— פוילן זאָלן זיי! — רופט דער ווינטער.

און עס הויבט זיך אויף אַ ווינט און יאָגט איבער דער וועלט... פון זיין אָטעם ווערן די בלעטער טרוקן, פויל, און פאַלן מיד אַראָפּ פון די צווייגן... אויף דינע צווייגלעך פאַלן. עס קנאַקט, אַ שוואַכע צווייג רייסט זיך אָפּ פון בוים, פאַלט אַרונטער און וואַלגערט זיך אַרום אויף דער ערד מיט די פוילע בלעטער צוזאַמען.

— און די טייכן? — פרעגט דער ווינטער.

— האַלטן מיט! רוישן און מורמלען... זיי איז אויך ענג אויף דער וועלט... איין פאַליע שטופּט אונטער די צווייטע, איין וואַל ברומט צו צום צווייטן: רירט אייך, רירט אייך! אַרויס אויפ'ן זאַמד, אויפ'ן פרייען זאַמד, צום פרישן גרינעם גראָז... ווער גרעניץ, וואָס גרעניץ!

משוגעים... אַ פאַליע וויל נאָר אַרויף אין דער הויך! מען שטופּט זיי אונטער, מען הויבט זיי אויף די אַקסל... זע וואָס דאָרט איז און דערצייל...

טיילמאָל זידט עס און קאָכט ווי אַ גיהנום...

— קייטן! — גיט דער ווינטער אַ באַפעל... און געשמידט ווערן די פרייע טייכן... פריער ציט זיך איבער זיי אַ דינע, קאַלטע הויט, נאָר זי וואַקסט, די הויט, ווערט דיקער און האַרטער, דריקט אַלץ צו, דערשטיקט אַלץ... שטיל ווערט אַרום... מען הערט שוין קיין רוישן, קיין מורמלען...

רואיג, שטייף, טויט...

פויגל פליען אַוועק פאַר שרעק, עס ווערט נאָך שטילער, טרויעריגער...

— און די אַלטע מכשפה וואָס מאַכט? די ערד?

— זי לעבט... פּוצט זיך... מאַכט חנ'דלעך, רייסט אָפּ מענטשן־אויגן פון הימל, זיי זאָלן בעסער קוקן אויף איר שיינהייט, אויף איר חן...

— תכריכים! — באַפעלט דער ווינטער. און די ערד ווערט פאַרדעקט מיט ווייסע, ווייסע תכריכים און שטאַרבט אין זיי.

זי שטאַרבט אָפּ — אויף אַ צייט.

---

# אויף א זומער־וואוינונג

מקיים צו זיין דעם דאָקטאָר׳ס באַפעל, פאַרברייננ איך א גאַנצן חודש אויף א זומער־וואוינונג...

נאָר אינגאַנצן ארויס אויפ׳ן דאָרף האָט מיך דאָס האַרץ נישט געלאָזט און די פּאָליציי נישט געראָטן, וואוין איך מיר אין אַן עק פון שטעטל, נישט ווייט פון וואַלד און טייך. א שטוב האָב איך אָפּגעדונגען ביי א געוויסן אברהם׳ל סוחר.

גאַנץ אידישלעך — שטרענג כשר און דאָך פּאָעטיש. איך שפּאַציר אין וואַלד און קלויב שוואָמען; באָרג דאָס קאַנדל ביים פישער און לאָז מיך איבער׳ן טייך, אָדער זעץ מיך אויפ׳ן ברעג און כאַפּ פיש... יעדן פאַרנאַכט הער איך די נאַכטיגאַל, מיט איין וואָרט — א גן־עדן.

איינמאָל, — דעם צווייטן, צי דעם דריטן טאָג נאָך מיין אָנקומען, — איך גיי צוריק פון פרי־מאָרגענדיגן וואַלד־שפּאַציר, און דערזע ווי ר׳ אברהם׳ל לויפט מיר אַנטקעגן.

א בשורה טובה: תנאים שרייבט ער.

איך רעכן, ער וויל אויף היינט מיינער פּטור ווערן.

— זאָל אייך זיין צו מזל, — ענטפער איך אים מיט א שמייכל, — איך וועל אייך נישט שטערן; איך וועל מיך שטיל אריינכאַפּן אין מיין צימער, איבערטאָן און גיין, עפּעס אין מויל אריינכאַפּן, אין שטעטל אריין.

— ניין, ניין! — האָט רבי אברהם׳ל זיך חשק צו באַליידיגן.

— עסן מוז איך צוזאַמען מיט אַלע, נאָך די תנאים... עס וועט זיין פיש און פלייש... דערווייל אָבער איז מיין שטוב פאַרנומען.

די מחותנת׳טע מיט דער כלה איז דאָרט. ער האָט מיך גע־

זוכט, געוואָלט נעמען דערויף רשות, און נישט געפונען...

— עס וועט נישט לאַנג דויערן, — טרייסט ער מיך, — זיי טוען זיך שוין אָן.

— שאַדט אייך נישט, — באַרואיג איך אים, — איך וועל מיך דאָ אָפּרוען... פאַר'ן הויז אויף דער באַנק.

— אַ שיינעם דאַנק! — זאָגט ער און לויפט צוריק אין שטוב אַריין.

איך זעץ מיך אונטער די פענצטער, אויף דער גראָז־באַנק, וואָס לויפט איבער דער גאַנצער לענג פון הויז.

---

געטראָפן האָב איך פּונקט צום פענצטער פון דער גרויסער מיטל־שטוב; פון פענצטער רייסן זיך אַרויס ווילדע קולות מיט זלזולים.

איך ווער באַלד געוואָר אין וואָס עס גייט.

שדכנים קריגן זיך, מחותנים לייגן זיך אַריין אין שלום, ווילן מאַכן אַ פשרה, און עס גייט נישט.

יעדער צד שרייט: כולו שלי; יעדערער רעכנט זיך פאַר'ן אמת'ן שדכן; ער האָט אָנגעהויבן, ער האָט אויסגעפירט...

איך רוק מיך אָפּ צום צווייטן פענצטער, צו מיין אייגן פענצטער.

— אַ גאָלד, טאָכטערשי, אַ גאָלד! — דערהער איך אַ צעגאָסן קול, אָנגעטרענקט מיט אויפגעשוואָלן נחת.

עס איז חנה'ס, ר' אברהם'ל ווייב'ס, קול.

עס הערט זיך אַ געוויש פון זיידן־צייג.

— דו ביזט אַ גאָלד... דאָס קליידל איז אַ גאָלד...

ווייטער אַ געוויש פון זיידן־צייג.

— טאָכטערשי, וואו זיינען מיינע אויגן געוועזן! איך בין דאָך גאָר אויף דיר קיין מבינה נישט געוועזן! אַ פאַרנעמעניש, אַ פאַרבלענדעניש... עס זאָל דיר קיין עין־הרע נישט שאַדן!

און אַ ביסל רואיגער מאַכט זי:

— הערסט, טאָכטער! — אָסור זאָל מיר זיין, — איך פארגין גאָר נישט דעם מחותן אזא שנור! וואָס איז, פארדינט האָט ער עס? זיינע אָבות האָבן זיך געמיט? און די מחותנת — זי וועט דאָך גאָר די כפרה ווערן פאר דיר!

— מאמעשי, — בעט זיך די כלה, — מען הערט דאָך יעדעס וואָרט.

אַן אַנדער קול האָט זי היינט, די כלה, ווייך און אזוי פיין־קלינגענדיג.

— האָב איך א פּאַק! וואָס זאָל איך מיך שעמען? נאָר ד אָ ס, הערסטו, זאָג איך דיר: זאָל ער זיך אונטערגארטלען, דער מחותן, פאר'ן חתן מלבושים מוז ער געבן — כיד המלכות! פון אונטער דער חופּה נעם איך דיך אפּער!

---

עס קומען אַרוים ביידע מחותנים.

ר' אברהמ'ל מיט'ן שפּיציגן בערדל און שארפע אויגעלעך, און אַן אָפּגעלאָזענער, באלעבאטישער איד מיט א ברייטער בלאָנדער באָרד און לאנגע, געלבלעכע ברעמען.

— זאָלן זיי זיך שלאָגן קאָפּ אין וואנט, די עקשנים, — מאכט ר' אברהמ'ל, — זאָלן זיי זיך די קעפּ אָפּרייסן, — מיר וועלן דער־ווייל מגביל זיין זמן החתונה.

— מיינעט וועגן...

— די חתונה.. — ציט ר' אברהמ'ל.

— קאָן זיין למזל...—העלפט פויל אונטער דער מחותן.

— ולשעה מוצלחת —

— ווייסט איר וואָס, ר' אברהמ'ל, — דערמאָנט זיך דער מחותן, — איך האָב אייך געוואָלט... אייגנטלעך, געוואָלט פרעגן...

נאָר ער ענדיגט אויך נישט. עס קומט אַרוים די מחותנת, א אידענע אין די מיטעלערע יאָרן: א גלאנצנדיג פּנים, פליענדיגע בענדער, טאנצנדיגע, לאנג־געקייטלטע אוירינגלעך אין א שרייענדיג

העל קלייד מיט אומרואיגע קאָנטראַפּאַלדן, וואָס וואַרפן זיך רעכטס און לינקס ביי יעדן טריט...

— ר׳ מחותן, — ווענדט זי זיך צו ר׳ אברהם׳לען, — וואָס האָט מען עפּעס פאַרשפּאַרט חתן־כלה אין די שטיבער... וואָס איז? פּאַרצייטנס איז עס? זיי מעגן זיך אַ ביסל דורכגיין פאַר׳ן הויז...

— ווייס איך? — שמייכלט ר׳ אברהם׳ל, — אין מיינע צייטן האָט מען זיך נישט אזוי נוהג געווען... מיין רחל׳ען האָב איך אַ חודש נאָך דער חתונה אין פּנים אריין נישט געקאָנט קוקן... ווי מיינט איר, מחותן?

און אַז דער מחותן לאָזט אַרויס פון זיך אַ מרוק, נישט אהין, נישט אהער, ענדיגט ר׳ אברהם׳ל:

— נו, מילא... אַז די מחותנת וויל...

— אויף מיר די עבירה, מחותן!

זי פאַרשווינדט, און עס באַווייזן זיך חתן־כלה. זיי גייען פאַרביי, אָפּגערוקט איינס פון צווייטן... זי קוקט פאַר זיך, אין דער לופט אריין, ער קוקט אויף די פיס און שטאָלפּערט איבער יעדער שטרוי.

איך באַמערק ערשט רעכט די כלה. יונג איז זי און פריש: אייננטלעך, צו פריש און צו יונג... נאָך אַ פאַרשלאָסענע רויז, עס שלאָפט נאָך אין איר די פרוי... נאָר מען זעט שוין בחוש, אַז עס איז געגנוג איין קוש (נאַטירלעך, נישט פון דער מוטער) זי זאָל אויפוואַכן, די רויז זאָל זיך אויסוויקלען, צעפלאַקערן, און די יונגע, קוים געהויבענע ברוסט זאָל שטורמען, דאָס יונגע בלוט זאָל אויפלעבן און שלאָגן אין די אָדערן... און דאָך, חוה׳ס טאָכ־טער: רואיג קוקט זי זיך צו, ווי אינעווייניג אין איר הויבט אָן עפּעס נייעס צו שפּראָצן, צו בליען עפּעס גאָר נייעס!... נייגעריג קוקט זי, דאָך נישט דערשראָקן.

דערשראָקן איז ער; איינגלעך אַנטוויקלען זיך לאַנגזאַמער. ער זעט פיל קינדישער, אינגלישער אויס.

ביי די שלייפן, אונטער דער בלאַסלעכער, פיין געדרויטלטער

הויט שפּרינגען עטלעכע דינע, בלויע פעדים... דער בליק איז ווילד־פאַרוואונדערט, דערשראָקן.

דער פאַרשטייט שוין נישט, וואָס עס געשיט אין אים, וואָס עס ווערט אין אים געבאָרן... וואָס עס רייסט זיך, יאָכצט און קלאַפּט אַזוי טיף אין יונגן האַרץ.

און איך קריג זיי בײדע ליב; אַזוי ניי, אַזוי פריש, אַזוי ערנסט און דערביי אַזוי קינדיש...

„פאַר'ן הויז" האָט מען געזאָגט, און דאָך פאַרשווינדן זיי רעכטס הינטער'ן וואַלד...

— הינער־פּרעסער... כל־בו'ניק... מגושם... עוכר־ישראל...

האָבן מיר איבער די געדאַנקען, די קולות פון די שדכנים.

איך רוק מיך נעענטער צו די מחותנים, וואָס ווילן אַלץ ענדיגן דעם פריער־אָנגעהויבענעם שמועס.

— הכלל? — פרעגט אַ ביסל אומרואיג ר' אברהם'ל.

— יאָ, — וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן, — האַקט איבער דער מחותן... — עיקר שכחתי...

— וואָס, מחותן?

— איך האָב אייך געוואָלט פרעגן, געוואָלט האָב איך...

— וועגן וואָס? — פרעגט אומרואיג ר' אברהם'ל.

— וועגן נדן... א י ך האָב געבראַכט מזומן...

— אָה!

— און איר?

— איך, — שטאַמלט ר' אברהם'ל, — כמעט... נ י ש ט אינגאַנצן.

— דאָס הייסט?

— צוויי הונדערט מזומן...

דער מחותן פאַרקרימט זיך!

— אויף דער רעשט, — ענדיגט ר' אברהם'ל, — אַ וועקסל; איך קאָן צוגעבן אַ חרם־קוויטל.

— אַ וועקסל, — ענטפערט קאַלט דער מחותן, — איז נישט קיין מזומן... אין די ראשי פּרקים שטייט: במזומנים, במ־זו־מ־נים.

— אמת... — איז ר' אברהם'ל מודה, — נאָר איר ווייסט

דאָך... סוחר׳יש געלט... צעשפּרייט... צעזייט... איידער מען נעמט צוזאַמען.

דיקע טראָפּן שווייס באַווייזן זיך אים אויף די איינגעפּאַלענע באַקן.

— פיר חדשים נאָך ראשי פּרקים...

— איז פיר — — — —

— קיין וועקסל נעם איך נישט, — שניידט אָפּ דער מחותן נאָך קעלטער און וויל זיך אויפהויבן פון באַנק.

ר׳ אברהם׳ל פאַרהאַלט אים ביי דער פּאָלע.

— מחותן, — זאָגט ער מיט א הייסן אָטעם, — מאַכט נישט לייטן געלעכטער... איר ווייסט, איך בין א בטוח... איר ווייסט, אַז איך בין, ברוך השם, אַן עושר...

— וועקסל איז נישט קיין מזומן.

— ווילט איר, הייסט עס, איך זאָל אצונד גיין אין שטעטל אריין... וואָס? תוך כדי דבור גיין אין שטעטל אריין שאַפן זיך געלט! וואָס? קריגן, דאַכט זיך, וועל איך, ברוך השם! —

— אודאי וויל איך... — שמייכלט דער מחותן.

— נו, אַז א י ר ווילט, וויל איך נישט!

— להכעיס?

— להכעיס!

אצונד ווערט דער מחותן בייז! ער שפּרינגט אויף ווי געביסן, בלאַס, מיט ברענענדיגע אויגן, און רופט:

— שמואל!

און אַז קיינער ענטפערט נישט, שרייט ער נאָך העכער:

— שמואל, שמואל!

עס הערט זיך א ציטעריג קול פון דער רעכטער זייט וואַלד:

— וואָס, טאַטעשי?

דער כעס ביים מחותן וואַקסט.

— אהער זאָלסטו גיין, שייגעץ איינער, אַז א טאַטע רופט! די מינוט, הערסט?

שמואל באַווייזט זיך.

ער לויפט אָן אָטעם; די כלה לויפט אים נאָך פאַרוואונדערט,

דערשראָקן, מיט ברייט געעפנטע אויגן.

— מיט אַ פרעמד מיידל — שפּאַצירט מען נישט! הערסט? עס איז שוין נישט דיין כלה! די מינוט גיי אַהיים... טו אויס די שבת'דיגע קאַפּאָטע, נעם די וואָכעדיגע און היידאַ — אין בית־המדרש אַריין...

— וואו ביזטו? — רופט ער צו דער שטוב, — שפּרינצע!

פאַרשטיינערט שטייט דער חתן, די כלה לאָזט אַרויס אַ געוויין. דערשלאָגן, פאַרלאָרן שטייט ר' אַברהם'ל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפ'ן ברעג פון טייך זיץ איך, אין שאָטן פון וואַלד.

בלוטיג איז אונטערגעגאַנגען די זון, זילבערן בלאַס איז אַרויסגעשוואומען די לבנה..

אין קריסטאָלענעם וואַסער־שפּיגל שלאָגט זיך אָפּ דער הימל... און דער אָפּגעשפּיגלטער זעט מיר אויס שענער, פיינער און עכטער... אַ שאָד וואָס ער צעררייסט זיך אָפּט! אַ שטיל ווינטל טרייבט, דער וואַסער־שפּיגל ריצט זיך, רונצלט, שרומפּט איין...

שטיל רוישן די בלעטער, שטיל ציטערן די וואַסער־רעדלעך אויפ'ן טייך... שטיל גיסן אויס די בלומען זייער אָטעם, שטיל... פון וויטן טרילערט עפּעס אַ פויגל...

איך זיץ ווי פאַר'כשופ'ט... איך אָטעם אויף אַ נייער וועלט, אין אַן אַנדערער, ריינער, הייליגער לופט. פריש איז דאָ אַלץ און ניי, ווי ערשט פון באַשעפער'ס הענט אַרויס...

עס בענקט זיך דאָ אַזוי זיס... מען קריגט דאָ אַלץ אַזוי ווייכהאַרציג ליב, עס גיסט זיך אַזוי אַלץ צוזאַמען מיט דער נשמה...

אַ שוואַרצער פלעק באַווייזט זיך אויפ'ן טייכל פון וויטן... אַ קליינער פישער־קאַן... דאָס וואַסער רוישט עס ליבלעך אַרום, עס באַוואַרפט עס מיט'ן שוים ווי מיט ווייסע, דראָבנע בלימלעך, און די פּאַליע לעכצט און קושט עס אויס אַלע גלידער...

מיין באַקאַנטער וואַסיל, אַ יונגער שטאַרקער פישער, רודערט און זינגט:

מיין הימל, מיין הימל — דיין פּנים
די אויגן דיינע — די שטערן.
דער רײנסטער קלאַנג פון גן־עדן
לאָזט אין דיין שטימע זיך הערן...

ד ו ביזט מיין ליב׳, מיין נשמה.
צי וואָלט איך אָן דיר דען געלעבט?
פון דיינע, די ליכטיגע שטראַלן
איז ז י, מיין נשמה, געוועבט!

דו ביזט מיין ליב און מיין ליידן!
פון האַרפּע דער גאָלדענסטער קלאַנג!
פון די ליפּן, פון דיינע דער כשוף —
דאָס איז מיין איינציג געזאַנג!

ער זינגט שוין נישט און דאָס ליד ציטערט מיר נאָך אין די אויערן...

דאָס זעלבע איז מיט׳ן טייך, מיט׳ן וואלד... יעדעס בלאַט, יעדעס רעדל איבער׳ן וואסער זינגט עס... דאָסזעלבע טרילערט פון וויטן די שטילע, זיסע נאַכטיגאַל; מיט דעמזעלבן אָטעם יעדע בלום... אַלץ איז צוזאַמענגעגאָסן אין א י י ן פאַרלאַנגען, איין בענקעניש, איין נשמה...

---

דאָס שפּיל גלייכט זיך אויס מיט מיר, א ניי לידל קלינגט: שאַמיסאָ׳ס באַקאַנט לידל:

געדענקסטו די נאַכט, ווען פאַר׳כשופ׳ט
מיר זיינען בייזאַמען געזעסן;
אויסער אין הימל די שטערן
פון אַלע, פון אַלע פאַרגעסן!

די שטערן, די װעל'ן ניש' דערציילן!
מיר האָבן זיך לענגער פארװיילט...
פאלט פּונקט פון הימל א שטערן,
און האָט עס די װעלן פארציילט...

עס טאנצן די לוסטיגע װעלן,
גאָט האָט זיי א מעשה באשערט!
זיי טאנצן פאר שמחה און קלאטשען,
דער רודער האָט אונטערגעהערט!

דער רודער, דער פרומאק, דער רודער,
עס סקריפּעט פאר כעס, פאר פארדראָס!
דער רודער, ער ליידט נישט קיין עװלות,
א ל ץ זאָגט ער אויס דעם מאטראָז!

דער מאכט שוין דערפון זיך א לידל,
באלד װערט דאָס לידל פארשפּרייט!
געװען איז אמאָל א געהיימניס,
היינט זינגען עס קינד שוין און קייט!

ער פארשװייגט... דיקער און הייסער װערט די לופט, דיקער און דעמפּיגער דאָס בלוט ביי מיר אין די אָדערן... איך בין װי בארוישט, און אזוי, דאכט זיך מיר, איז אלץ ארום מיר...

באלד פּלאצט דאָך דער כשוף; אָפּגעשװואומען א װיילע שטיל, הויבט װאסיל אָן א דריט ליד, א פאָלקס־ליד, א פריילעכס:

קוש מיך, מיין טייערע, האלז מיך!
קוק נישט אויף מענטשן־גערייד!
די ליבשאפט איז איבער'ן לעבן
װי'ן גאָלדענער שלייער פארשפּרייט!

— „אָ, לעבן מיינס, לעבן, איך שרעק מיך!

די מאמע, זי טוט מיר אָן לייד!
פאַרוואָס איך שפּאַציר אַליין באַזונדער,
די חבר'טעס פאַרוואָס איך מייד!"

אַ, קוש מיך און האַלז מיך, מיין ליבע!
דער מאַמען זאָג: כ'האָב זיי נישט האָלד!
צעשוויבערט און מאוס זיינען אַלע,
איך איינע — אַ מיידל — אַ גאָלד!

— „איך שרעק מיך, איך שרעק, מיין לעבן!
דער טאַטע, דער טוט מיר אָן לייד;
פאַרוואָס איך בין ווילד ווי אַ סאַרנע,
בּחורים פאַרוואָס איך מייד?"

האַלז מיך, אַ לעבן מיינס, קוש מיך!
זאָג אים: וויל קיינער געפעלט!
פּויערן־פאָלק זיינען זיי אַלע,
איך וויל אַ פּישער — אַ העלד.

— „איך שרעק מיך, מיין לעבן, איך ציטער!
די באָבע, זי טוט מיר אָן לייד!
זי זאָגט, איך ווער אַלע מאָל דיקער;
עס פּלאַצט אויפ'ן לייב מיר דאָס קלייד!

— אוי, ס'איז ווי בוימל אויף וואַסער!
שוין נישט צו באַהאַלטן אַצונד!
נאָך אַ קוש גיב מיר, מיין לעבן,
און זיי מיר אויף אייביג געזונט..."

עס בלייבט ווייטער שטיל, און אַלץ בלייבט שטיל, דאָס האַרץ מיינס אויך...
— כאַ, כאַ, כאַ!

קלינגט פלוצלונג אויף א געלעכטער... ווער לאכט? איך,
צי אלץ ארום מיר?
אלץ לאכט, דער שעלמישער טייך, די בליצנדיגע שטערנדלעך...
די אלטע לבנה לאכט... די בלומען ארום מיר קיכערן: וואס דען
האסטו געמיינט?... אזוי איז עס... כא, כא, כא...
די נאכטיגאל ענדערט אויך דעם טאן... ווי זי קנאקט אצונד...
ווי פארשייט, ווי פרעך! —

---

מיך וועקט פלוצלונג ר' אברהם'ל קול.
— וואו זענט איר, וואו? איך האב מיר שוין די פיס
צעבראכן אייך זוכנדיג...
און אז ער דערזעט מיך —
— געענדיגט צום מזל... שוין טעלער געבראכן...
ער פארבעט מיך צו דער סעודה.

---

# ציריק-ציריק!

(אַן איבערזעצונג פון שוואַלבן־לשון)

עס איז געווען ענדע זומער, באַלד נאָכ'ן שפּינוועבס, און צווישן — שוואַלבן, ערגעץ אין אַ וואַלד...

אין אַ וואַלד, וואָס האָט אויפגעצויגן אַזוי פיל בייז און קריכנדיגס לעבן, אָבער אַ ביסל הויך און געפליגלט לעבן אויך...

און צווישן דעם אומרואיגן שוואַלבן־פאָלק, וואָס האָט געוואָלט אַמאָל דאָס בית־המקדש רעטן, מיט'ן אייגענעם בלוט דאָס פייער פאַרלעשן, און האָט נישט געקאָנט, און איז דעריבער פון דער געשיכטע אַרויס, ווייל זי רעדט נאָר פון גליקלעכע פעלקער און גראָטענע זאַכן...

און דער זומער, וואָס האַלט איצט צו ענדע, איז אַן אומרואיגער זומער געווען: מאַסן שוואַלבן־נעסטן האָבן שלאַגס־רעגן פאַרפּלייצט: אונטער מאַסן נעסטן האָט זיך די לעבנס־צווייג געבראָכן; זיי זיינען אַראָפּגעפאַלן, און דאָס יונגוואַרג איז צעשמעטערט געוואָרן...

גאַנץ אָפט איז דער זיסער שוואַלב־שלאָף ביינאַכט געוואַלטיג איבערגעריסן געוואָרן. עס האָבן זיך יעגער באַוויזן, עס האָט געקנאַלט... און אין שטילן פרימאָרגן האָבן זיך אויף צווייגן בלוטיגע פלעקן באַוויזן, איבער וועלכע עס האָבן, מיט איין עק צוגעקלעפּט, פעדערלעך געפלאַטערט... כאָטש מען האָט די שוואַלבן נישט געמיינט.

און דאָס מאָרגן־לויב, דאָס געפליגלטע ליכט געדאַנק פון שוואַלבן־מתנות אונטער'ן בלויען הימל, איז אויך גאַנץ אָפט פאַרשטומט געוואָרן... קנאַל־קנאַל! עטלעכע פון זיין ליבן־נאָמען'ס

זינגערלעך זיינען אין דער לופט פארציטערט געוואָרן און אראָפּגע־פאלן, צווישן גראָז אראָפּגעפאלן, יאגד־הינט האָבן זיי אויפגעזוכט, און וואו מען דארף אָפּגעטראָגן, גוסס'ענדיגע צווישן די ציין... און די יעגער האָבן זיי נישט אָנגענומען... נישט די שוואלבן האָט מען געמיינט, מען האָט זיך שיסן געלערנט, די הינט אויסגעפּרואווט...

און דאָס אזכרת נשמות געבעט פון שוואלבן־פאָלק איז איבער'ן זומער געוואקסן און געוואַקסן...

— איין קרעכץ נאָר פאר א טויטע שוואלב; פון די קרעכצן אָבער איז איבער'ן זומער, א קלאָג־ליד געוואָרן! א קלאָג־ליד ווי דאָס גלות לאנג...

דערפאר האָבן זיך אויך די נסים געמערט; זייער פיל שוואלבן האָבן נסים געהאט... מן הסתם זכות־אָבות:

אראָפּגעפאלענע האָבן נאָר די פיסלעך צעבראָכן, א גליד נאָר אויסגעלענקט... טייל האָט מען נישט ריכטיג געטראָפן און נאָר די פליגל אונטערגעשאָסן; פארוואונדעטע האָבן נאָר די קראפט און די ליבע צום לעבן פארלאָרן, אָבער נישט דאָס לעבן אליין...

און די צאָל פון על־הנסים'ניקעס איז איבער'ן זומער געוואקסן, און מיט זיי צוזאמען — די צאָל פון גם־זו'ס אויך!

— אבי מיר לעבן! פארלאָזן מיר נישט די צווייג; זיצן מיר איבעראנאנד... און מאי כולו האי? מיר האָבן פארלאָרן די הויך, שפּרינגען מיר נאָר צווישן גראָז... לעבן מיר ווי די פעלד־מייז... ווי די קליינינקע פעלד־מייזעלעך! אויך גאָט'ס באשעפעניש...

— דאָס זיינען פרומע! — האָבן די שוואלבן אויף זיי גע־זאָגט, מאנכע האָבן געענטפערט: הייליגע! און מען האָט זיי געשפּייזט אויף קהל'שן חשבון...

---

נאָר אָט איז ענדע זומער!...

דער „ציריק־ציריק" הערט זיך טרויעריג און באנג.

דאָס הייסט אויף אונזער לשון: עס ווערט וואָס א ווײַלע קילער...

קילער ווערן די טעג, לענגער די אומרואיגע נעכט, די קאַלטע...
און דער הימל ווערט וואָס אמאָל מער גרויליך ווי בלויליך;
און די זון איז קיין עכטע זון נישט; מער שפּיגל ווי זון...

און פאַרגליווערטע שטיקער ציען, מאַרמאָר שטיקער, און אפשר גאָר ווייסע בערן... זיי שווייגן אונטער'ן הימל, און זיי זוכן אייך, און באַהעפטן זיך איינער צום צווייטן און פאַרשטעלן וואָס אמאָל מער הימל און ליכט...

און עס ווערט שוין א דערשראָקן געראַפּעריי: צירִיק-צירִיק! צירִיק-צירִיק!

דאָס הייסט: די פּרנסה און די לופט ווערט קנאַפּער, וואָס אמאָל קנאַפּער... די בלעטער קריגן גאָלדענע רעמלעך, נאָר זיי ווערן שוואַכער; זיי קאָנען שוין די לייכטסטע שוואַלב אויף זיך נישט דערהאַלטן... און דינע צווייגעלעך דאַרן און פּלאָגן און ברעכן זיך...

און עס טראָגט זיך דאָס געראַפּעריי פון צווייג צו צווייג. פון בוים צו בוים, פון איין עק וואַלד צום צווייטן: מען דאַרף זיך אן עצה האַלטן... הויבט אייך אויף:

און עס ווערט א גערויש פון הונדערטער און טויזנטער ציטער-פליגעלעך; פון צווייגן און בוימער הויבט זיך דאָס גערויש... און די אסיפה פון שוואַלבן שווימט שוין אין דער הויך... און הויבט זיך אַלץ העכער און העכער — מען זעט זיי שוין נישט, נאָר טויזנטער געלע פלעקן שווימען אונטער'ן גרויען הימל...

און פון דער הויך זעט זיך א ווײַטע, ווײַטע וועלט.

און נאָך א ווײַלע לאָזט זיך די מחנה אַראָפּ מיט א פרייליך געראַפּעריי: צירִיק-צירִיק!

דאָס הייסט: מען דאַרף אַוועק, אַוועק פון דאַנען! ווײַט, ווײַט אַוועק!

מען מוז אָפּטרעטן דער קעלט, אָפּטרעטן דעם שניי; מיר דאַרפן וואַרימקייט און ליכט!

---

נאָר אַז די אסיפה איז, פאַר׳ן אַוועקפליען, דאָס לעצטע מאָל צוריק אויף די בוימער אַראָפּ, האָבן זיי געמוזט אויסהערן אַ ביסל מוסר...

אַ שטראָף־רעדע האָט מען זיי געהאַלטן...

די פאַרוואונדעטע און אונטערגעשאָסענע האָבן גערעדט:

— „וואוהין ווילט איר פליען? קאָן מען דען אַנטלויפן פאַר׳ן טויט? אין גאָט׳ס האַנט איז ער! זעט, צי טראָגט איך נישט דער שלעכטער געדאַנק? צי פליט איר נישט אויף די פליגל פון יצר־הרע?

„דאָ איז אייער היים! דאָ אין וואַלד, וואָס האָט אייך די אויגן געעפנט, די פליגל צעשפּרייט, זינגען געלערנט, און וואו איר האָט פאַר יונגע נעסטן געבויט, אַלטע באַטרויערט און טויטע באַוויינט... די בוימער האָבן מיט אייערע לידער געבליט, אין דער לופט הענגט נאָך אייער מאָרגן־און אָוונט־געזאַנג...

„לייכטזיניגע פויגל זענט איר, מיט נשמות און פליגל און פיס, נאָר נישט אין הארץ!

„און לאָזט איר אונז איבער, ווער וועט אייך אין דער הפקר־דיגער הויך מוסר זאָגן, שטראָפן און שטראָף־רייד ריידן?"

געזונטע דאָך הערן נישט און פליען...

# דער סימן

מיט שטאָלצע גרינע בוימער־קעפּ און לוסטיג־פאַרביגע בלומען־אויגן קוקט דער רייך־אויפגעבליטער גאָרטן צום אָפּאָלן־בלויען הימל אַרויף.

און אפשר גאָר צו די ווייסע, זילבער־ווייסע טויבן, וואָס שווי־מען א ו נ ט ע ר אים.

צו די זילבער־ווייסע טויבן, וואָס וויגן און הויבן זיך אונטער'ן בלויען, טיפן הימל, אויף די ציטערדיגע ליכט־ווענלן אין דער לופט.

און אַז די טויבן הויבן זיך העכער, שלאָגן זיי זיך פון דער ליכט־אָנגעזאַפּטער לופט נישט אָפּ, פאַרשווימען זיי אין איר און פאַרשווינדן, גלייך דער בלויער הימל האָט זיי צו זיך געצויגן, אַרויפגענומען צו זיך...

זיי בלייבן אין דער הויך נישט לאַנג...

זיי פאַרבענקען זיך און פליען צוריק אַראָפּ צו די שטאָלצע גרינע בוימער־קעפּ, צו די לוסטיג־פאַרביגע בלומען־אויגן פון רייך־אויפגעבליטן גאָרטן... און לאָזן זיך אַראָפּ, און עס בליצן די זילבערנע פליגל און זיי רוישן אַזוי ווייך, אַזוי ווייך...

און דריי מענער שפּאַצירן אין גאָרטן, אין גרין־גאָלדענעם ליכט, אויפ'ן געל־גאָלדענעם זאַמד פון אַ לאַנגער אַלייע.

שוואַרצע שפּאַצירן זיי און מיר שלעפּן זיי זייערע שוואַרצע שאָטן אונטער זיך.

און איינער מיט זיין שאָטן שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ און פרעגט:

— ווער שטאַרבט פון אונז פריער?

— וואָס פאַלט דיר איין? — וואונדערט זיך דער צווייטער.

און דער דריטער ענטפערט:

— איך!

— יונגערהייט — דערציילט ער — האָב א האַרץ־פעלער באַקומען. דאָקטוירים האָבן געהיילט, אָבער נישט אויסגעהיילט. איר קוקט מיך אָן? אויפ'ן פּנים געזונט און פריש; אינעווייניג אין האַרץ שפּאַצירט אַרום דער טויט...

דער צווייטער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און מיינט, אַז דער ע ר ש ט ע ר וועט ע ר זיין!

— אָן עלנט־נאַריש לעבן געלעבט, — פּאַרטייטשט ער, — אויסגעוועבט פון ווייטאָג און פינצטער מזל. מיין נשמה מוז זיין א שוואַרצע, א שוואַרצע ווי א קראָ... פליגל האָט זי אפשר, נאָר שוואַרצע, קיין איינציגער ליכטיגער בליק פון ליבע, געטרייע אויגן איז אויף איר נישט געפאַלן... אזא לעבן האַקט זיך איבער, ווי א פאָדעם... אזא נשמה בענקט אין דער אייביג־פינצטערער נאַכט אריין — — — —

— און דאָך — רופט זיך אָן דער ערשטער — וועל איך גיין פ א ר איך! צעריטלטע נערוון... פאַרשלאָפענע טעג, פאַרוואָגל־טע נעכט...

זיי טרעפן א באַנק און זעצן זיך.

זיי זעצן זיך, בלייבן שטיל און קוקן אויף די טויבן, אויף די וויים־זילבערנע טויבן, וואָס לאָזן זיך פון בלויען הימל אַראָפּ און שווימען אין דער ליכטיגער לופט.

— לאָמיר זיך מאַכן א סימן! — מאַכט איינער פון די דריי.

— ווי אזוי?

— זעט, די טויבן פליען וואָס אמאָל נענטער צו אונז. פאַר־אויס שווימט איינע, א גרויסע, אַן עכט־ זילבערנע טויב... א ווייסע אָן א שוואַרצן פלעק, אָן א שוואַרץ פינטעלע — נישט באַפלעקט, ריין...

— אַלזאָ?

— שטעלט איך פאַר: זי איז דער טויט! דער ריינער, ווייסער טויט! און פאַרוואָס זאָל דער טויט נישט זיין אזוי ווייס, אזוי בליצנדיג ריין?

זי פליט צו אונז. און איר צערוקט איך.

איך בלייב אין דער מיט, און איר רוקט אייך אָפּ ביז צו די עקן פון דער באַנק.

און איבער וועמענס קעפּ עס וועט דורכשווימען די ערשטע, די ווייסע, די אומבאַפלעקטע טויב — — דער טויט, דער — דער, הייסט עס, האָט דער ערשטער דעם צייכן באַקומען — צום ניין...

און די טויבן־שאַר שווימט וואָס אַמאָל נעענטער.

זי הויבט זיך און צעפּליסט זיך אין דער ליכט־אָנגעזאַפּטער לופט — —

און זיי פאַרבענקען זיך צום רייך־אויפגעבליטן גאָרטן, צו זיינע שטאָלצע בוימער־קעפּ, צו זיינע פיל־פאַרביגע בלומען־אויגן און לאָזן זיך אראָפּ.

זיי הויבן זיך אויף און אָפּ און שווימען אַלץ נעענטער, אַלץ נעענטער צו די דריי שוואַרצע שאָטן אין ליכטיג־פאַרביגן לעבן...

און די איינע, די גאָר ווייסע, די גאָר ריינע — דער זילבערן־בליצנדיגער טויט שווימט פאָראויס...

און וואָס נעענטער זי קומט צו די דריי שאָטן, שטילער בלייבן זייערע הערצער, מיט שטאַרערע אויגן קוקן זיי איר נאָך...

און די טויבן קומען פון דעם בלויען הימל, און שווימען נאָך נעענטער, נאָך נעענטער; דער ענטפער, דער טויט — די ווייס־זילבערנע טויב שווימט פאָראויס!

און אַז די טויב קומט נאָך נעענטער צו, ווערן די דריי שאָטן פאַרציטערט, שפּרינגען די דריי מענער אויף און צעלויפן זיך אין גאָרטן.

---

# דער בעל-עגלה

.1

— וואָס פּאָרט איר נישט, איד?
— „דער וועג איז שלעכט,
די בלאָטע — געדעכט,
דאָס פערדל מיד!"
. . . . . . . . . . .
„עס ארבעט מיט די זייטן,
מיין בידנענקע פערד!
נישט דאָס וואָס פארצייטן —
אַלץ איז אין דר'ערד!"

„הויט און ביין ס'פערדל,
און גלויבט מיר, באַלעבאָס,
אפילו דער מענטש
איז אויך שוין נישט דאָס!"

---

.2

עס שלאָפט דאָס פערדל
אין בלאָטע, און שלאָפט,
דער הימל האַלט אונטער
און קאַפּעט, און קאַפּעט...

עס נעמט דורך די ביינער,
עס שווידערט די קעלט...
דאָס נעפּל פאַלט טיפער
אַראָפּ אויפ'ן פעלד!

און אויבן, און אונטן,
אַלץ גרויליך, און שיטער...
ער זיפצט אַלץ־אין־איינעם:
„די צייט איז גאָר ביטער!"

שוואַך איז זיין שטימע
און טרויעריג אָן א שיעור...
איך ווייס נישט, צי רעדט ער
צו זיך, צי צו מיר?...

---

.3

—„וואו נעמט מען די אַלטע...
וואו נעמט מען די יאָרן,
מ'פלעגט דאָך מיט פערדלעך
ווי לייבן צו פאָרן!

„פון גאָט א פרנסה,—
ס'איז גאָר נישט פאַראַנען...
אַבוואָל אין מיין וויג
איז קיין בייטש נישט געשטאַנען...

„געלערנט אין א חדר...
נאָר — זעט איר שוין — פּטור!
אַבי א פרנסה,
און גאָט איז א פאָטער!

„געווען דאָך אַ תענוג,
איר מעגט עס מיר גלויבן...
אַ פייף, און עס פליען
די פערדלעך ווי לייבן...

„די בייטש נאָר פאַר גאוה...
קנאַקט אָבער, און אָבער...
קנאַקט אין דער לופטן;
עס פעלט נישט קיין האָבער!

---

4.

„אוי, ס'איז געוועזן
גאָר אַנדערע צייטן;
אַ מענטש האָט געלעבט
ווי עס לעבט זיך ביי לייטן!

„זאָט דאָס פערדל,
דער בעל־עגלה...
געשפּאַנט שוין די בריקע
באַלד נאָך הבדלה...

„מע'אַרבעט — אַן אייזל,
עס פלעגט דאָך צו לוינען...
אַהין גייט די בריקע
מיט קנאַפּ גאָר פאַרשווינען...

„נאָר טויזנטער רובל
געטרויט מען אַ אידל!...
מע'זיצט אויף דער קעלניע,
מע'זינגט זיך אַ לידל!

„זדאָראָוואָ די פערדלעך,
קיין זאָלע, קיין סאָפּ...
נאָר: העיטאָ און ווישטאָ...
נישט זעלטן אַ קאָפּ...

„און דאָס איז געוועזן,
כ'בין מודה, אַ זינד...
און אפשר באַצאָלט מען
דערפאַר אונז אַצינד!...

„וואָרום (פאַרשטייט איר)
„אַ קאָפּ" איז די טייטש:
אַן איב'ריגע קללה,
אומזיסטיגע בייטש,

„אַ בעל־עגלה'ס
אַ קונצידיג מאַיען,
מ'האָט נישט געקוקט שוין
אויף צער בעלי־חיים...

„מע'האַקט אין די זייטן,
מע'מאַכט זיי שיר בלינד...
וואו נעמט מען די פערדלעך,
וואו נעמט מען זיי צינד!

„וואו נעמט מען די פערדלעך,
איך וואָלט זיי געקושט!"
ער האָט זיך בגנבה
די אויגן געווישט...

---

.5

— „עס ארן די פערדלעך
קיין שניי און קיין רעגן,
פרייטאג פאר צוועלפן,
צוריק שוין די וועגן!

„פארשפייזט דאס שטעטל
די קרעמער א רעדל...
ס'כאפט יעדער זיין פעקל...
איך זיץ שוין אין בעדל.

„און גאר אויף „עליונים"
און קום אהיים פריש...
דער שמייסער שיט האבער,
און פריידל קאכט פיש!

„און איך, בעל־עגלה,
בין רייכער ווי קורח,
און נעם מיר אהיים נאך
אויף שבת אן אורח...

---

.6

„א שולכל, האב מיר
געהאט גאר באזונדער;
א קליינטשיקס, א פיצלס,
נאר שיין גאר א וואונדער!

„געמאלט — א מחיה —
די טישן, די בענק...

פון יעדן וועג ברייגגט מען
דער שול א געשענק !

„גייט אייזן — נו, ברייגגט מען
א שלאָס צו דער טיר ;
גייט קופער — א צאפּן
א נייעם צום כיור.

„א שייבל צום מזרח
טרעפט זיך—אַז גלאָז...
און אזוי פירט זיך ;
דער יענס און דער דאָס !

„מע׳קלאַפּט נאָך צוזאמען
צו גראָשן כמעט,
און ס׳קריגט שוין די תורה
א כתר, א יד.

„עס קלינגען די גלעקלעך...
איך פיל מיך באַלבאָס...
דער ע ו נ ג פון ש ב ת
איז אויך שוין נישט דאָס !

---

.7

„געווען גוטע יאָרן,
וואָס פרעגט איר א קשיא !
א קוגל... א דרימל...
און חומש מיט רש״י...

„מיר האַלטן א רבי׳ן...
דאָס תורה׳לע ציט...

א שאַד — ר'איז געשטאָרבן...
א כשר'ער איד...

„אים האָב איך טאַקע
אין חדר געגעבן
צו די דריי יאָר
מיין נטע'ל זאָל לעבן;

„עס ווייזט זיך מיין נטע'ל,
א קעפּל — נישט קשה!...
צום פערטן יאָר — חומש...
א שמחה, א דרשה!

„דערנאָכדעם — בר־מצוה —
עס פליען די יאָרן.
דער רבי זאָגט: ממש —
א ווילדער זכרון..."

---

.8

„און ער איז געראָטן
אריין אין דער מאַמען;
די אויגעלעך ברענען,
די בעקעלעך פלאַמען...

„דערצו נאָך א דימענט,
א שטילער, א מתון,
און גאָט האָט געהאָלפן —
ער ווערט שוין א חתן...

„איך פאָר דאָך און פאָר

און זע א שטיק וועלט;
איך זוך נישט קיין יחוס,
חלילה, קיין געלט...

„איך טו מיט א שוסטער...
איר האָט געמוזט הערן
אמאָל פון עקיבא׳ן...
דער עיקר — דאָס קרן.

„גאָר טאַקע אן אוצר,
א מיידל — א רויז...
עס פרייט זיך מיין פריידל,
די שמחה גאָר גרויס!...

„פאַרזאָרגט איר בן יחיד...
ווי גאָט האָט באַשערט!
זי כאַפּט אַלע כלים
און טראַסקעט אָן דר׳ערד!...״

---

9.

געוויס שוין די מעשה
נישט איינמאָל געהערט,
עס ווירקט דאָך דאָס „טראַסקען״ —
זעט אוים — אויפ׳ן פערד;

עס הויבט אויף די פּיסלעך,
עס גייט שוין געשווינדער.
—„אוי,—קרעכצט דער אַלטער—
דאָס נחת פון קינדער!

און אַז פון דער חופה
מיר גייען צוריק...
ווער׳מיר שיר ביידע
משוגע פאַר גליק...

צעבעטשעט זיך פריידל
און טאַנצט מיט׳ן קוכן...
און מיך אַזש צעזעצט עס,
און הויב אָן צו פלוכן!..."

---

.10

— „אַ מענטש וויל זיך נאַרן,
וויל אַלעם פאַרזאָרגן:
היינט איז אים ווייניג,
אַליץ שפּעטער, אַליץ מאָרגן...

אַ זון? נאָך אַן אָנעק...
מ׳האָט אויף משיח׳ן,
ווינדעלעך, שנירן,
פון ליילעכער, ציכן!

און ס׳איז געוועזן,
וואָס קלערט איר, „ליהודים"!
איך שלאָף אויף דער קעלניע,
און טייל די כבודים!

און פיר אין דער בריקע
אַ וויג, אַ פלאַש וויין!...
אַ בראָך זאָל געשען נאָר
דער הינטישער באַן!"

.11

„אוים בריקעם — וואגאָנען!
עס פייפט שוין און קנאַקט!
טוים בעל־עגלה׳ס,
באַוואָקסן דער טראַקט...

עס פליט אין א זייט גאָר,
עס פייפט און עס לויפט!...
איינס נאָכ׳ן צווייטן
די פערדלעך פארקויפט...

דאָך נישט ווי עס רעדט זיך,
נישט אזוי באלד;
יאָרן לאנג פאלט מען...
מע׳פאלט און מע׳פאלט...

עס וויל נישט גלויבן...
מע׳וואוינט נישט אין פעלד.
עס גייט קיין רציחות...
א וועלט איז א וועלט!

ביז ס׳איז געוואָרן
פון הייזל א חורבן...
פארפוילט שוין די בריקע...
מיין פריידל—געשטאָרבן״...

---

.12

— „ז׳איז נעבעך געגאנגען

פאר גויט פון דער וועלט...
און קיין מצבה
עד היום געשטעלט..."

„בײם שכל געשטאָרבן...
זי זאָגט אזוי גלײך:
„איך וועל מיך מיען
אין הימל פאר אײך.

כ'וועל מאכן קולות,
זײן רחמים זאָל זידן!
און זאָל נישט פארלאָזן
אַן עדה מיט אידן

זאָל שטארבן פאר הונגער!
דאָס איז נישט קײן קונץ..." —
אַ זאָגערין איז זי
געװעזן בײ אונז

אין עזרת נשים...
געקאָנט האָט זי זאָגן!
נאָר װער װײסט, צי װעט זי
זיך דאָרט דערשלאָגן.

דאָרט איז מער ספּראָוועס,
ווי דאָ, מן הסתם...
אַ וועלטל מיט אידלעך;
און כחול הים! —

פאר איר איז דאָך גלײכער,
אז ז'האָט נישט געזען...
די שפּעטערע זאכן...

איז נײַ'ס נאָך געשען!..."

---

.13

זײַן שטימע ווערט שוואַכער
און רײַסט זיך אים אָפּ.
עס גײט שוין געשווינדער
דאָס פערדל באַרג אָפּ.

בלאַס שווימט די בלאַסע
לבנה אין דר'הויף,
ער דרײט זיך איבער
צו מיר אַזוי בלײַך

און טרױ'ריג, און זאָגט:
„עס לעבט זיך נישט גרינג...
עס שלעפּן זיך צרות,
א רינג נאָך א רינג.

א קײט אויפ'ן האַלז!...
אַנטלויפט מיר דער זון,
אַנטלויפט דער בן יחיד...
גאָט ווײסט וואו אַהין...

לאָזט־איבער א טאַטן...
לאָזט־איבער א ווײַבל...
א פרומע נשמה,
א שטילע — א טײַבל.

זי װײנט נישט, זי רעדט נישט,

זיצט איבערגעבויגן
איבער דעם וויגל,
עס ריידן דאָך ד'אויגן...

און שלעפט זי דאָס קינד איין,
(אַ קול האָט זי — צוקער...)
וואָס זאָל איך אייך זאָגן —
עס פאַלט פון מיר שטיקער!"

---

.14

— „אָט, אַן עגונה,
פאַרהאַקט און פאַרשניטן...
פרי'ר, כאָטש אַ סמיכה!...
סטייטש... דער מחותן...

ער האָט דאָך אַ מחיה,
באַרימט איז עקיבא'ס
וואַרשטאַט אין שטעטל,
אַרום די סביבות.

פון זיינס אַ פּאָר שטיוול
פלעגט מען דאָך קוועלן...
עס זיצן ביי טישלעך
אַ צענדליג געזעלן.

און נישט צו געניגן —
עס פעלן נאָך יונגען...
עד לב השמים —
דאָס קלאַפּן, דאָס זינגען...

און שיך פאר׳ן שטעטל,
אין שטיוול פאר פויערן,
פאר פריצים — קאמאשן...
שטארק! עס זאל דויערן!

פון אייגענע לעדער...
איך פלעג זי ברייננגען,
ער פלעגט זי שניידן,
אויף ברייטן, אויף לענגען!

מע׳האט אים אויף כמה
וכמה געשאצט...
מאכט זיך דאס באנדל...
עקיבא׳לע פלאצט...

ווארשע פארפלייצט שוין...
קאן בעסער די תורה!
און בחצי חנם...
פון גנבה׳שער סחורה!

און ס׳זעצט אן עקיבא
מיין בידנעקער שנור
די קעסט מיט׳ן נדן.
צינד איז זי ביי מיר...

אלץ בעסער ווי דארטן...
גאט זאל באשיצן...
ער מאכט די כוס׳ע...
דריי מיידן נאך — זיצן!...

---

.15

— „און נישט נאָר מירביידע ! —
אַלע גייען טאַנצן !
עס זינקט, גאָט זאָל היטן,
דאָס שטעטל אין גאַנצן :

אויס בעל־מלאכות,
דעם קרעמער נישט גרינגער,
סוחרים און מעקלער
שטאַרבן פאַר הונגער...

געמאַכט אַן א חורבה,
זאָל זי נאָר קרענקען !
עס זיצן באַלעבאַטים
פאַר טרפה׳נע שענקען...

ווער האָט אויף פּאַטענטן ?...
מען האַנדלט מיט גנבות !...
פריער זיצן זכרים,
דערנאָך די נקבות,

און ס׳שטעלט זיך ביים קווערטל
א דינסט, א משרת...
און — אל מלך יושב...
וואָס קלערט איר ? ס׳איז צרות !

עס וואַקסט נאָר דער וואָכער...
ער האָט זיך פאַרלייגט
אויף אונזערע קברים,
און נאָגט נאָך, און זויגט..."

.16

— „און מיך פלעגט מען שעלטן,
און זידלען, און פלוכן...
וואו נעמט די באַן שוין...
מען האָפט אויף משיח'ן.

איך בין דער גלות,
די באַן איז משיח,
עס זאָל איר אין טאַטנ'ס
טאַטן א רוח!...

צינד קריכן פאַרשווינען
ווי קופּקעלעך ביינער;
און מעסטן די בלאָטע,
און ציילן די שטיינער...

דער פּריץ ווייסט דאַנציג;
ער קאָן שוין די תורה!
מען דאַרף שוין קיין סקלאַדעס
קיין לאַגער אויף סחורה...

מע'קויפט אַלץ אין וואַרשע,
א ראָק און א שטיוול...
מע'דאַרף גאָר נישט פאָרן;
מע'שרייבט נאָר א בריוול...

און דאָ גייט מען ליידיג,
און פּוסטע און פּאַס...
עס פאַלן באַלבאַטים
פאַר הונגער אין גאַס!"

---

.17

„מע׳קריגט זיך פאַר צרות!
דער שעכט און דער אסר׳ט,
און שלעג, און חרמות,
מע׳ברענט און מע׳מסר׳ט.

א העק פונ׳ם שטעטל,
אלץ אויפ׳ן פנים...
און פירערליי שוחטים,
און פערצן רבנים:

א חלול השם
זייט עטלעכע יאָרן...
צוויי פירט מען עטאַפּאָם,
דריי קומען צופאָרן!"

---

.18

אָט ווייטער א טאָל,
דער וועג איז שוין שווער!
עס רייסט זיך דאָס פערדל
אהין און אהער!

און ליימיג, און גריביג,
טייל ערטער געפרווירן,
עס שפּרינגט שוין דער כאָמאָנט
דעם פערד איבער ד׳אוי׳רן.

עס סאָפּעט און רייסט זיך,

אַט, דאַכט זיך, עס פאַלט...
עס שווימט אַרום פּלוצלונג
פון נעפּל אַ וואַלד...

איך הער שוין דאָס רוישן,
דאָס סוד'ען, דאָס זשומען,
— „דער וועג וועט זיין בעסער,
נאָר מען טאָר נישט „דזימען"!

אין וואַלד איז נישט רואיג,
עס גייט היינט אַ געננגל:
יעקב צום קווערטל,
עשו צום דרענגל".

---

.19

— „אוי, גוטע צייטן!
וואָס זאָל איך אייך זאָגן...
אַ גאַנצע וואָך — גאָרנישט...
אַ מענטש איז דערשלאָגן!

דאָ גייט אַ רעצעפּטל...
אַ ברויטל גאָר נויטיג...
קומט שבת־קודש —
אַ שרעקלעכער ווייטאָג!

אוים בעלי־עגלות!
צעזייט און צעשפּרייט...
גאָט זאָל נישט שטראָפן
מיך פאַר די רייד...

עס איז שוין אין קלייזל
אויך גאַר חלשות,
איך איינער — און אַלטער,
פול פנים חדשות...

אוים באַלעבאַטים...
ס'וויל קיינער נישט שוינען...
גאַרנישט, נישט זייער...
ס'איז שיינע פאַרשווינען !...

אַלצדינג איז ברודיג,
פאַר'מושב'ט, פאַרפעצט...
די „יד" איז פאַר'ישב'עט,
דער כתר — פאַרזעצט...

זיי הייסן דאָך לומדים !...
אַלץ איז פאַרדאָרבן !...
און פונקט ווי אין קלייזל —
אין שטעטל א חורבן !"

---

.20

— „עס איז געוואָרן
פון שטעטל א העק !
די כחות די יונגע
אנטלויפן אוועק —

ווער קיין אמעריקע,
גאָט ווייסט ווי ס'גייט'ן...
און לאָזט זיך דאָך מאָלן

מיט גאָלדענע קייטן...

עס ווערן פארשוואונדן
צו צען מיטאמאָל...
טייל, זאָגט מען נאָך, פאָרן
קיין ארץ ישראל...

ווייס איך צו זאָגן,
וואָס גלייך איז, וואָס קרום?
איך האַלט מיך ביי מיינעם:
גאָט'ס וועלט אומעטום...

איך פלעג מיט פארשוינען,
ביי בעסערע יאָרן,
קיין לעמבערג, קיין קראָקא,
קיין פרייסן צו פאָרן...

איך זע נישט קיין צייכן...
איך זע א זשאנדאר...
ער זאָגט מיר: גראניצא,
נו, גלויב איך דעם האר!"

---

.21

— „איך וועל דאָ בלייבן...
אן אַלטער... א שארבן,
דאָ בין איך געבוירן,
דאָ וועל איך שוין שטארבן!

איך ווייס נישט, עס ציט דאָך,
דער הימל, דער וואַלד...

װאָלט נאָר נישט געװעזן
נאָס אַזױ, קאַלט...

עס ציט מיך מײַן הײזל,
עס איז דאָך אַ װײטאָג!...
כאָטש עס פאַלט כורעים...
אַ שינדל־דאַך — נװיטיג.

עס דאַרף אין די זײַטן
אי קאַלעך, אי לײם...
איך פיל מיך דאָך אין אים
בײַ מיר אין דער הײם!

און װײַטער — די מענטשן,
אַ דאגה — די שכנים,
כאָטש כ׳האָב קײן נחת,
קײן כבוד פון קײנעם...

אַ ב ע ל ־ ע ג ל ה . . .
אַ שלעפּער... נו, טאַקע...
װאָס בין איך? װאָס טײַטש איך?
עס ציט דאָך — די מכה!

עס דאַכט זיך, מײַן שורש
ליגט דאָ אין דער ערד...
װײס איך? מיר דאַכט זיך!
און װידער פאַרקערט:

האַלט מען בײַ פאָרן.
דאַכט זיך מיר פאָרט,
איז ארץ־ישראל
דאָס אײנציגע אָרט...

כ'וויל זען, למשל,
אָט, רחל'ס אַ קבר...
אויף ס'בית־המדרש
פון שם און פון עבר...

דאָ ליגט אַ מלך...
אַ כהן... אַ נביא...
און היינט־זשע, די כותל,
די כותל מערבי...

און טויזנטער, טויזנטער
אַנדערע זאַכן...
מע'זאָל נאָר עגונות
פון ווייבער נישט מאַכן!

איך גיב אויף צו שטייער!...
נאָר, עולם, גענאַסן,
עס איז דאָך אַ ווייטאָג
די ליידיגע גאַסן...

ס'זיינען דאָ אידעלעך
אַלערליי סאָרטן...
עס וועט אייך נישט פעלן,
נישט דאָ, און נישט דאָרטן...

שבת ערשט זע איך...
אַז נישט נאָר מיין נטע'ל —
ווי זאַלץ אין אַ וואַסער
צעגייט זיך דאָס שטעטל..."

---

.22

— „עט, וואָס איז לעבן?
א רגע, א חלום!...
אַט פאַר'מיר פון וועלדל
ארויס שוין בשלום!...

נאָך א שטיק בלאָטע
און נאָך א שטיק ליים...
אַלץ נענטער ווי ווייטער,
שוין באַלד אין דער היים...

איך שעם מיך פאר פריידלעך,
איך כאַפּ מיך בגנבה
אדורך דעם בית־עלמין...
נאָך אָן א מצבה...

אויך דאָרט קיין מנוחה!...
אַט, קוק איך אצינד...
די אָרימע שנור...
דאָס אָרימע קינד...

גאָט וועט נישט שענקען...
ער וועט פארגעלטן...
מיך האָט זי באַשוואָרן,
איך זאָל אים נישט שעלטן...״

---

.23

— „זי בעט מיך נאָך פאר אים,
דאָס אָרימע טייבל...

אוּן צי גערענקט ער
אַמאָל כאָטש דאָס ווייבל ?

דערמאָנט ער דאָס קינד זיך ?...
אוי, דער ניט־גוטער !
זאָגט ער כאָטש קדיש
אַמאָל נאָך דער מוטער ?...

צי וועל איך אים זען נאָך ?
דאָ אָדער דאָרט ?
זעט איר, איך האַלט מיך
אוּן שעלט נישט אַ וואָרט !..."

# האַלט סימויל!

דער הימל איז באַדעקט מיט אַ בלייערן־בלויען וואָלקן. דער ווינט בלאָזט און שאָקלט מיט די בלויזע בוימער. איבער דער ערד איז שוין דורכגעגאַנגען די שאַרפע קאָסע און איבערגעלאָזט נאָר שטלעכע דערנער. די ערד איז גאָל און וויסט... דער קאַלטער ווינטער גייט!

ערשט דעמאָלט האָט זיך מיישב געווען אַ ר ו י ז, און האָט אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן איינע אַליין אויף אַ קרושאַק, אויפ'ן פרייען פעלד!

און שאַרלעך־רויט איז זי געוועזן, געציטערט און געצאַפּלט שוין פאַר קעלט. זי האָט מיט אַלע כחות אויסגעצויגן אירע לאַנגע, שוואַכע בלעטלעך צו כאַפּן נאָך אַ וואַרימען, נאָך אַ ליכטיגן שטראַל. אומזיסט! צו שפּעט!

ערגעץ אַנדערש איז ציינד זומער! ערגעץ אַנדערש דערוואַכט ערשט דאָס נייע לעבן; נייע האָפנונגען, נייע פרייד, נייע לוסט! ערגעץ אַנדערש בליען נייע, פרישע רויזן — אָבער דאָ, דאָ מוז אַלץ שטאַרבן...

דער ווינטער, דער מלאך־המות גייט! זיין אָטעם איז פראָסט, זיין הויך איז שניי...

— „אַך, גאָט! — וויינט די רויז — האָב רחמנות אויף מיר! איך בין אַזוי יונג, איך וויל אַזוי לעבן! פאַרוואָס באַהאַלט זיך פאַר מיר די זון? פאַרוואָס זאָל מיך פאַר דער צייט אונטערשניידן דער פראָסט, פאַרשיטן דער שניי? וואָס בין א י ך שולדיג, אַז איך בין צו שפּעט געבוירן, צו שפּעט געקומען? פאַרוואָס זאָל איך שטאַרבן גאָר אומגעלעבט? פאַרוואָס זאָל איך אוועקגיין פון דיין וועלט אָן אַ שטראַל פון דער זון, אָן אַ וואַרימער, גוטער רגע?"

—„האַלט ס'מויל!" — האָט אַ פייף געגעבן דער בייזער ווינט, און האָט פאַרשיט די וויינענדיגע בלום מיט שטויב און פוילע בלעטער...

— לעבעדיגערהייט האָט ער זי באַגראָבן! —

---

# דאָס אָרימע אינגל

(אַ מעשה, פאַרציילט דורך אַ „מענטש" פון אַ „קאָמיטעט")

---

— גיט מיר אכט גראָשן אויף אַ „נאָצלעג" 1).

„ניין!"—ענטפער איך הארט און גיי אוועק.

ער לויפט מיר נאָך מיט אַ הינטישער בקשה אין די ברענענדיגע אויגלעך, ער קושט מיר דעם ארבל — עס העלפט נישט! „מיינע הכנסות טראָגן נישט אויף אַזוינע נדבות יעדן טאָג!"

---

„אָרימע לייט — טראַכט איך, ארויסגייענדיג פון דער „אָרימע קיך", וואו איך בין מיך אַזוי הארט באַגאַנגען מיט'ן בעטלערישן אינגל, — אָרימע לייט עסן זיך געשווינד צו".

דאָס ערשטע מאָל, אַז איך האָב דערזען דאָס אויסגעדארט־ ברודיגע, יונגע פּנימ'ל, מיט די טיף־איינגעפאַלענע, שווארץ־ ברענענדיג־ טרויעריגע נאַר קלוגע אויגעלעך, האָט עס מיך אָנגע־ כאַפּט ביים הארץ. איידער איך האָב זיין בקשה אויסגעהערט, האָט עס מיר שוין געגעבן אַ ב ר י, און אַ צענערל איז „ארויסגעפלויגן" פון מיין טאַש אין זיינע דאַרע הענטלעך אריין.

איך געדענק גאַנץ גוט, אַז די האַנט מיינע האָט עס א ל יי ן געטאָן. זי האָט נישט געפרעגט דאָס הארץ, צי עס האָט רחמנות, נישט דעם רואה־חשבון — דעם מוח, — צי ביי אַ פּענסיע פון 41 רובל מיט 66 קאָפּיקעס אַ חודש, קאָן מען געבן פינף קאָפּיקעס צדקה.

---

1) אַ הויז פאַר אָרימע לייט צום איבערנעכטיגן.

זיין בקשה איז געווען אַן עלעקטרישער פונק, ער האָט דער־שיטערט יעדעס אבר אין מיר, יעדעס קעמערל אין יעדן אבר, און מיין רואה־חשבון, דער מוח, האָט ערשט שפּעטער געקראָגן אַ „ידיעה" פון דער נייער הוצאה; ערשט שפּעטער, ווען דאָס אינגל איז שוין, אונטערשפּרינגענדיק פאַר שמחה, ארוים פון „טאַניאַק"1).

פאַריאָגט אין איינענע און אין פרעמדע געשעפטן, האָב איך באַלד אינ'ם אינגל פאַרגעסן. נאָר, אַ פּנים, נישט אינגאַנצן, נישט ווייסנדיק דערפון, האָט דאָך אין מיר ערגעץ געמוזט זיין אַן „אסיפה" פון פּראַקטישע מחשבות. וואָרן באַלד דעם צווייטן אָוונט, אַז דאָס אינגל האָט מיך ווייטער אָפּגעשטעלט, אַז דאָס איינענע אינגל, מיט'ן ציטערדיק־אָפּגעריסענעם קול, האָט מיך ווייטער געבעטן אויף אַ „נאָצלעג" — זיינען מיר שוין ארויסגעשוואומען, פון ערגעץ אין מיר, ג ר י י ט ע מחשבות: אַ 7־8 יאָריגער אינגל דאַרף נישט בעטלען... נישט האַלטן זיך אין קיך... דאָס עסן אין קיך פאַר'ן צוזאַמענגעמען די כלים, מאַכט אים נאָר פאַר אַ לייריג־גייער, פאַר אַ בעטלער; אַזויערנאָך וועט פון אים קיינמאָל קיין לייט נישט זיין...

די האַנט מיינע האָט זיך ווייטער גערוקט אין קעשענע אריין, נאָר א י ך האָב זי דאָרט דערטאַפּט און פאַרהאַלטן. וואָלט איך פרום געווען, וואָלט איך אפשר אַזוי געקלערט: צי די מצוה איז ווערט די 8 גראָשן? צי וואָלט איך נישט יוצא געווען אויף דעם אָרט מיט מנחה־דאַווענען? אָדער מיט אַ ה י י ס ע ר ן ק ר ע כ צ ביים דאַווענען? נ י ש ט פרום, האָב איך נאָר דעם אינגל'ס טובה געהאַט אין זינען; מיט מיינע 8 גראָשן וועל איך אים נאָך אַ ר ע ה ט אָ ן! אַן אייביקן בעטלער פון אים מאַכן!

און דאָך האָב איך אים דעמאָלט געגעבן! די האַנט האָט זיך געריסן פון קעשענע ארויס און איך האָב זי לענגער נ י ש ט פאַרהאַלטן; עפּעס האָט מיר ארום האַרץ ווי געטאָן, די אויגן זיינען מיר פייכט געוואָרן. ער איז ווייטער ארויס פון קיך מיט אַ שמחה, און איך האָב געפילט, אַז מיר איז גרינגער און לייכטער

1) אַ קיך פאַר אָרימע לייט.

געוואָרן אויפ'ן האַרץ, איך האָב דערפילט אַ שמייכל אויף מיין פּנים.

דאָס דריטע מאָל האָט שוין לייַנגער, אַ סך לייַנגער געדויערט. איך האָב שוין באַרעכנט, אַז מיין פּענסיע דערלויבט מיר נישט אויסצוגעבן 8 גראָשן אַ טאָג; עס איז טאַקע אַ פאַרגעניגן צו זען דאָס פאַרוויינטע, ניט־דרייסטע אינגל אונטערטאַנצן פאַר שמחה, צו זען, ווי עס צינדן זיך די ליכטלעך אין זיינע יונגע אויגן אָן, צו וויסן, אַז פאַר דיינע 8 גראָשן וועט ער נישט נעכטיגן אין גאַס, נאָר אין „נאָצלעג", וואו עס וועט אים וואַרים זיין און ער וועט נאָך אינדערפרי קריגן אַ גלאָז טיי מיט אַ זעמל — דאָס אַלעס איז אַ פאַרגעניגן, נאָר איך, ביי מיינע הכנסות, טאָר מיר נישט דערלויבן אויף אַזוינע „שמחות"! — קיינעם וועגס!

נאַטירלעך האָב איך דאָס אַלעס דעם אינגל נישט געזאָגט! איך האָב אים בעסער גע'מוסר'ט, ווי דען?

איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיט'ן בעטלען פירט ער זיך איבער... אַז יעדער מענטש, און פון אים דאַרף אויך אַרויסוואַקסן אַ מענטש, דאַרף, איז מחויב צו אַרבעטן... אַרבעט איז אַ הייליגע זאַך! און — אַז מען זוכט אַרבעט, געפינט מען זי! און דערגליכן געלעזענע גוטע זאַכן, וואָס האָבן דעם אינגל נישט געקאָנט פאַרטרעטן דעם „נאָצלעג", נישט דינען אפילו פאַר אַ געליענעם שירעם, געשיצט צו זיין איבער נאַכט פאַר'ן רעגן אָדער שניי...

ער איז אַלץ געשטאַנען און געקושט מיר דעם אַרבל... און אַלץ אויפגעהויבן די אויגן צו מיינע צו זען, אויב עס ווייזט זיך נישט אין זיי אַ פונק רחמנות, אויב זיינע ווערטער פאַלן נישט ווי אַרבעס אויף דער וואַנט! און איך האָב געפילט, אַז ער האָפט נישט אומזיסט, אַז מיינע קאַלטע מחשבות ווערן וואַרים, אַז זיינע הינטיש־בעטנדיגע אויגן האָבן אויף מיר אַ פּעולה, אַז איך מיט מיין גאַנצער באַטאַרעע פון חשבונות און מוסר וועל מיך, אין קורצן אונטערגעבן... און איך האָב אַ ישוב געהאַט: איך וועל אים געבן, נאָר אָנזאָגן איינמאָל פאַר אַלע מאָל, ער זאָל שוין מער נישט בעטלען. אָנזאָגן האַרט און שאַרף, ער זאָל געדענקען! איך האָב קלענער געלט פאַר פינף־קאָפּעקן־שטיק נישט געהאַט, איך האָב

א מטבע אויסגעטווישט און געגעבן אים אכט גראָשן.

— נא! נאָר מער, הערסטו, זאָלסטו ביי מיר נישט בעטלען!

פון וואַנען האָט זיך דער „ביי מיר" גענומען? איך האָב אים, דאַכט זיך, נישט אין זינען געהאַט; על כל פנים, האָב איך די צוויי ווערטער נישט געוואָלט זאָגן; איך וואָלט זיי גערנוויליג פאַר וועלכע קאָפּיקע צוריק איינגעשלונגען? עס איז מיר א ביסל קיל געוואָרן אויף דער נשמה, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אז איך האָב איר פון ערגעץ אַן אָרט א לאַפּן אָפּגעריסן, און דאָס אָרט איז נאַקעט געבליבן! נאָר דאָס איז דורך ווי א בליץ; מיין שטרענג פנים, מיין שאַרף־מעטאַלן קול, מיין אויסגעשטרעקטע רעכטע האַנט און אַרויסגעשטעלטער לינקער פוס, האָבן זייערס געטאָן! איך האָב א שטאַרקע פעולה געהאַט אויפ'ן אינגל; שטייענדיג, ווי אויף ברענענדיגע קוילן, ווילנדיג זיך אויסרייסן פון קיך כדי פרי צו קומען צום „נאָצלעג", איז ער דאָך פון מיינע ווערטער בלאַס און בלאַסער געוואָרן, א טרער האָט אָנגעהויבן ציטערן אין דער יונגער ברעם...

— נאָר נישט מער בעטלען, — האָב איך מיין מוסר געענ־דיגט, — הערסט! דאָס לעצטע מאָל!

דאָס אינגל האָט אָפּגעטעמט און אַנטלאָפן!

היינט — היינט האָב איך שוין טאַקע נ י ש ט געגעבן! מ י י ן ו ו א ָ ר ט וועל איך נישט ברעכן; ביי מיר איז נישטאָ קיין „בלי נדר ובלי מסקנא" — איך לייג פאַר מיינע ווערטער קיין „עירוב" נישט, איך זאָל קאָנען ווייטער אַריבערגיין, א וואָרט — איז טייער! מען דאַרף זיך האַלטן פעסט, א־ניט, וועט קיינמאָל אין קיין זאַך קיין „אָרדנונג" נישט זיין!

איך ב א ַ ר ע כ ן נאָכאַמאָל, וואָס איך האָב געטאָן און גע־זאָגט, און בין זייער צופרידן פון זיך.

איך קאָן נישט יעדן טאָג געבן 8 גראָשן צדקה, און דאָך איז נישט דאָס געוועזן דער עיקר; דער עיקר האָב איך זיין טובה גע־מיינט, טובת הכלל אויך! וואָרן וואָס איז ווערט צדקה אָ ן א סדר, און ווי קאָן זיין א סדר אָן א פעסטער דעה?

מיט'ן אינגל האָב איך פּראָסט אידיש גערעדט, מיט מיר

אליין רייד איך א ביסל געלערנטער; ארויסגייענדיג פון קיך טראכט איך: „דער ערגסטער מיקראָב אין דער חברה'ס גוף איז בעטלעריי. דער, וואָס אַרבעט נישט, האָט נישט קיין רעכט אויפ'ן לעבן, א. אז. וו."

---

קוים האָב איך די טיר פון „טאַניאַק" הינטער מיר פאַרמאַכט, בין איך אריין מיט די פיס אין בלאָטע, מיט'ן פּנים אין וואַנט און מיט „לייב און לעבן" אין דער פינצטערער נאַכט!

עס איז א שרעקלעכער ווינט, עס ציטערן די פלאַמען אין די גאַסן-לאַמפּן ווי פאַר קעלט, און זייער ציטערדיגער שיין שלאָגט זיך טויזנט-פאַך אָפּ אין די נאַסע בלאָטע-גריבלעך אין גאַס, אז עס שווינדלט פאַר די אויגן.

עס פייפט מיט א יאָמערלעך קול, גלייך טויזנטער נשמות בעטן זיך „תקון", אָדער טויזנט אינגלעך — צו 8 גראָשן אויף נאָצלעג.

פוי! ווייטער דאָס אינגל...

עס איז אַן עבירה א הונט ארויסצוטרייבן אין גאַס אריין!... און דאָך וועט דאָס אינגל נעכטיגן אין גאַס!... נאָר וואָס זאָל איך טאָן? ווייניג פאַר מיר דריי מאָל? זאָל צונד אַן אנדערער געבן!

עס איז גענוג פון מיין זייט, אז איך האָב מיט'ן קראַנקן האַלז און הוסטענדיג אין אַזאַ וועטער דעם טאַניאַק באַזוכט. איך בין טאַקע א „קאָמיטעט-מענטש", נאָר קיינער האָט פון מיר נישט פאַרלאַנגט, איך זאָל אַכטונג געבן, בפרט אין אַזאַ וועטער, אָן א פּעלץ... וואָלט איך פרום געוועזן, וואָלט עס פון מיין זייט אייגנוץ געוועזן; איך וואָלט געמיינט כאָטש מיין טובה דערביי: איך וואָלט געשווינד אהיים געלאָפן, אריינגעוואָרפן זיך אין בעט און איינגעשלאָפן, די נשמה זאָל געשווינד ארויספליען אין הימל אריין און פאַרשרייבן אויף איר קאָנטאָ א מצוה'לע... דאָס מצוה'לע איז „קרעדיט". דער „דעביט" וועט זיין א פעט שטיקל לויתן... איך — האָב גייענדיג אין „טאַניאַק" אריין קיין לויתן נישט אין זינען געהאַט... מיין גוט הארץ האָט מיך געפירט...

מיך אליין לויבנדיג איז מיר עפּעס ווארימער געוואָרן אין דער נעגנט פון הארץ; ווען יענער לויבט מיך, וואָלט איך מיך גע־מוזט פארשעמען און אוועקמאַכן מיט דער האַנט... מיך אליין קאָן איך הערן אָן בושה... און איך וואָלט מיך אפשר לענגער נאָך געלויבט, נאָך מעלות טובות אין זיך געפונען, נאָר, ליידער, בין איך מיט מיינע „האַלבע „פּאָדעשוועס" — איין גאָט ווייסט, אַז די אנדערע צוויי העלפטן האָב איך אויסגעריבן אויפ'ן וועג צום מאַניאַק! — בין איך מיט מיינע האַלבע פּאָדעשוועס אריין אין אַ בלאָטע...

„שליחי מצוה אינן ניזוקין" — נאָר דאָס איז, אַ פּנים, נאָר אַהין־צו־וועגס; צוריק־צו־וועגס, בשעת ווען דער ניי־באַשאַפענער מלאך יאָגט זיך שוין צוריק אין הימל אריין, קאָן מען אפילו האַלז־און־לייב ברעכן.

עס ווערט מיר נאַס אין די פיס און קאַלט אין אַלע אברים; איך פיל פּאָזיטיוו, אַז איך וועל מיך פארקילן, אַז איך האָב מיך שוין פארקילט; אָט באַלד וועל איך מיך צוהוסטן, עס וועט מיך אָנהויבן שטעכן אין דער ברוסט! עס פאַלט אויף מיר אַ שרעק... ערשט נישט לאַנג 4 וואָכן אָפּגעלעגן!

— מען טאָר נישט אַזוי! מאַכט אין מיר עפּעס געגן מיר אליין אַ מרידה. ניין! דיך מעגסטו מקריב זיין! נאָר דיין ווייב און קינד? ווי האָסטו אַ רעכט זייער שטיץ איינצושטעלן?

ווען דער זאַץ זאָל זיין אַ געשריבענער, איך זאָל דעם פרעמדנ'ס זאַץ'ס לעזער זיין און האַלטן דערביי אַ בליישטיפט אין דער האַנט, וואָלט איך שוין געוואוסט וואָס מיט אים צו טאָן... נאָר דער זאַץ איז מיין אייגענער געוועזן...

און איך פיל מיך פּאָרט פארקילט, און אַהיים איז נאָך ווייט, און די קאַמאַשן זיינען פול מיט וואַסער, קאַלט און שווער... געגנ־איבער לייכטן עטלעכע פענצטער פון אַ קאָנדיטעריי... די ערגסטע אין גאַנץ ווארשע, שענדלעכער טיי, נאָר ביי „אין ברירה"!...

איך שפּרינג אריבער די גאַס און פאַל אריין אין אַ ווארימען נעפּל.

איך האָב באַשטעלט אַ גלאָז טיי און געכאַפּט אַ „פלוג־בלאַט".

דער ערשטער אילוסטרירטער וויץ, וואָס פאַלט מיר אין די אויגן אַריין, זעט מיר אויס אַ המשך פון דרויסן. דער וויץ הייסט: „ווער איז וואָס האָט איבערפלוס?" אויפ'ן בילד איז אַ וועטער ווי איצט אין גאַס. צוויי פּערזאָנען קומען זיך אַנטקעגן אויפ'ן טראָטואַר: פון איין זייט אַ דיקע פרוי אין די מיטעלע יאָרן, „אַן אָנגעגעסענע", אין אַ זיידן קלייד, אַ סאַמעטענעם מאַנטל און אַ ווייסן פעדער־הוט. זי איז, אַ פּנים, ביים גוטן וועטער אַרויסגע־גאַנגען שפּאַצירן, אָדער מיט אַ וויזיט, און דאָס אומוועטער האָט זי אומגעריכט געטראָפן; דאָס פּנים אירס איז איבערגעשראָקן: זי שרעקט זיך פאַר רעגן און קעלט פאַר זיך, און אפשר — נאָר פאַר'ן מאַנטל; זי איילט, עס קומט איר עטלעכע טראָפּן שוויים אויפ'ן ווייסן שטערן אַרויף; זי איילט, נאָר אירע טריט זיינען דאָך נישט זיכער. זי האָט ביידע הענט פאַרנומען. אין דער לינקער האַנט, דורכגענומען דורך דער מופטע, האַלט זי די זיידענע שלעפּ, שוין גוט מיט בלאָטע פאַרבערעמט; און אין דער רעכטער האַנט — אַ קליינעם זיידענעם שירם, וואָס פאַרדעקט איר קוים דעם פעדער־הוט איבער'ן קאָפּ! דער דאַמע פעלט נ אָ ר אַ שטיק שירם! פאַר דאָס האָט זי איבערפלוס — אין אַלעם אַנדערן. עס איז אַ פּנים אָן זאָרג, פון אַ זיבנטער זעט, פון אַלדאָס גוטס!

געגנאיבער דער דאַמע קומט אָן אַ יונג מיידל — הויט און ביין! זי האָט אפשר לאַנגע און שיינע האָר, נאָר זי האָט געוויס ווייניג צייט צו זיי; זיי זיינען צעפּלאָסן, צעשויבערט, און דער ווינט יאָגט זיך אַרום מיט גאַנצע פּענקעס האָר און קלאַפּט זי מיט זיי אויף די דאַרע פּלייצעס. זי טראָגט אַ שטאַרק געלאַטעט ־ין קליידל, און דער ווינט האָט זיך צו איר צוגעטשעפּעט און זוכט נאָר אַ שפּאַרע, זיך אַריינצו'גנב'ענען, זיך צו ציען צום דאַרן לייב. אויף די פיס האָט זי אַ פּאָר הויכע שיך — פון בלאָטע! זי גייט אויך נישט זיכער אויפ'ן ווינט; ערשטנס, איז איר דער ווינט גלייך אין פּנים אַריין,, צווייטנס, האָט זי אויך ביידע הענט פאַר־נומען: אין דער לינקער האַנט טראָגט זי אַ פּאָר גרויסע מענישע— געווים דעם פּאָטער'ס — שטיוול, צו פאַרריכטן... די אויפגע־

שפּאָלטענע פּאָדעשוועס לאָזן מיך זי נישט חושד זיין, אַז זי טראָגט זיי אין אַ שענק, פאַר אַ פלאַש בראַנפן צו פאַרזעצן... געוויס איז דער פאָטער אַהיים געקומען מיד פון אַרבעט, די מוטער קאָכט וועטשערע, און זי, די עלטסטע טאָכטער, האָט מען אַרויסגעשיקט פאַרריכטן די שטיוול — אויף אינדערפרי מוזן זיי זיין פאַרטיק. זי אײַלט, זי ווייסט, אַז אויב דער שוסטער וועט אויף מאָרגן נישט פאַרטיק מאַכן די שטיוול, וועט אַ גאַנצן טאָג קיין פייער אויפ'ן קוימען נישט זיין... זי סאַפּעט — די גרויסע שטיוול זיינען צו אַ שווערע לאַסט פאַר דעם קליינעם קינד, נאָר נאָך שווערער איז די משא אין דער לינקער האַנט: זי טראָגט — אַן אומגעהויערן וועגס־שירם איבער זיך! און זי טראָגט אים מיט שטאָלץ — דער פאָטער האָט איר דעם שירם געטרויט!

דעם קינד פעלט אַ סך זאַכן: ווינטער — וואַרימקייט, זומער און ווינטער — קליידונג, אַ גאַנץ יאָר — עסן צו דער זעט... דערפאַר האָט זי איבערפלוס אין שירם!

איך בין זיכער, אַז אין דער רגע איז איר די רייכע דאַמע מיט'ן שירם מקנא!

דאָס קליינע דאַרע מיידעלע מיט די שעלמיש־לאַכנדיגע אויגן, כאָטש זי קערט זיך יעדע מינוט שיר נישט איבער פון ווינט, — שמייכלט מיר אַנטקעגן פון בלאַס אַראָפּ.

„נו, זעסט? מיר האָבן אויך אַמאָל נחת!"

„אָט, לאַך איך אויס יענער דאַמע!"

---

נאָר, באַצאָלנדיג פאַר דעם נישט־דערטרונקענעם טיי, דערמאָן איך מיך ווייטער אָן מיין בעטלערישן אינגל.

ער האָט נישט קיין שירם, אויף אים וואַרט נישט קיין היים, זאָל זיין מיט טרוקענע קאַרטאָפל, אָן פוטער! אויף אים וואַרט נישט קיין פּיצל בעט, אַ טאַטן אָדער אַ מאַמען צו־פוסנס... און אפילו די אומגליקלעכע דאַמע וואָלט אים נישט געהאַט מיט וואָס מקנא צו זיין!

ווי אזוי האָט ער זיך מיר דערמאָנט? אהא! איך געדענק: עס איז מיר דורכגעפלויגן א מחשבה, אז פאַר דעם צענערל, וואָס איך האָב באַצאָלט פאַר דעם כמעט נישט פאַרזוכטן טיי, וואָלט דאָס אָרימע אינגל געהאַט: פאַר א צווייער א האַלבע פּאָרציע זופּ אָדער א שטיקל ברויט און — אָן אָרט, וואו צו נעכטיגן...

פאַרוואָס האָב איך טיי באַשטעלט? אין דער היים קאָכט, וואַרטנדיג אויף מיר, דער סאַמאָוואַר, עס זיצט עמיצער מיט א גרייטן שמייכל אויפ'ן פּנים, אויפ'ן טיש ליגט אָנגעגרייט עפּעס צו פאַרבייסן — איך האָב מיך אָבער געשעמט נישט צו באַשטעלן קיין טיי!

— נו, מיין בושה איז אויך עפּעס ווערט! — טרייסט איך מיך.

---

אין גאַס האָט אויף מיר געוואַרט נאָך א שטאַרקערער ווינט.

ער רייסט די דעכער מיט א כעס, גלייך ער וואָלט אָן אַנטי־סעמיט און זיי—אידן געווען; נאָר די דעכער זיינען אייזן, און ביי זיך אין דער היים. ער לאָזט זיך אַראָפּ מיט רציחה צו די לאַמטערן אין גאַס, זיי האַלטן זיך דאָך גלייך אין לייכטן וועטער, ווי געלערנטע העלדן אין דער אינקוויזיציע־צייט! ער לאָזט זיך אַראָפּ נאָך טיפער און רייסט דעם ברוק פון גאַס,נ אָר די שטיינער זיצן טיף איינגעגראָבן, און די ערד לאָזט אירע שכנים נישט אזוי לייכט ארויס; ער הויבט זיך צוריק אויף מיט א כעס, ארויף, ארויף אין דער הויך, נאָר די הימלען זיינען ווייט, און די שטערן קוקן אַראָפּ גלייכגילטיג אָדער מיט חוזק...

די מענטשן אין גאַס בויגן זיך, נייגן זיך, ציען זיך צוזאַמען, וויניג אָרט צו פאַרנעמען, דרייען זיך אַלע מאָל איבער, דעם אָטעם צו כאַפּן, און גייען דאָך ווייטער זייער זיכערן וועג...

— נאָר דאָס אָרימע, שוואַכע אינגל — קריג איך מורא — ווי וועט עס מיט אים דערגיין?

מיין גאַנצע פילאָזאָפיע האָט מיך פאַרלאָזט, און מיין גאַנץ רחמנות האָט זיך דערוועקט...

ווען דאָס איז מיין קינד? ווען איך זאָל קלערן, אַז דער ווינט קערט איבער מיין אייגן פלייש און בלוט? ווען מיין קינד דאַרף אין אַזאַ ווינט נעכטיגן אין גאַס... אָדער, ווען אפילו ער האָט שוין שפּעטער אויסגעבעטלט אַכט גראָשן, גייען אין אַזאַ שטורם קיין פּראַגע, איבער דער ווייכסל, איבער דער בריק!...

צי ווייל ער איז נישט מיין, איז ער דעריבער ערגער? צי ווייל די, וואָס ער איז זייער, ליגן ערגעץ אין אַ קבר אונטער אַ מצבה, פילט ער ווייניגער דעם ווינט? ציטערט ער ווייניגער פאַר קעלט?

איך פאַרליר דעם חשק אהיים צו גיין; מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב נישט קיין רעכט נישט צו דער וואַרימער שטוב, נישט צום קאָכענדיגן סאַמאָוואַר, נישט צום וואַרימען בעט, און בפרט — צום שמייכל פון די, וואָס וואַרטן אויף מיר אין דער היים. מיר דאַכט זיך, אַז אויף מיין שטערן מוז שטיין אויפגעשריבן אַן ענלעך וואָרט ווי „רוצח", „קין"... מיר דאַכט זיך, אַז איך דאַרף מיך קיינעם אין די אויגן נישט ווייזן...

און עס פאַלט מיר ווייטער איין צו קלערן וועגן פּרומקיים.

— אַ מיין וואָלט איך, צי אַל־די שוואַרצע יאָר, — שעלט איך מיך, — פרום געוועזן! וואָס וואָלט מיר געשאַדט, איך זאָל זיכער זיין, אַז דער, וואָס וואוינט העכער איבער אַלע שטערן, איבער אַלע הימלען, קוקט קיין רגע נישט אַוועק פון אונזער וועלט... אַז ער וועט קיין רגע אָנ׳ם אינגל נישט פאַרגעסן?...

פאַרוואָס זאָל ער ליגן מיר אויפ׳ן האַרץ, איך וואָלט אים בעסער פראַנק און פריי אויפ׳ן האַרץ פון דער גאַנצער וועלט געוואָרפן; ער וואָלט מיר קיין רגע פאַר די אויגן נישט געשטאַנען, ווען איך זאָל וויסן, אַז ער איז זיכער אונטער׳ן גרויסן קאָם־מאָס־אויג, וואָס, ווען עס זאָל זיך, חלילה, אויף איין רגע צומאַכן, וואָלט גאַנצע וועלטן דער טייוול גענומען, אָבער, כל זמן עס איז אָפן, וועט דאָס קלענסטע ווערימל אַן חשבון, אַן משפט, אַן יושר נישט פאַרלאָרן ווערן...

צונג, מוז איך מיט׳ן קראַנקן האַלז, מיט נאַסע פיס, ביי אַזאַ וועטער צוריקגיין אין „טאַניאַק" אריין זוכן דעם פרעמדן יתום...

עס איז א חרפה און א בושה!...

וואָס די „חרפה" און די „בושה" זיינען געוועזן, מיט וואָס און פאר וועמען איך האָב מיך געשעמט — ווייס איך נישט עד היום. און דאָך, דער חרפה און דער בושה צוליב, בין איך געגאנגען צום „טאַניאַק" נישט אין גלייכן וועג; איך האָב אַרומגעקאָלעוועט עטלעכע גאסן און ענדלעך — געקומען.

די ערשטע שטוב, די שפּייז־זאַל, איז ליידיק. דאָס „גיהנום" פון א גאנצן טאָג הויבט זיך אָן אָפּקילן, און די פּאַרע הויבט זיך העכער און העכער פון איבער דער נאסע פּאָדלאָגע און בילדעט א נייעם „הימל", א נייע „אויסשפּרייטונג" צווישן די אונטערשטע וואסערן פון די אָרימע לייט'ס פּיס, און די אויבערשטע — פון דער געטריפטער פּאַרע. ערטער־ווייז רעגענען די טראָפּן אראָפּ, דורכ'ן אָפענעם פענצטערל אין קיך אַריין זע איך די פארשלאָפענע קעכין מיט'ן פאררוקטן שייטל שטיין אָנגעשפּאַרט מיט דער לינקער האַנט אויפ'ן גרויסן קעסל, פירנדיג מיט דער רעכטער האנט גאנץ פויל דעם גרויסן קאָך־לעפל צו די ליפּן. די צווייטע, די „אונטערקעכין", בראָקט לאָקשן אויף מאָרגן, אויך פארשלאָפן. דער „ממונה" ציילט די קוויטלעך אויף מיטאָגן אויפ'ן קאָמיטעט'ס חשבון... מער איז קיינער נישטאָ. איך ווארף אַן אויג אונטער די טישן — עס איז פון אינגל קיין זכר נישטאָ!

איך בין צו שפּעט געקומען!

— כאָטש גוט, — טראַכט איך, ארויסגייענדיג פון קיך, — וואָס קיינער האָט מיך נישט באַמערקט...

---

ראַפּטום דערמאָן איך מיך, אז איך בלאָנדזשע שוין עטלעכע שטונדן אין גאַס.

— וואָס איז פאר א טייוול מיט מיר? — ווער איך בייז, און הויב אָן צו שפּרייזן אהיים.

איך בין צופרידן, וואָס אַלע שלאָפן שוין, איך ווארף אראָפּ די קאַמאַשן אין פעדערהויז, גנב'ע מיך אין שטוב און אין בעט

אריין—נאָך איך האָב אַ שלעכטע נאַכט געהאַט.

מיד, פאַרקילט און דורכגענעצט, האָט לאַנג געדויערט איידער איך האָב מיך אויסגעהוסט און דערוואַרימט, צווישן די ביינער האָט מיר אַרומגעבלאָנדזשעט אַ מין שווידער... רעכט איינגעשלאָפן בין איך גאַנץ שפּעט און דאַן ערשט האָבן מיך שלעכטע חלומות געמוטשעט.

---

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, באָדנדיג זיך אין קאַלטן שוויים און בין אַרויסגעשפּרונגען פון בעט גלייך צום פענצטער צו.

איך קוק אַרויס — דער הימל איז אויסגעשטערנט... די שטערן זעען אויס, ווי בריליאַנטן אין אַן אייזערנעם הימל געפּאַסט... זיי בלאָנדזשען אַזוי שטאָלץ, אַזוי רואיג און אַזוי הויך!

הינטן רייסט דער ווינט; עס ציטערט דאָס גאַנצע הויז.

איך בין צוריק אין בעט אריין, געשלאָפן בין איך שוין נישט מער, נאָר געדרימלט, איך האָב שוין נאָר האַלבע חלומות געזען, און אַלץ מיט'ן אינגל אין דער מיט...

וואָס אַמאָל האָב איך אים געזען אויף אַן אַנדער אָרט... דאָ שלעפּט ער זיך ערגעץ אין גאַס, דאָ זיצט ער איינגעהויקערט אויף עטלעכע טרעפּלעך אונטער אַ דעכל פון אַ געוועלב, אַמאָל שפּילן גאָר מיט אים טייוולאָנים אין באַל... ער פליט אין דער לופט פון איין האַנט אין דער צווייטער אַריין... שפּעטער טרעף איך אים שוין געפרוירן פאַרשטאַרט אין ערגעץ אַ מיסט־קאַסטן...

איך האָב קוים דעם מאָרגן דערלעבט און גלייך געלאָפן אין טאַניאַק אַריין.

ער איז דאָ!

איך זאָל מיך נישט געוועזן שעמען, וואָלט איך אים די בלאַטע פון פּנים מיט דאַנקבאַרע טרערן אָפּגעוואַשן; איך זאָל נישט מורא האָבן פאַר'ן ווייב, וואָלט איך אים אַלס אייגן קינד אהיים געפירט...

ער איז דאָ, איך בין נישט זיין רוצח!

— נאַ!

און איך האָב אים אַ צענערל דערלאַנגט.

ער נעמט עס פאַרוואונדערט; ער ווייסט גאָר נישט, וואָס פאַר אַ טובה ער האָט מיר געטאָן...

לעבן זאָל ער!

---

און דעם צווייטן טאָג, אַז ער האָט ווייטער ביי מיר געבעטלט אויף אַ נאָצלעג, האָב איך אים נ י ש ט געגעבן, אָבער שוין קיין וואָרט מוסר נישט געזאָגט. נאָך מער — איך בין אַוועקגעגאַנגען פאַרשעמט, נישט צופרידן פון זיך אַליין.

געבן קאָן איך באמת נ י ש ט, נאָר דאָס האַרץ טוט דאָך וויי: פאַרוואָס ק אָ ן איך נישט?

נישט אומזיסט פלעגט מיין זיידע, עליו השלום, זאָגן:

„ווער עס איז נישט פרום, לעבט מיט האַרץ־ווייטאָג און שטאַרבט אָן טרייסט".

---

# ביים פאַקיר

צו א פאקיר קומט אריין א מענטש, וואָס לאָזט זיך זייער שווערלעך באשרייבן: באָרוועס, מיט אלט־צעריסענע קליידער אויפ'ן דארן לייב, און דאָך איז יעדע באוועגונג זיינע, כמעט שטאָלץ. די געריונצלטע פארמעט־הויט אויפ'ן געזיכט זאָגט, אז ער איז אַלט, זייער אַלט, און דער בליק פון גרויסע, שווארצע אויגן איז שטרענג און פול קראפט פון א יונגן מאן. די ליפּן בלוילעך און צעפּלאצט, און ביי די ווינקלען פון שמאָלן מויל בלאָנדזשעט דאָך א שמייכל פון בענקשאפט, איראָניע און גוטסקייט צוזאמען.

דער פאקיר שטייט אויף און גייט אים אנטקעגן, וואָס ער טוט זעלטן פאר רייכע און גרויסע לייט.

— איך האָב צו דיר א בקשה, — זאָגט דער גאסט.

— זאָג, וואָס דיין פארלאנג איז, — ענטפערט דער פאקיר.

— וועסטו מיר טאָן, וואָס איך וויל?

— אויך איך וועל וועלן, — ענטפערט דער פאקיר, און גיט־צו מיט עניוות: — און אויב איך וועל קאָנען.

— דו קאָנסט, דאָס וויים איך,—זאָגט דער גאסט, און זיין שטימע קלינגט וואָס אמאָל העלער און ערנסטער צוזאמען.—איך האָב עס פון דיר נישט איינמאָל געזען, נאָר נישט אומזיסט...

— און דו קאָנסט נישט באצאָלן?

— פילייכט... דאָך...

— מיט וואָס?—פרעגט דער פאקיר און מוסטערט נאָך אמאָל דעם אָפּגעריסענעם שטאָלצן גאסט... האָסטו נישט, מיין קינד, ערגעץ...

— גע'גנב'עט? ניין... נישט מיט געלט וויל איך דיר באַצאָלן... מיט מיין אייגענער געשיכטע.

— זי איז אזוי וויכטיג? זי וועט מ י ר צונויץ קומען?

— וויכטיג, ווי פאר איינעם... צי זי וועט דיר צונויץ קומען, ווייס איך נישט... דאָך וועט זי דיך באפרייען פון מי און מאַטער.

— ווי אזוי?

— מיין אריינקומען, מיין פערזאָן, האָט אויף דיר אן איינדרוק געמאכט. איך האָב דיך פאראינטערעסירט... אז איך וועל אוועקגיין מיט א פארשלאָסן מויל, וועסטו נישט איינמאָל פארטראכטן זיך און קלערן: ווער איז ער געווען? וואָס האָט ער געקאָנט וועלן? און א פאקיר'ס צייט איז טייער, זיינע געדאנקען— נאָך טייערער! פון צייט און געדאנקען לעבט א פאקיר!

דער פאקיר האָט געקלערט א ווײַלע, ער האָט זיך געפּרואווט, ווי ווייט ער איז ווירקלעך פאראינטערעסירט מיט'ן גאַסט, צי ער וועט ווירקלעך דעריבער קלערן.—

די צייט באַנוצט דער גאַסט און זאָגט ווייטער:

— דו ביזט אַלט, פאקיר, זייער אַלט! אַלע דיינע געפילן זיינען אויסגעטריקנט.. דיין הארץ געפינט שוין אין גאָר נישט קיין פרייד... מיט'ן קאָפּ לעבסטו נאָך... דאָס געהירן איז נאָך דאָס איינציגע גליד אין דיר, וואָס לעבט, נישט נאָר אויס לויטער געוואוינהייט; נאָר דיין מח האָט נאָך זיינע לײַדן און פריידן, ער קלערט און וויל וויסן... טו דיין קאָפּ צוליב,—זאָל ער האָבן נאָך אן איינדרוק פון דער וועלט, איידער ער וועט אויך בלייבן מיד און פויל צו שטאַרבן...

— גוט!—באשטייט דער פאקיר.

זיי זעצן זיך, דער גאַסט דערציילט:

---

— קליינערהייט האָב איך אמאָל שפּאצירט מיט מיין פאָטער צווישן די בערג אונטער'ן שלאָס...

— איר האָט אין א שלאָס געוואוינט?

— יאָ. מיר האָבן איבערגעשראָקן אן אָדלער, און ער איז ארויפגעשאָסן צום הימל. „איך וואָלט אויך געוואָלט אזוי פליען",

האָב איך הויך געטראַכט. „דו וועסט עס אויך טאָן", האָט מיר דער פֿאָטער געענטפֿערט, „נאָר נישט אין דער לופֿט. די לופֿט איז נישט אונזער עלעמענט; מיר קאָנען אין איר, און דעריבער — פֿון איר, נישט לעבן".

„און פֿליען — זאָגט ער ווייטער, — וועסטו צום הימל — דאָס זייענען די בלויע, די זיידענע, בלויע, מיט גאָלדענע שטערן אויסגעשטיקטע טאַפּעטן אין אונזער קעניגלעכן פּאַלאַץ... און גלייך צו דער זון — דאָס איז דער קעניג אַליין... די שטראַלן פֿון זיין גנאָד זיינען ליכטיגער און וואַרעמער, און זיי זיינען נישט פֿאַר אַלע, נישט פֿאַר יעדן בעסטן"...

איך האָב די ווערטער דערנאָך איבערגעגעבן מיין לערער, אויך אַ פּאַקיר ווי דו. זיין געזיכט האָט זיך דערביי נישט געענדערט. קאַלט און שטרענג האָט ער מיר געזאָגט: „דער אָדלער, אויב ער וויל לעבן, מוז ער עסן, און עסן — מוז ער אַראָפּ אויף דער ערד... עסנוואַרג ליגט נידעריג, אָפֿט אין בלאָטע".

— זייער קלוג.

— איך האָב אים דאָך נישט פֿאַרשטאַנען און אינ'ם גאַנצן געשפּרעך פֿאַרגעסן.

---

צוריק אויף די געדאַנקען זיינען מיר די ווערטער געקומען ערשט דעמאָלט, ווען איך בין ערשטער מיניסטער געוואָרן.

— מאַנציפּוצי?

— אַזוי פֿלעג איך הייסן——

— און היינט?

— האָב איך קיין נאָמען נישט.

— ווען איז עס געשען?

— שוין איינינגע יאָר... עס פֿרייט מיך פֿאַר דיר, אַז דו האָסט פֿון דעם אַלעם נישט געוואוסט... אַז דאָס לעבט אַזוי הויך, אַזוי טיף אָדער אַזוי ווייט פֿון מיין געוועזן לעבן!

איינמאָל בין איך געשטאַנען אַזוי לאַנג און אַזוי טיף געבויגן

פאר דער זון, אז עס איז מיר, נישט ווילנדיג, געקומען דער געדאנק אין קאפ אריין, מקנא צו זיין די זיילן אין פאלאץ, וואס האלטן אים אויך אונטער און בויגן זיך נישט...

— דו האסט עס געזאגט?

— ניין; מיינע ליפן זיינען נאך נישט געוואוינט געווען דער־צו; נאר דער מארך־ביין!... אן אומגעדולדיגע באוועגונג האב איך געמאכט... די זון האט עס באמערקט...

— און דו לעבסט?

— גרויס איז געווען זיין ליבשאפט צו מיר; מען האט מיך נאר פאר א לבנה געמאכט, א פראווינץ איבערגעגעבן...

— ביזט צופרידן געווען?

— א צייט... ביז די זון איז דורכגעפארן און די לבנה האט זיך ווייניג געבוקט...

— און?

— מען האט מיך דעגראדירט אויף א שטערן... א שטאט האב איך באקומען...

— און האסט רעגירט, ביז די לבנה איז געקומען...

— ריכטיג... דער מארך־ביין האט וואס אמאל זיך ווייניגער געבויגן... איך בין אריין אין דער מילך־שטראסע; צווישן מי־ליאנען קליינע שטערנדלעך—

— און?

— אלץ דער מארך־ביין!... מען האט מיך באקאנט געמאכט מיט'ן באמבוס און ארויסגעווארפן פון—הימל!

— און דיין פאטער, דער שטאלצער שלאס־הער?

— ער האט עס נישט אויסגעהאלטן, און האט מיר א גרויסע ירושה געלאזט; איך האב מיר געקאנט פאר זיך אליין א קליינעם הימל מאכן...

— האסט עס נ י ש ט געטאן?

— ניין, איך האב אן אנדער ליידנשאפט געהאט. איך האב געוואלט, וואס אלע, אייגנטלעך, ווילן: אנדערע זאלן ענלעך זיין צו מיר; מען זאל זיך אויפהערן בוקן.

— א געפערלעכע ליידנשאפט...

— איך האָב איינגעקויפט עסנוואַרג און קליידער, געעפנט די טויערן פון שלאָס און אויסגערופן אויפ׳ן לאַנד: ווער עס וויל, זאָל קומען נעמען, וואָס ער וויל... נאָר א באַדינג האָב איך געשטעלט: קיינער טאָר נישט דאַנקען. ווער עס וועט עס טאָן, וועט מוזן באַצאָלן...

— פיל האָבן געקאָנט?

— ווייניג. דאָך מיט דער צייט איז די צאָל פון נישט־דאַנקענדיגע געוואַקסן, גרעסער געוואָרן; נאָר מיט דער צייט האָט מען מיך — —

— אַרעסטירט?

— ניין; אין דול־הויז געשיקט...

— ריכטיג, אַלס פאַרשווענדער...

---

— אַז איך בין אַרויס פון דול־הויז, איז פון מיין ירושה קיין צייכן נישט געבליבן... פריינט און באַקאַנטע האָבן זיך באַמיט; שולדן האָבן זיך באַוויזן, דאָס אויפהאַלטן אין קעניגלעכן דול־הויז, איז געווען טייער...

„גיי אַרבעטן"—האָט מען מיר ביים אַרויסלאָזן געזאָגט...

— און דאָס איז, נאַטירלעך, דעם געוועזענעם מיניסטער נישט געפעלן.

— אימגעגענטייל, נאָך אַזוי פיל רוען האָב איך געבענקט נאָך אַרבעט... נאָר אויסבעטלען זי האָב איך נישט געקאָנט... בעטלען און בוקן זיך איז מיר שוין אוממעגלעך געוואָרן...

דער גאַסט שווייגט א ווײַלע און דער פּאַקיר פרעגט:

— ווילסט, איך זאָל דיך אויסלערנען?

— דאָס,—ענטפערט שטאָלץ דער גאַסט,—וועסטו נישט קאָנען; הונגער און דאָרשט האָבן עס נישט געקאָנט... נאָר דאָס לעבן איז שוין מיר איבערדריסיג...

— ווילסט איך זאָל דיך דערפון באַפרייען?...

— אָ, ניין! צו דעם דאַרף מען נישט דיין הילף... דאָס

ערשטע בעסטע וואסער, די ערשטע בעסטע צווייג... זיי וואָלט איך זאָגאר נישט געדאַרפט קיין מעשיות צו פאַרציילן...

— וואָס דען?

— איך גלויב, פאַקיר,—יעדער מענטש האָט זיין גלויבן, דאָס איז דער פאָדעם, מיט וועלכן די געטער בינדן אונז צו צום לעבן— איך גלויב, אַז עס וועט קומען אַמאָל א צייט פון גראַדע מענטשן, מיט האַרטע מאַרך־ביינער; פון מענטשן, וואָס וועלן נישט וועלן און נישט קאָנען זיך בויגן... איך וויל עס דערלעבן!

— אַזוי לאַנג לעבן ווילסטו?

— ניין... פאַר דעם שפּעטערן גליק, וואָלט איך אַזוי פיל נישט געצאָלט... שלאָפן וויל איך, איבערשלאָפן!...

דו קאָנסט עס! שלעף מיך איין, פאַקיר!...

---

דער פאַקיר שווייגט.

— ווילסט דיין וואָרט נישט האַלטן?—פרעגט דער נאַסס.

— נישט דאָס,—ענטפערט דער פאַקיר,—איך קלער נאָר, ווער דיך וועט וועקן? איך—נישט, מיינע קינדער און קינדס־קינדער— אויך נישט... ווער וועט דיך געדענקען?

— שרעק נישט... מיך וועט וועקן די צ י י ט; נ אָ ר שטיל וועט זי נ י ש ט קומען!

---

# משיחס צייטן

אזוי ווי אין אלע אידישע שטעט און שטעטלעך אין גאליציע, איז אויך געווען אין דער קהלה, וואו מיינע עלטערן האבן גע־וואוינט—א משוגענער.

ווי געוויינלעך, האט דער משוגענער פאר קיינעם נישט קיין מורא געהאט, נישט פאר׳ן קהל, נישט פאר׳ן רב און דיינים, אפילו נישט פאר דעם בעדער מיט׳ן קברות־איד, פאר וועלכע די גרעסטע גבירים שרעקן זיך. פאר דאס האט דאס גאנצע שטעטל, גאנץ קהל מיט דעם גאנצן כלי־קדש, מיט׳ן בעדער און מיט׳ן קברות־איד, געציטערט פאר דעם משוגענעם און פארמאכט פאר אים טיר און טויער. און אבוואל דער ארימער משוגענער האט אויף קיינעם נישט גערעדט קיין שלעכט ווארט, קיינעם נישט אנגערירט מיט׳ן מינד־סטען פינגער, און די גאסן־יונגען פלעגן אים נאכווארפן בלאטע און שטיינער.

איך האב תמיד רחמנות געהאט אויף דעם משוגענעם. עס האט מיך עפעס צו אים געצויגן, איך האב מיט אים געוואלט רעדן, אים טרייסטן, א גלעט טאן, נאר צוגיין צו אים איז געווען אומ־מעגלעך. איך וואלט באקומען א טייל פון דער בלאטע און די שטיינער, מיט וועלכע מען פלעגט אים באמבארדירן. איך בין געווען א יונג קינד, איך האב געטראגן א פיינעם אנצוג פון לעמ־בערג אדער פון קראקא; און האב מיר אפגעהיט מיינע פלייצעס פון שטיינער און מיין אנצוג פון בלאטע, און זיך געהאלטן פון ווייטנס.

דאס שטעטל, וואו מיינע עלטערן האבן געוואוינט און איך האב איבערגעלעבט מיינע קינדער־יארן אין אנצינע פון לעמבערגער און קראקאווער שניידערס, איז געווען א פעסטונג, ארומגעצוימט מיט

גריבער, וואסער, וואלן און הויכע מויערן, אויף די מויערן זיינען געשטאנען הארמאטן, און זעלנער מיט ביקסן האבן זיי געהיט, מארשירנדיג אויף און אפ ערנסט און שווייגנדיג. קוים איז נאר צוגעפאלן די נאכט, האט מען אויפגעהויבן די אייזערנע בריק איי־בער'ן וואסער, פארשלאסן אלע טויערן און אפגעריסן דאס שטעטל פון דער רעשט וועלט ביז אין דער פרי. ביי יעדן פארמאכטן טויער איז געשטאנען א וואך, באוואפנט פון קאפ ביז פיס.

ערשט נישט לאנג, בייטאג, זיינען מיר אלע פריי געווען, מען האט געמעגט גיין ארויס און אריין, נישט אנגעפרעגט צוערשט ביים פלאץ־מאיאר; מען האט זיך אויך געמעגט באדן אין טייך אונטער דער שטאט, אפילו זיך אויסציען אויף דער גרינער לאנקע ביים טייך און קוקן אין הימל אריין, אדער ווייט ערגעץ אין דער וועלט אריין, ווי איינער האט געוואלט. קיינער האט נישט פאר דעם קיין שלעכט ווארט גערעדט. איז אימיצער אפילו נישט צוריקגע־קומען, האט מען אויף אים נישט געפרעגט. נאר ביינאכט, האט מען געוואלט, זאל זיין שטיל אין שטעטל, מען זאל זיך נישט ארויס און נישט אריין דרייען. א „גליק", פלעג איך דעמאלט קלערן ביי מיר, „וואס מען לאזט אונז כאטש אריין די לבנה"...

און אזוי לאנג איך וועל לעבן, וועל איך נישט פארגעסן דעם „בין־השמשות", דאס צופאלן פון דער נאכט. צוזאמען מיט דעם אוונטלעכן שאטן פארשפרייט זיך א שוידער איבער דעם גאנצן שטעטל, מענטשן און הייזער ווערן פלוצלונג ווי איינגעהויקערטער. מען ציט די בריק, די אייזערנע קייטן רייבן זיך אן די אומגעהויערע בלאקן; דאס אייזערנע קראצן, די הארטע, אפגעריסענע טענער פארן דורך די ביינער. דערנאך פאלט־צו א טויער נאך א טויער. יעדן אוונט געשעעט דאס זעלבע, און דאך ציטערן יעדעס מאל די פיס אונטער דעם מענטש, א שטומפיגע מידקייט לייגט זיך אויף אלע פנים'ער, אלע אויגן לעשן זיך אויס ווי ביי טויטע, די ברעמען פאלן אראפ ווי בלייענע, דאס הארץ בלייבט שטיל און מען אטעמט קוים. דערנאך הויבט־אן דער פאטרול צו קורסירן אין די גאסן, עס קלאפן די נאכגעלאזטע שווערדן אן די גרויסע וואסער־שטיוול, די באגנעטן בלישטשען און מען שרייט: „ווער־דא?" אויף דעם

מוז מען ענטפערן: „א היימישער, אן אייגענער!” אז נישט, ווייס גאָט צו וואָס עס קאָן קומען. מאַנכע פּלעגן זיך שוין בעסער פאַר־מאַכן אונטער שלאָס און ריגל, זיי האָבן מורא, זיך אפילו ארויס־צואווייזן אויף דער גאַס...

---

איינמאָל האָט זיך געמאַכט א צופאַל: איך האָב מיך געבאָרגן אונטער דער שטאָט, איך האָב מיך פארקוקט, צי פארטראַכט, צי גלאַט אזוי פארגעסן, אז נאָך טאָג גייט נאַכט; פּלוצלונג זע איך, ווי מען הויבט די בריק; עס שניידט אין די אויערן, עס פאַלן צו די טויערן, עס קנאַקט און שלאָגט זיך אָפּ מיר אין הארץ. פאַר־פאַלן! איך מוז שוין בלייבן איבער נאַכט אונטער דער שטאָט... און א וואונדערלעכע זאַך: ליגנדיג אין דער היים, אין ווארעמען בעט, פלעגט זיך מיר נאַכט אויף נאַכט חלום'ען פון דער פרייער וועלט אויסער דער פעסטונג; און דאָס ערשטע מאָל, אז מיין חלום איז מקוים געוואָרן, איז מיך באַפאַלן א שרעק! עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואוסטער שטרייט צווישן קאָפּ און הארץ. דער קאָפּ האָט גערופן: רואיג, געניס אויך אמאָל די ריינע, פרייע לופט, דעם אויסגעשטערנטן פּ־ייען הימל. און דאָס הארץ האָט זיך געטאָן זיינס, געוואָרפן זיך און געצאַפּלט, צום ארויסשפּרינגען. דערנאָך האָט זיך מיר אויפגעהויבן ווי א דונסט, ווי א נעפּל פון שווערן הארץ און איז מיר געשטיגן אין קאָפּ אריין. דער פרייער געדאַנק איז געוואָרן טונקל און טונקעלער, און איז באַלד אונטער־געגאַנגען אונטער דעם וואָלקן. עס האָט מיר אָנגעהויבן צו קלינ־גען אין די אויערן און צו פינטלען אין די אויגן. מיט יעדן לייכטן גערויש, פון יעדן לייכטן שאָטן פון א צווייג, פון קלענסטן גרעזל, האָט זיך מיר אריינגעזאַפּט דורך די אויגן, ווי דורך די אויערן, א מין שווידער, א שרעק, וואָס האָט מיך געוואָרפן אויף דער ערד!

איך האָב באַהאַלטן דאָס פּנים אין זאַמד...

צי בין איך געשלאָפן צי ניין, און ווי לאַנג איך בין אזוי גע־לעגן—אסור אויב איך ווייס! נאָר פּלוצלונג האָב איך דערהערט,

אַז מען אָטעמט נאָענט לעבן מיר. איך שפּרינג אויף. איך בין נישט אַליין. צוויי גוט־באַקאַנטע, טיפע, שוואַרצע אויגן קוקן אויף מיר האַרציג און געטריי.

עס איז געווען דער משוגענער.

— וואָס טוסטו דאָ ?—פרעג איך מיט א דומפּיגער שטימע.

— איך שלאָף קיינמאָל נישט אין שטאָט !—ענטפערט ער מיר טרויעריג, און דער בליק זיינער איז אַזוי ווייך, די שטימע אַזוי ברי־דערלעך, אַז איך קום צו מיר אין גאַנצן און פאַרגעס מיין שרעק.

אַמאָל, דערמאָן איך מיך פּלוצלונג, פלעגט מען האַלטן משוגעים פאַר נביאים—אין די מאָרגנלענדער איז דאָס נאָך ביז היינט—און איך פרעג מיך : צי איז ער נישט ווירקלעך איינער פון זיי ? צי יאָגט מען אים נישט ווי א נביא ? צי וואַרפט מען אים נישט נאָך קיין שטיינער ווי א נביא ? צי לייכטן אים נישט די אויגן ווי די שטערן ? צי קלינגט נישט זיין שטימע ווי די פיינסטע האַרפע ? צי ליגט נישט אין אים דער שמערץ פאַר אַלע, דאָס ליידן פאַר׳ן גאַנצן דור ? אפשר ווייסט ער טאַקע אויך, וואָס שפּעטער וועט זיין ?...

איך פּרואוו און הויב־אָן צו פרעגן, און ער ענטפערט מיר אַזוי שטיל, אַזוי זיס, אַז עס דאַכט זיך מיר טיילמאָל, אַז עס איז נאָר א חלום, א זיסער חלום פון א זומער־נאַכט אויף יענער זייט פעסטונג.

— דו גלויבסט אין משיח׳ס צייטן ?—פרעג איך אים.

— נעווייס !—ענטפערט ער שטיל און זיכער. — משיח מוז קומען !

— ער מוז ? !

— גאַנץ זיכער ! אַלע וואַרטן אויף אים, אפילו הימל און ערד וואַרטן ! ווען נישט, וואָלט זיך קיינעם נישט געגלוסט צו לעבן, צו טאָן די האַנט אין קאַלט וואַסער... און, אויב מען לעבט און מען טוט, גלייך מען וויל לעבן, איז א סימן, אַז אַלע פילן, אַז משיח קומט, אַז ער מוז קומען, אַז ער איז שוין אין וועג...

— צי איז אמת, — פרעג איך ווייטער, — אַז פריער וועלן זיין שרעקלעכע מלחמות איבער פאַלשע משיח׳ן, די מענטשן וועלן זיך אַרומרייסן ווי ווילדע חיות, די ערד וועט אָנגעזאַפּט ווערן מיט בלוט ; טייכן בלוט וועלן פליסן פון מזרח קיין מערב און פון דרום

קיין צפון, אלע חיות, בהמות וועלן טרינקען מענטשן־בלוט ; אלע פעלדער, אלע גערטנער, אלע טראקטן און אלע וועגן וועלן פאר־גאסן ווערן מיט מענטשלעך בלוט... און אין מיטן דער צייט פון בלוטיגן מבול וועט זיך ערשט באווייזן דער אמת׳ער משיח, דער ר ע כ ט ע ר... איז דאס אמת?

— אמת!

— און מען וועט אים דערקענען?

— יעדער וועט אים דערקענען, עס וועט קיינער נישט האבן קיין טעות. ער וועט זיין משיח מיט יעדער מינע, מיט יעדן ווארט, מיט יעדן בליק. ער וועט נישט האבן קיין חיילות, ער וועט נישט רייטן אויף קיין פערד, און א שווערד וועט אים נישט הענגען אויף די לענדן...

— וואס דען?

— פליגל וועט ער האבן... משיח וועט האבן פליגל, און אלע וועלן דערנאך באקומען פליגל. עס וועט זיין אזוי : פלוצלונג וועט געבוירן ווערן א קינד מיט פליגל, דערנאך — א צווייטס, א דריטס און אזוי וועט עס שוין גיין כסדר... פריער וועלן זיך די מענטשן דערשרעקן, דערנאך וועט מען זיך צוגעוואוינען, ביז עס וועט ארויסקומען א גאנץ דור מיט פליגל ; א דור, וואס וועט זיך נישט מער וועלן וואלגערן אין דער בלאטע, און וועט זיך נישט מער רייסן איבער א פרנסה־ווערימל...

לאנג נאך האט ער אזוי גערעדט, נאר איך האב אים אויפגע־הערט צו פארשטיין. זיין שטימע איז דאך געווען אזוי אומעטיג־זיס, אז איך האב זי איינגעזאפט אין מיר ווי א שוואם. אז ער האט אויפגעהערט צו רעדן, האט שוין געטאגט, מען האט שוין די טויע־רען געעפנט און די בריק אראפגעלאזט...

זייט יענער נאכט אויסער דער פעסטונג איז מיר דאס לעבן אין איר נאך שווערער, נאך אומדערטרעגלעכער געווארן. די אלטע מויערן, די קראנצנדיגע אויפגעצויגענע בריק, די אייזערנע טויערן, די וואכטן און פאטרולן, דער הייזעריג־צארנדיגער : „ווער־דא?", דער אונטערטעניג־פאלשער : „א היימישער, אן איינענער!", דאס אייביגע ציטערן פון די ליימיגע פנימ׳ער, די איבערגעשראקענע

האַלב־פאַרלאָשענע אויגן, דער מאַרק מיט די פאַרבלאָנקעטע, ציטער־ריג־פוילע שאָטנס,—דאָס אַלץ האָט זיך מיר געלייגט ווי אַ בליי אויף דער נשמה, נישט אָפּצואָטעמען, נישט פריי צו ווערן... עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ האַרץ־ווייטאָג, עס האָט מיך דורכגענומען אַ שרעקלעכע בענקשאַפט. און איך האָב באַשלאָסן, משיח׳ן אַנט־קעגן צו פאָרן...

---

איך זעץ מיך אויף דעם ערשטן בעסטן וואָגן. דער באַלעגאָלע דרייט זיך צו מיר איבער און פרעגט:

— וואוהין?

— וואו דו ווילסט!—ענטפער איך.—נאָר אַוועק, ווייט, ווייט פון דאַנען!

— אויף ווי לאַנג?

— ווי לאַנג דאָס פערד וועט אויסהאַלטן!...

דער באַלעגאָלע נעמט די לייצן אין האַנט און מיר פאָרן.

מיר פאָרן אַלץ ווייטער און ווייטער. אַנדערע פעלדער, אַנדערע וועלדער, אַנדערע דערפער, אַנדערע שטעט, אַלצדינג אַנדערש; עס איז נאָר אַנדערש פון אויבן, דער תוך איז שטענדיג דער זעלביגער. אַז איך האָב מיך גוט איינגעקוקט, איז איבעראַל און אויף אַלעם געלעגן די זעלבע מרה־שחורה, יעדער מענטשן־בליק איז געווען ציטערדיג־פאַלש, יעדער טאָן—איבערגעבראָכן און שטאָלפּעריג... אויף אַלעם איז געלעגן אַ טרויעריגער נעפּל, וואָס האָט פאַרשטעלט יעדן שיין און האָט געלאָשן יעדע פרייד. אַלעם איז געווען צוזאַ־מענגעדריקט און פאַרשטיקט. און איך שריי אַלץ אין איינעם: „ווייטער!”... איך הענג אָבער אָפּ פון באַלעגאָלע און דער באַלע־גאָלע פון פערד... דאָס פערד וויל עסן, און מיר מוזן זיך אָפּ־שטעלן.

איך קום אין אַ קרעטשמע אַריין. עס איז אַ גרויסע שטוב, אי־בערגעטיילט אין דער העלפט מיט אַן אַלטער פאָרהאַנג, וואָס גייט פון איין וואַנט צו דער צווייטער, אין ד ע ר זייט פאָרהאַנג זיצ׳

דריי מענער ביי א גרויסן טיש. זיי באמערקן מיך נישט, און איך האָב צייט, זיי צו באטראכטן. עס זיינען דריי דורות. דער עלטסטער איז גרוי ווי א טויב, דאָך זיצט ער גלייך און קוקט מיט שאַרפע אויגן, אָן ברילן, אין א גרויס ספר, וואָס ליגט פאַר אים אויפ'ן טיש. דאָס אַלטע פּנים איז ערנסט, די אַלטע אויגן קוקן זיכער, און דער אַלטער מענטש מיט דעם ספר גיסן זיך צוזאמען דורך דער ווייסער באָרד, וואָס האָט זיך צעלייגט מיט אירע זילבערנע עקן אויף די בלעטער פון'ם ספר.—לעבן אים רעכטס זיצט א אינגערער, געווים א זון זיינער: דאָס זעלבע געזיכט, נאָך אינגער, רירעווודיגער, נערוועזער, סעקונדנווייז מידער און צעגאָסענער. ער קוקט אויך אין ספר אריין, נאָר ער קוקט שוין אויף א בריל. דאָס ספר איז קלענער און ער האַלט עס נענטער צו די אויגן, אָנגעשפּאַרט אויפ'ן ראַנד פון'ם טיש. ער איז אין די מיטעלע יאָרן; באָרד און פּאות—האַלב זילבערנע. ער שאָקלט זיך אהין און צוריק. זיין גוף, דאכט זיך, וויל זיך יעדעס מאָל אָפּרייסן פון'ם ספר, נאָר דאָס ספר ציט אים צו זיך צוריק. ער שאָקלט זיך און די ליפּן ציטערן שטיל. אמאָל קוקן די אויגן אהין צום אַלטן; יענער דאָך באמערקט עס נישט. — לינקס פונם אַלטן זיצט דער אינגסטער, דאכט זיך—אַן אייניקל פונם אַלטן. א יונגער מאַן מיט שוואַרץ־גלאַנצנדיגע האָר און א ברענענדיג־צעוואָרפענעם בליק. ער קוקט אויך אין ספר אריין, נאָר דאָס ספר איז קליין און ער האַלט עס נאָענט צו די לעבעדיגע אויגן. גאַנץ אָפט רוקט ער עס אוועק פון זיך, וואַרפט א בליק, אויסגעמישט פון שרעק און דרך־ארץ אויפ'ן אַלטן, קוקט אריבער צום פאָטער מיט א האַלב־איראָנישן שמייכל און בויגט זיך איבער צו הערן, וואָס עס טוט זיך אין יענער זייט פאָרהאַנג. און פון יענער זייט הערט זיך קרעכצן, גלייך אימיצער גייט דאָרט צו קינד...

איך וויל הוסטן, מען זאָל מיך באמערקן. אין דער זעלבער סעקונדע פאַרבויגט זיך א שטיק פאָרהאַנג און עס באווייזן זיך צוויי פרויען. איינע אַן אַלטע מיט א שאַרף ביינערדיג פּנים און שאַרפע אויגן, די צווייטע א אינגערע פרוי אין די מיטעלע יאָרן, מיט א ווייכן אָפּגעשמאָלצן פּנים און א נישט־זיכערן בליק. זיי שטייען,

קוקן צו די מענער און ווארטן, מען זאָל זיי פרעגן. דער עלטסטער באַמערקט זיי נישט. זיין נשמה האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער נשמה פונם ספר. דער מיטעלער באַמערקט די פרויען און קלערט, ווי אַזוי דעם פאָטער צו וועקן; דער אינגסטער שפרינגט דערווייל אויף...

— מאַמע! באַבע! נו?...

זיין פאָטער שטעלט זיך אויף אומרואיג, דער זיידע רוקט נאָר אביסל אַוועק דעם ספר און הויבט אויף די אויגן צו די פרויען.

— וואָס טוט זי?—פרעגט ווייטער דער אינגסטער מיט א ציטערדיגער שטימע.

— איבערגעקומען!—ענטפערט די אַלטע רואיג.

— איבערגעקומען? איבערגעקומען? — שטאַמלט דער יונגער.

— זאָגסט נישט, מאַמע, „מזל־טוב"?—פרעגט דער מיטעלער.

דער אַלטער קלערט איבער און פרעגט:

— וואָס איז געשען? און ווען אפילו א מיידל...

— ניין!—ענטפערט ערשט אצינד די אַלטע—אפילו א אינגל...

— א טויטס?

— ניין, עס לעבט! — ענטפערט די אַלטע. אין דעם קול קלינגט דאָך נישט קיין פרייד.

— א קריפּל? א קאַליקע?

— צייכן האָט ער! אויף ביידע אַקסל...

— וואָס פאַר א צייכן?

— פון פליגל...

— פון פליגל?

— יאָ, פון פליגל, און זיי וואַקסן...

— דער אַלטער בלייבט זיצן פאַרזאָרגט, דער מיטעלער—פאַרוואונדערט, דער אינגסטער נאָר שפרינגט־אונטער פאַר פרייד.

— וואויל, וואויל! זאָלן זיי וואַקסן, זאָל פון זיי ווערן עכטע פליגל, גרויסע, שטאַרקע פליגל, וואויל, וואויל!

— וואָס איז די שמחה?—פרעגט דער מיטעלער.

— א שרעקלעכע קאַליקע!—זיפצט דער אַלטער.

— פאַרוואָס?—פרעגט דאָס אייניקל.

— פליגל—ענטפערט דער אלטער שטרענג—הויבן אין דער הויך... מיט פליגל קאָן מען זיך נישט דערהאַלטן אויף דער ערד.

— א וויכטיגע זאך!—מאַכט דאָס איינִיקל טראַציג—איז מען פּטור דאָס מושב, וואַלגערט מען זיך נישט אין דער בלאָטע, לעבט מען אין דער הויך... צי איז דען דער הימל נישט שענער פון דער ערד?

דער אלטער ווערט בלאַס, און דער מיטעלער נעמט דאָס וואָרט:

— נאַריש קינד! פון וואָס קאָן מען לעבן אין דער הויך? לופט שלינגען איז ווייניג... אין דער הויך איז נישטאָ צו דינגען קיין קרעטשמע, אין דער הויך קאָן מען נישט איבערנעמען קיין „פּאַדריאַד"... אין דער הויך האָט מען אפילו נישט ביי וועמען א האָזן־פּעלעכל צו קויפן... אין דער הויך...

דער אלטער שלאָגט אים איבער:

— אין דער הויך—זאָגט ער פעסט און האַרט ווי אייזן—איז נישטאָ קיין שול, קיין בית־המדרש, קיין קלויז צום דאַווענען, צום לערנען; אין דער הויך איז נישטאָ קיין שטעג, אויסגעטראָטן פון קדמונים! אין דער הויך בלאָנקעט מען זיך, בלאָנדזשעט מען, ווייל מען ווייסט נישט דעם וועג... מען איז טאַקע א פרייער פויגל, נאָר ווי דעם פרייען פויגל, אז עם באַפאַלט אים א ספק, א מרה־שחורה!

— ווי הייסט?—שפּרינגט אויף דער אינגסטער מיט הייס בלוט און ברענענדיגע אויגן.

ליידער קומט ער נישט צום וואָרט, די באָבע האַקט איבער:

— נאַרישע מאַנסבילן!—מאַכט זי,—וועגן וואָס זיי קלערן... און דער רב? צי וועט אים דער רב לאָזן מל'ע זיין? צי וועט ער לאָזן א ברכה מאַכן איבער א קינד מיט פליגל?...

---

איך גיב מיך א כאַפּ אויף. מיין איבערנעכטיגן אויסער דער שטאָט, די נסיעה און דאָס קינד מיט די פליגל זיינען נאָר א חלום געווען.—

# פיר דורות—פיר צואות

.1

אז ר׳ אליעזר־חייקיל׳ם איז נפטר געוואָרן, האָט מען אונטער׳ן קישן געפונען אזא קוויטל:

„מיין רצון איז, אז די קינדער זאָלן בלייבן ביים וואלד בשותפות״.

„נאָך מיין פּטירה זאָלן זיי לאָזן מאכן א צוים צום בית־עלמין, און פאררעכטן דעם דאך פון שול״.

„די ספרים זאָל נעמען בני בנימין החתן שיחיה; די זין מיט די איידימס האָבן געקראָגן ספרים צו דער חתונה״.

„זוגתי תחיה, זאָל בלייבן אין דער דירה באַזונדער; זאָל זי זיך צונעמען אן אָרימע יתומה — זי זאָל נישט זיין אליין. זי זאָל זיך אליין מאכן קדוש און הבדלה״.

„א חלק זאָל זי האָבן גלייך מיט אלע יורשים״.

„א חוץ דעם...״

מער האָט מען נישט געקאָנט לעזן; דאָס קוויטל איז א פּנים פייכטערהייט געלייגט געוואָרן אונטער׳ן קישן, און די אותיות האָבן זיך אָפּגעמעקט.

---

.2

ר׳ בנימין, ר׳ אליעזר חייקיל׳ס זון, האָט שוין מער געשריבן:

„היות, עס איז געקומען די צייט, און איך וועל בקרוב זוכה זיין אָפּצוגעבן דעם פּדיון ד ע ם, וואָס אלע פּקדונות זיינען זיין״.

„און א מענטש שרעקט זיך פאר זיין ליבן נאָמען און פאר זיין משפט, נאָר גיין גיי איך פון דער וועלט אָן אומעט, חלילה, נאָר מיט גרויס בטחון אין אל רחום וחנון, אז ער וועט מיט מיר טאָן לפנים משורת הדין, און לויט זיין גרויס רחמנות".

„און איך ווייס, אז דאָס פּקדון איז איבער דער צייט ביי מיר פאַרפלעקט געוואָרן, קאַליע געוואָרן..."

מיר היפּערן איבער דעם חשבון־הנפש און דעם מוסר פאר די קינדער, און לייענען ווייטער:

„און די פּיס ווערן מיר אָפּגעהילט, און דער מוח ווערט, וואָס א מאָל מער, מבולבל, און נעבכטן האָט זיך מיר געטראָפן א וואונדערלעכע זאַך, אז בשעת'ן לערנען בין איך איינגעדרימלט געוואָרן, און עס האָט זיך מיר עפּעס גע'חלומ'ט, און דאָס ספר איז מיר ארויסגעפאַלן פון דער האַנט, און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, און האָב תיכף פאַרשטאַנען, אז עס איז נישט פראָסט, אז מען רופט..."

„און דאָס, וואָס איז באמת מ י י ן געוועזן אויף ד ע ר וועלט, דאָס לאָז איך נאָר איבער אויף א צייט; דאָס וועט מיר נאָכקומען איבער הונדערט יאָר; מיט דעם וועל איך זיך זוכה זיין צו זען בזיו השכינה הקדושה—אָמן, כן יהי רצון!".

„און וואָס עס וועט מיר נישט נאָכקומען, דאָס איז קיינמאָל נישט מיין געוועזן, און א י י ן גאָט ווייסט, אז איך לאָז עס איבער אָן א שום עגמת־נפש".

„און אויף מיין עשירות, לאָז איך קיין צוואה נישט איבער; איך בין בטוח, אז בני ביתי שיחיו, אָדער זיי וועלן לעבן בשלום ושלוה צוזאַמען, אָדער זיי וועלן זיך צעטיילן על פּי דין ועל פּי יושר, און איינער פאר'ן אנדערן וועט, חס ושלום, נישט מעלים זיין".

„און איך פאַרלאַנג, אז בני ביתי, היינו: אשתי תחי' ובני וחתני שחיו, זאָלן מפריש זיין צוויי מאָל מעשר. היינו: תיכף נאָך מיין פּטירה זאָלן זיי מאַכן א חשבון צדק פון דער נחלה און מטלטלים וכלי בית, און אזוי כלים, און אַלע שטרות, און חובות בעל פּה וכו' און זאָלן אראָפּנעמען מעשר ראשון על חשבוני לתקון נשמתי, און צעטיילן אָרימע לייט".

„דערנאָך זאָלן זיי פון דער רעשט, דאָס הייסט—שוין פון דער־

ירושה, געבן מעשר שני פאר זיך, אזוי ווי מיין מנהג איז געווען צו געבן מעשר פון ריוח, גם כן—פאר אָרימע לייט".

„און צו יעדן פוןביידע בשורות זאָלן זיי מוסיף זיין א שליש למאה; טאָמער האָבן זיי זיך טועה געווען אין חשבון".

„און די ביידע מעשרות זאָלן זיי געבן צדקה פאַר פ ר ע מ ־ ד ע אָרימע לייט כנ"ל, און נישט פאַר קרובים".

„פאַר אָרימע קרובים וועלן זיי אַליין וויסן וויפיל צו געבן, אָבער נישט פון דער צדקה, ווייל פון צדקה דאַרף מען נישט נהנה זיין, און אַז מען גיט נאָענטע קרובים, איז גלייך, ווי מען וואָלט געגעבן ז י ך".

„און אויף מיין מצבה זאָל מען מער נישט אויסקריצן, נאָר דעם נאָמען ושם אבא ז"ל ויום הפטירה, און נישט מער".

„און איך בעט זייער מיינע זין מיט די איידעמס, זיי זאָלן זיך נישט איינגאַנצן אריינטאָן אינ'ם הבל, נישט וועלן זיין ד ו ק א גרויסע סוחרים, ווייל וואָס גרעסער דער סוחר, איז קלענער דער איד. און זיי זאָלן זיך נישט זוכן קיין געשעפטן פון דער זייט, און נישט פאַרשפּרייטן דאָס ביסל געלט אויף אַרבע רוחות העולם, ווייל וואו גאָט וויל, דאָרט העלפט ער, און די ברכה קאָן אריינקומען אין קליינע ווי אין גרויסע מסחרים".

„דער עיקר, באַשווער איך דעריבער בני יקירי מהור"ר יחיאל, ווייל איך האָב געזען, אַז ער האָט גרוים תאוה צו גביר'ישקייט וד"ל".

„און איך בעט זייער, אַז מיינע קינדער זאָלן האַלטן דעם מנהג און אָפּטיילן יעדעס יאָר פאַר ראש־השנה פונ'ם גאַנצן ריוח מעשר פאַר אָרימע לייט. און אַז עס וועט אַמאָל, חס ושלום, קיין ריוח נישט זיין, און אַז עס וועט אַמאָל זיין, חס ושלום, אפילו היזק, זאָלן זיי אויך טיילן צדקה, ווייל עס וועט אודאי זיין א נסיון פון זיין ליבן נאָמען".—

„דער עיקר, בעט איך זייער, זיי זאָלן לערנען טאָג־ביי־טאָג, לכל הפחות, א בלאַט גמרא, און על כל פנים, אַן עמוד ראשית־חכמה".

„פאָרן זאָלן זיי כאָטש איינמאָל אין יאָר".

„די נשים זאָלן לייענען „קב־הישר" אויף עברי־טייטש א חוץ „צאינה־וראינה" שבת און יום־טוב".

„און אינ'ם טאָג פון דער יאָרצייט, זאָל מען עוסק זיין בתורה א גאנצן טאָג, די נשים זאָלן געבן צדקה; דער עיקר—מתן בסתר".

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

.3

אז מאָריץ בענדיטזאָן (בנימין'ס א זון) איז געשטאָרבן, האָט מען געפונען א צעטל אויף פויליש:

„מען זאָל שיקן א טעלעגראַמע קיין פאַריז, און וואַרטן מיט דער קבורה, ביז דער זון וועט קומען".

„צען טויזנט גיב איך א קרן־קימת אין „דאָזאָר" אריין; דאָס פראָצענט זאָל מען צעטיילן יעדע יאָרצייט אָרימע לייט".

„צען טויזנט לאָז איך אויף א בעט אין נייעם שפּיטאָל, מיט דעם תנאי: דאָס בעט זאָל אָנגערופן ווערן אויף מיין נאָמען".

„בשעת לויה זאָל מען טיילן צדקה".

„מען זאָל שיקן נדבות אין אַלע תלמוד־תורות אריין; די מלמדים מיט די קינדער זאָלן גיין נאָך דער לויה".

„מען זאָל דינגען א דיין, אָדער אזוי א למדן, ער זאָל זאָגן נאָך מיר קדיש".

„די מצבה לויט דעם מאָדעל, וואָס איך לאָז איבער, זאָל מען באַשטעלן אין אויסלאַנד".

„מען זאָל איבערלאָזן אין דאָזאָר־שטוב א געוויסע סומע געלט, דער דאָזאָר זאָל נעמען אויף זיך אויפצוהאַלטן דעם קבר מיט דער מצבה".

„דאָס געשעפט זאָל הייסן: מאָריץ בענדיטזאָן—זיין זון".

„און וואָס עס באַטרעפט"...

---

מיר לאָזן איבער די רשימה פון פאַרמעגן און דעם חשבון פון די חובות צום אָפּנעמען, ווי אויך די עצות טובות, ווי אזוי דאָס געשעפט ווייטער צו פירן.

„איך, „מאַריץ בענדיטזאַהן—זון", גיי אַוועק פון דער וועלט
נישט פאַר נחת, נישט פון עגמת נפש, נאָר פון לערקייט".

„א גרויסער חכם איז געווען אַריסטאָטעל; די נאַטור האָט פיינט לערקייט".

„א שרעקלעכע מאַשין איז די וועלט. יעדעס רעדל האָט זיין באַזונדערע אַרבעט, זיין באַזונדערן צוועק. ווערט א רעדל פאַרדאָרבן, אָדער עס האָט אָפּגעאַרבעט זיינס פאַר דער צייט, גייט עס אַליין אַרויס פון דער מאַשין, גייט עס אַריבער פון גאָר אין גאָרנישט..."

„איך קאָן לענגער נישט לעבן, ווייל איך האָב דאָ נישט וואָס צו טאָן, איך טויג צו גאָר נישט, ווייל איך האָב מיינס אָפּגעלעבט. איך האָב אויסגעטרונקען דעם גאַנצן נחת, וואָס מיר איז באַשערט געווען, אויפגעגעסן און אויסגעקושט אַלץ, וואָס איך האָב געדאַרפט".

„מען האָט מיך א סך געלערנט, נאָר לעבן און נישט איינשלינגען דאָס לעבן האָט מען מיך נישט געלערנט".

„איך האָב קיין זאַך נישט אויף דער וועלט, וואָס זאָל מיך איינהאַלטן, צובינדן צו איר... עס האָט מיר קיין זאַך נישט געפעלט, עס זאָל האָבן ביי מיר א ווערט. איך האָב אַלץ גענומען אָן זאָרג, אָן עגמת נפש, אָן אַרבעט,—ווי פון א הפקר גענומען..."

„אַזוי זאַכן, אַזוי מענטשן; אַזוי מענער, אַזוי פרויען..."

„אַלע האָבן מיר צוגעשמייכלט, און איך האָב קיין איינציגן פריינט נישט געהאַט; אַלע האָבן מיך גערן געקושט, און איך האָב קיין איינציגע נישט גערדאַרפט..."

„א פאַרמעגן האָב איך גע'ירש'נט, און עס האָט געוואַקסן און געמערט זיך אָן מיר, אָן מיין ווילן".

„עס האָט געוואַקסן ביז עס האָט מיך איבערגעוואַקסן".

„אָפּט האָט געוויינט אין מיר דאָס האַרץ: זאָל מיר עפּעס פעלן, זאָל איך עפּעס מוזן טאָן; און דאָקטוירים האָבן מיר פאַרשריבן: שפּאַצירן, שפּילערייען, ספּאָרט... נישט קיין לעבן, נאָר א סוראָגאַט פון לעבן, א געפּעלשט לעבן, געפּעלשטע אַרבעט"...

„און לענדער א סך האָב איך געזען, און קיין איינציג איז נישט מ י י ן געווען; א סך ערטער האָב איך באַוואונדערט, און האָב קיין איינציג אָרט נישט געליבט...״

„און א סך שפּראַכן האָב איך געלויפיג גערעדט, נאָר איך האָב קיין איינציגע נישט געפילט—איך האָב מיט די ווערטער, ווי מיט באַלן, געשפּילט״.

„פעלקער און שפּראַכן האָב איך ווי האַנדשו געטוישט...״

„די גאַנצע וועלט איז געווען מיין, נאָר איך בין צו קליין גע־ווען, איך זאָל זי צוהאַלטן; צו קורצע הענט געהאַט, איך זאָל זי אַרומנעמען; קיין וועלט באַהערשן האָב איך נישט געקאָנט...״

„און וואָס איך וואָלט געקאָנט באַהערשן, דאָס האָב איך שוין גרייט געפונען, דאָס האָט מען מיר שוין איבערגעלאָזט...״

„אַלץ איז פאַר מיינעט וועגן געטאָן געוואָרן, אַלץ האָט מען מיר אָפּגעקויפט; אויב עס איז נאָך עפּעס געבליבן, האָט עס דאָס פאַרמעגן געמאַכט״.

„אַלץ—דער שמייכל אויפ׳ן פריינט׳ס פּנים, דער קוש פון רויטע ליפּן... דער קדיש נאָכ׳ן טאַטן... העכסטנס האָב איך נאָך עפּעס אויסגעצאָלט; נאָר געבן, שענקען, דאָס האָט מען מיך נישט גע־לערנט...״

„און דאָס קליינע איז מיר געוואָרן צו קליין, און דאָס גרויסע—צו גרויס,—און נאָך וואָס צו לעבן איז נישט געווען...״

„איך שטאַרב, ווייל איך בין אן עקר, אַזוי מיט׳ן גוף, אַזוי מיט דער נשמה; איך האָב אין מיר גאָר נישט, וואָס זאָל לעבן און לעבעדיג מאַכן... איך לעב שוין לאַנג נישט; איך האָב שוין לאַנג קיין הנאה נישט פון לעבן; אַצינד איז עס מיר נאָך נמאס געוואָרן״.

„מען האָט זיך מיט מיר אויפגעפירט, ווי א פּויער—מיט א חזיר; מען האָט מיך געשטאָפּט... נאָר דער פּויער, אז דאָס חזיר ווערט געזנוג פעט, קוילעט ער עס; מיך הייסט מען, איך זאָל מיך אַליין קוילען; און איך האָב די העזה נישט, נישט צו פאָלגן...״

„דער אַרסעניק שטייט אויפ׳ן טיש; דער לעצטער געטראַנק,

וואָס וועט מיך אָנ׳שכור׳ן, און איך וועל מיך שוין נישט אויס־ניכטערן...״

„זאָל איך עפּעס אָנזאָגן וועגן מיין פּאַרמעגן? נאָך וואָס? דאָס איז מיין אומגליק געווען...״

„האָב איך נישט אימיצן צו דאַנקען?״

„ניין—איך האָב אַלע פּאַר אַלעם באַצאָלט...״

„פּאַר׳ן לעצטן געטראַנק אויך״.

---

# דריי מאָל גערופן

איבערגעזעצט פון א גאָר אַלטן, נישט געענדיגטן כתב־יד

1.

איך בין דעמאָלט געשטאַנען אין פעלד, ווייט פון באַנדאַד, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און מיין פאָטער׳ס הויז איז גע־שטאַנען.

איך זע זי דאָך, די שטאָט, פון ווייטן... אירע טויזנטער ליכטלעך שניידן זיך דורך דעם שווערן, פייכטן נעפּל דורך און קוקן אויך מיר ווי טויזנטער אויגן, פול באַרעמהערציגקייט און זאָרג.

טרויעריג שווימט אויך איבער מיין קאָפּ די לבנה...

זי האָט מיטלייד מיט מיר, אויפ׳ן קליינעם, שוואַכן אינגל, וואָס האָט זיך פאַרבלאָנקעט אזוי ווייט פון דער היים און שטייט איינער אליין אין פרייען פעלד...

אַנדערש קוקן די שטערנדלעך! מיט מיליאַרדן פינקלדיגע אויגן שמייכלט צו מיר דער הימל אַראָפּ. ער ווייסט, אז איך בין נישט פאַראירט נישט פון דער שטאָט, נישט פון טאַטנ׳ס הויז; אז איך וויים, וואו איך בין, וואוהין איך גיי און וואָס איך מוז טאָן!

און געמלעך: איך מוז אַרויף אויפ׳ן שפּיץ טורעם, די ריינע וואָרהייט מוז איך ווימן!

אזוי האָט מען מיך געהייסן!

---

יואונדערלעכע געשיכטעם דערציילט מען וועגן דעם טורעם:

מעשיות—איינע שענער פאר דער צווייטער.

דאָ—זאָגן טייל—איז אַמאָל א שטאָט און א פעסטונג געשטאַנען; א שטאָט א גרויסע, א גרעסערע אַלס באַגדאַד; און א פעסטונג, וואָס האָט געוואָרפן א דיקן, שווערן שאָטן פון אירע מויערן איבער שטעט און לענדער... דער טורעם איז געשטאַנען אין דער מיט פעסטונג, און ארום שפיץ טורעם איז געווען א באַלקאָן, אויף וועלכן עס איז ארומגעגאַנגען א וואַך.

איינמאָל האָט זיך א פיינט צוגעשליכט צו דער פעסטונג, און דער וועכטער איז געשלאָפן און האָט נישט באַמערקט, קיין סיגנאַל נישט געגעבן, דאָס פאָלק נישט געוועקט; דער פיינט האָט געשטורעמט די מויער, אריין אין שטאָט, אויסגעקוילעט דאָס פאָלק, פארברענט די שטאָט און איינגעוואָרפן די פעסטונג... איין טורעם איז געבליבן... און נאכט אויף נאכט שטייט דער וועכטער פון קבר אויף, גייט אויפ'ן באַלקאָן פון טורעם ארויף,—גייט אויף דער וואכט, ביז ער שלאָפט איין... ווויי־געשרייען וועקן אים, ער עפנט די אויגן און זעט, ווי מען קוילעט זיינע ברידער; ער וואַרפט זיך פון טורעם אראָפּ.—דאָס איז זיין אייביגע שטראָף.

און אנדערע זאָגן: עס איז א טורעם פאר שטערנזעער געווען; פאר אַזוינע כשוף־מאַכער, וואָס האָבן מיט אָפענע אויגן געקוקט אין הימל אריין און געזען וואָס יעדן איז באַשערט; ווען עמעס מזל עס צעפלאַקערט זיך און ווען עמעס שטערן לעשט זיך און פאַלט, און יעדן געוואָרנט אָדער בשורות אָנגעזאָגט—פאר קליין געלט; גוטע מענטשן געווען...

און ווער עס האָט געהערט, געגלויבט, און, אויב א שלעכטע בשורה—תשובה געטאָן, איז גוט! אָדער ער איז געשטאָרבן א בעל־תשובה און געפונען אָפן פאר זיך די טויערן פון גן־עדן, אָדער ער האָט פיל געוויינט און געבעטן, ביז מען האָט אים פראַלאָנגירט אויף א צייט... האָט אָבער ווער נישט געגלויבט,—זענט איר אים זיכער נישט מקנא...

איינמאָל האָבן די מכשפים געשיקט א שליח מיוחד מודיע זיין דעם כליף, אז זיין צייט איז געקומען, אז מען רופט אים אויף יענער וועלט... זיי האָבן זיין ליכטיגן שטערן אין הימל אונטערגיין

געזען און מורא געהאַט, ער זאָל נישט גיין פון דער וועלט אָן א צוואה, ווענען פון זיינע זין ער גיט איבער זיין קרוין... און וועלכע ברידער זאָלן ווערן געטויט... די טויזנט זין פון עטלעכע הונדערט ווייבער זאָלן נישט צערייסן דאָס לאַנד, ווי אַן אַלטן מאַנטל...

דער פרומער כליף האָט געגלויבט. דריי טעג און דריי נעכט האָט ער געפאַסט, אָפּגערייניקט די נשמה פון זינד, צעטיילט דאָס לאַנד צווישן אַלע פרומע קינדער, און נאָר די נישט פרומע אין וואַסער אריינגעוואָרפן. און גרייט צו גיין אין זיין רו אריין, האָט ער געוואָלט מיטנעמען די כשוף־מאַכער; אָן זיי וויל ער זיך אין גן־עדן נישט ווייזן; אָן זיי וועט ער דאָרט נישט קאָנען קיין מויל עפענען. ער קאָן זיך בלאָמירן מיט וואָס עס איז פאַר א נישט פּאַסנדיג וואָרט. האָט ער זיי רויטע זיידענע שטריקלעך געשיקט.

נאָכ׳ן טויט האָט מען דעם כליף געקרוינט מיט׳ן נאָמען: „חכם". און אזוי רופט מען אים אין אַלע געשיכטע־ביכער ביז׳ן היינטיגן טאָג. אָבער דער טורעם פאַר שטערנזעער איז פון דעמאָלט אָן גע־בליבן—לער!

די שטערנזעער האָט מען נ י ש ט געקווילעט; זיי זיינען, באַקומענדיג די שטריקלעך, אַנטלאָפן אין סטעפּ אריין; און מענ־טשען און כליפ׳ן לעבן, נישט וויסנדיג, וואָס מאָרגן וועט זיין... זעלטן אימיצער זאָל תשובה טאָן פאַר׳ן טויט; אַז קיינער וואָרנט נישט!

אָבער נאָך אנדערע זאָגן, אַז דאָס, וואָס אויבן איז געשטאַנען, איז „נישט געשטויגן, נישט געפלויגן". דעם אמת וויסן ז י י...

דאָ—וויסן זיי—ליגט נמרוד באַגראָבן! דער גרויסער יעגער נמרוד, פון וועלכן מען רעדט אין בראשית; פאַר וועלכן א וועלט האָט געציטערט!

אַז ער האָט דערפילט, אַז עס גייט זיין עק, האָט ער זיך איינ־געשפאַרט, ער מוז שטאַרבן שטייענדיג אויף די פיס! און אזוי שוין בלייבן שטיין! כאַפּט ער אויפ׳ן קאָפּט ארויף א שטיינער־נעם טורעם ווי א קיווער, און א הויכן, מען זאָל אים אין הימל דערזען, מען זאָל זען, ווי נמרוד שטאַרבט שטייענדיג, און בויגט זיך נישט, און פאַלט קיינעם נישט צו די פיס!

און דער טורעם, וואָס האָט איינגעשלאָסן אין זיך נמרוד׳ס לייב, זינקט—טאָג און נאַכט זינקט ער, שוין טויזנטער יאָר, און איז נאָך נישט איינגעזונקען...

אָבער מיידלעך און ווייבלעך יונגע דערציילן פון טורעם גאָר א שיינע מעשה... א בת־מלכה שלאָפט אין טורעם... א גאָלדענע שטוב איז דאָרט פאַראַן, א גאָלדן בעט שטייט אין שטוב, און א גאָלדענע בת־מלכה שלאָפט אין גאָלדענעם בעט.

א כשוף האָט מען איר אָנגעטאָן, געשטראָפט האָט מען זי, ווייל זי האָט קיין אַלטן מאַן נישט געוואָלט, די קעניגלעכע טאַטע־מאַמע נישט געפאָלגט, נישט געוואָלט... פון ליבע געטרוימט!

און שלאָפן וועט זי אַזוי לאַנג, ביז איר אויסלייזער וועט קומען! און איר אויסלייזער וועט זיין א פרישער, אומשולדיגער יונגער מאַן, מיט אויגן ווי שטערן, קראַפט פון א ריז, און אומשולדיג, ווי א לעמעלע...

ער וועט אַרויפגיין, וועט זי דערזען און צורירן זיך צו אירע ליפּן אַזוי אומשולדיג, ווי א ברודער קושט זיין איינענע שוועסטער...

פון דעם ריינעם קוש וועט זי דערוואַכן... דער כשוף וועט פאַרשווינדן, מען וועט א חופה שטעלן, א סעודה וועט זיין און נדן וועט דאָס פאָר פאָלק באַקומען—אחשורוש׳עס מלוכה!

---

ניי, וויים!

מיין רבי, יוסיל דער פילאָזאָף זאָגט: הבל הבלים... נאַראָנים פאַרציילן, נאַראָנים גלויבן!

שמעיה בטלן—אַזוי רופט מען אים, דעם חבר מיינעם—גלויבט, אַז אַלע מעשיות זיינען משלים, זיינען שאָלן, אין וועלכע דאָס נמשל—דער סוד ליגט ווי א זאָמען באַהאַלטן; מען דאַרף׳ן נאָר אַרויס־באַקומען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס האַרץ ביי מיר קלאַפּט, די פיס ציטערן... איך וויל אַרויף אויפ׳ן טורעם, איך מוז! פון קינדווייז אָן איז דער טורעם מיין פאַרלאַנג, מיין איינציגער חלום... איך טראַכט פון אים, זיצנדיג

ביים ספר בייטאָג, ליגנדיג מיט אָפענע אויגן ביינאַכט...

עס רופט מיך, עס ציט מיך. איך וויל, איך מוז!

„עס צ י ט מיך, איך ו ו י ל און איך מ ו ז!"

אַלץ איז אַזוי... צווישן מיר און דעם טורעם וועבט זיך אַ נעב־היימער פֿאָדעם. ער וועבט זיך יעדע סעקונדע דיקער און קירצער... ער ציט, איך וויל און מוז צו אים גיין...

נאָר נישט שרעקן זיך!

---

אויפ'ן ערשטן שטאָק...

אַן אומגעהויער צימער, נאָר ליער, פינצטער... אַ פענצטער אין וואַנט... דורכ'ן פענצטער פאַלט פון דרויסן אַ פיל־פאַרביג ליכט אַריין און באַלויכט די טרעפּ געגנאַיבער; די טרעפּ, וואָס פירן העכער אַרויף...

אַ נעץ פון פאַרביג ליכט צווישן פענצטער און טרעפּ אַרויף און אין צימער איז ליער! איך גיי אַרום און שלאָג מיך אָן גאָר־נישט אָן; קיינער און קיין זאַך שטייען מיר נישט אין וועג; אויסער די ווענט... די קאַלטע, פייכטע, גליטשיגע ווענט... די האַרטע, די פעסטע... אָן אַ מינדסטן שפּאַלט,—אָן אַ ריץ; קיין נאָגל אַריינצושטעקן...

איך גיי צום פענצטער צו... גרויס איז עס און ברייט. איך קוק אַרויס און זע מער ווי פריער, ווען איך בין אונטן געשטאַנען... גרעסער און ברייטער אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר דאָס פעלד מיט די זאַנגען, צווישן וועלכע איך בין געשטאַנען...

און זיי באַוועגן זיך, די זאַנגען, שאָקלען מיט די קעפּ...

וואָס האָט איר מיר צו זאָגן, זאַנגען? וואָס ניקט איר מיר צו מיט די קעפּ? איר באַדויערט מיך אָדער ווינטשט מיר גליק?

אָבער נישט איר טוט עס, דאָס אָוונט־ווינטל וויגט אייך... רעכטס און לינקס, אַהין און צוריק...

מיך טרייבט עס אַ ר ו י ף, אַלץ אַרויף; העכער און העכער!

און ווער באַוועגט אונז?

נישט איר ווייסט, נישט איך... און מיר וועלן עס, געווים, קיינמאָל נישט וויסן...

בלייבן זיי שטיין, די זאַנגען... האָב איך זיי איבערגעשראָקן?

און איך דערזע פון וויטן מיין שטאָט, מיין באַגדאַד... און צווישן די הייזער דערקען איך אונזער הויז...

דער טאַטע איז שוין געווים אַהיים געקומען... ער האָט זיך געוואַשן, גאָט געדאַנקט און עסט זיין אָוונט־ברויט; זאָל אים זיין צו געזונט... די מאַמע זעצט זיך אים געגנאיבער... וויל אים לעזן פון די אויגן אַרוים, ווי עס שמעקט אים... „צו געזונט!"— שעפּטשען אירע ליפּן... מיין קליין שוועסטערל, מיין שיין שוועסטערל, גראַבלט זיך אויפ'ן טאַטנ'ס קני אַרויף, און פאַרהאַלט זיך, פאַרוואונדערט, וואָס איך העלף איר נישט, קוקט זיך ערשט אום, אַז איך בין נישטאָ... זי פרעגט אויף מיר. דער טאַטע ווערט אומרואיג... ער פרעגט: וואו איז ער? „לערנט אודאי מיט שמעיה בטלן ביי יוסל פילאָזאָף... ענטפערט די מאַמע און רוי־טעלט זיך פאַר נחת.—פאַרשפּעטיגט זיך..." עס פאַלט זיי נישט איין, אַז איך האָב ביידע פאַרלאָזט און שטייג אויפ'ן טורעם...

צוריקגיין און זאָגן? א שטימע רופט פון אויבן אַראָפּ!

דאָס איז זי, די שטימע, וואָס איך האָב נישט איינמאָל אין טרוים געהערט...

ווי זים איז זי, די שטימע, און עס קלינגט דאָך אין איר:

— איך היים!

ו ו ע ר הייסט?

— אַרויף!—רופט מען פעסטער.

און איך גיי...

---

ווייטער א צימער, נאָר שמעלער און קלענער פאַר יענעם... ווייטער א פענצטער, נאָר אויך קלענער פאַר יענעם, און דאָס ליכט פאַלט אויך נישט איבער'ן גאַנצן צימער; א שטרייף גייט פון פענצטער צו די טרעפּ, וואָס פירן נאָך העכער...

אין צימער, אויב עס איז מעגלעך, איז נאָך לערער, נאָך פינצ־

טערער, נאָך אומהיימלעכער... די ווענט—פייכטער, קעלטער און פעסטער... אָן אַזאַ וואַנט איז זיך לייכט דעם קאָפּ צו צעשפּאַלטן...

אָבער העכער—בין איך! איך קוק פון פענצטער אַרויס און זע מער, נאָך מער, נאָך ווייטער!—ברייטער און לענגער איז גע־וואָרן די געגנט... עס האָט זיך אַרויסגעוויקלט אַ טייך; איך האָב אים פריער נישט געזען... און נייע ביימער, אַ נייער וואַלד... פאַר מיר נײ—; פאַר די, וואָס וואוינען דאָרט—אַלט...

איך הויב די אויגן אויף אין דער הויך—אַ גרעסער שטיק הימל—נאָך אַ שטיק וואָלקן, און שטערן פאַר מיר נייע... ביי אי־מיצן זיינען זיי געציילט!

איך פ ר י י מיך נישט דערמיט; אָבער שטאָלץ דערויף ווער איך... דאָס אַלץ זע א י ך . . .

פּלוצים שטעלט זיך אַ שאָטן פאַר מיר... איך דערקען אים—שמעיה בטלן!

— וואָס ביזטו אַזוי גרויס ביי זיך?—שפּעט אויס מיר שמעיה—דו זעסט מער, אָבער צי זעסטו בעסער? זעסטו טיפער? און אויפ'ן שפּיץ טורעם, צום הימל נאָענט צו די שטערן, וועסטו בע־סער אָדער טיפער זען?!

אייביג וועט זיך דיין בליק גליטשן א י ב ע ר די זאַכן, פון אויבן ג ל י ט ש ן, נישט אַריינדרינגען אין דער זאַך אַליין, אין עצם־זאַך! אין דער נשמה פון איר.

און ער פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט און זאָגט: אַלץ האָט זיין אייגענע נשמה—אַ מענטש, אַ געוויקס, אַ שטיין, אַ קערנדל זאַמד... נישט אַלע נשמות אָבער זיינען גלייך לעבעדיג און וואַך... דאָס מערסט נשמות שלאָפט, אין האַרטע קערפּערס פאַרשלאָסן און עס פעלט אויף זיי קיין טוי פון לעבן נישט, שפּראָ־צען זיי נישט אַרויס די נשמות...

וועקט זיך אָבער אַ נשמה, פון וואָס עס זאָל נישט זיין אַ נשמה, קען פון איר ווערן אַלץ, אַלץ—דאָס שענסטע, דאָס בעסטע, דאָס העכסטע...

און קענען, זאָגט ער—דאַרף מען נאָר איין נשמה... פון וואָס עס איז אַ נשמה... קען מען איינע, קען מען אַלע... אַלע נשמות

זיינען גלייך, זיי זיינען נאָר וואָך און אויפגעלעבט נישט אויף איין מדרגה...

אָבער דער תוך, דעם עצם זאַך, די נשמה זעט מען נישט מיט בלויזע אויגן.. דערצו דאַרף מען ברילן...

— ברילן!

— פאַראַן אַזוינע, דורך וועלכע מען זעט נשמות... הוילע, נאַקעטע נשמות...

— וואו זיינען זיי?

— אין א הייל!—אין א הייל אונטער ירושלים, אין אן אייזערנעם קאַסטן מיט א קופּערנעם באַשלאָג און שטאָלענע שלעסער ליגט אן אַלטער „כתב־יד”, א שטיקל פּאַרמעט מיט א שם המפורש, מיט וועלכן מען קען עפענען אן אַנדערע הייל, לעבן טייך גאַנגעס, לעבן גן־עדן—אין כינע... און דאָרט אין יענער הייל ליגן זיי— די ברילן. די הייל איז אָבער באַוואַכט מיט לייבן, עגדישן און ברענענדיגע שלאַנגען.

און פייניגט מען דעם גוף, ביז ער ווערט איינגעשרומפּן, די חיות רעות זאָלן קיין חשק נישט האָבן אַריינצושטעקן א צאָן, און האָט מען מיט זיך דעם שם, צו עפענען דעם קאַסטן—

— אַרויף!

הערט זיך פּלוצלונג די שטימע; דער שאָטן פאַרשווינדט...

אויפ׳ן וועג כאַפּט מיך יוסל פילאָזאָף, מיין רבי, ביי דער פּאָלע אָן:

— וואוהין גייסטו? נאָך וואָס שטייגסטו? אַלץ וויים דיין נשמה, אַלץ שטעקט אין דיין נשמה... זעץ דיך נאָר אין א ווייט, פינצטער ווינקעלע קלערן... נאָר קלערן...

— אַרויף! גיט א רוף די שטימע פון דער הויך; ער פאַרשווינדט און איך שטייג...

און וואָס העכער איך שטייג, קלענער ווערן די צימערן, קלענער די פענצטער, אָרימער דער שטראַל, וואָס פאַלט פון זיי אויף די טרעפּ געגנאיבער... האַרטער, נאַסער און גליטשיגער ווערן די ווענט...

אָבער זען זע איך וואָס אמאָל מער, אַלץ ווייטער און וויי־טער !—

די פינצטערניש אין צימער ווערט, וואָס העכער, אַלץ געדיכ־טער, און ליגט זיך מיר ווי א שווערע לאַסט אויף דער ברוסט... איך אָטעם קוים.. דאָס בלוט אין די אָדערן גליווערט פאר שרעק... איך אייל מיך אַלץ צום פענצטער צו... איך וויל ליכט פון דרויסן, און לופט צו. לאַנג אָבער שטיין לאָזט מען נישט.

— העכער !—רופט מען אַלץ־אין איינעם...

איך ווער בייז.

— ווער רופט מיך ? ווער האָט מיר צו באַפעלן ? די פיס— געשוואָלן, אָטעם—פעלט, און דו רופסט און רופסט, וואָס אמאָל שארפער, געביטערישער ! מיט וואָס פאר א רעכט ?

— העכער !—רופט די שטימע.

איך גיי אַלץ העכער און העכער, און אין הארץ קוילערט זיך ארום ביי מיר א לעכערלעכער געדאַנק : דו אַליין רופסט ! באַ־הערש נאָר דיך אַליין !...

און איך וויל מיך איבעררעדן און שטעל מיך אָפּ און רעד צו מיר אַליין :

— און אַז דו וועסט שוין זען נאָך וועלדער און פעלדער, נאָך טייכער, נאָך בערגער, נאָך ערד... און אַז דו וועסט שוין זען נאָך טויזנט שטערן, נאָך שטיקער וואָלקן... נאָך הימל, וועט דיר גענוג זיין ? די זאַכן זיינען  א ר ו ם  דיר און מיט העכער קומסטו צו זיי נישט נעענטער... זיי רינגלען דיך ארום, דו ביזט די מיט, ארום וועלכער אַלץ דרייט זיך אין א ראָד... מיט העכער קומסטו צו קיין קערנדל זאַמד נישט נעענטער !...

און וואָס העכער, אַלץ קלענער ווערן זיי, די זאַכן, וויינינגער דערקענסטו זיי...

און איך לויף צום פענצטער צו, קוק ארוים : וואו איז באַגדאַד, וואו מיין טאַטע־מאַמע׳ס הויז, וואו מיינע גאַסן, מיינע חברים, מיין בית־המדרש ?

פינטעלעך זע איך... גלייכע, אויסגעמישטע פינטעלעך... און— זיי ווילן מיר אויך פארשווינדן... אַליין וועל איך בלייבן... און

וואס העכער—איינזאמער, עלנטער...

וואוהין אייל איך מיך?—

— ארויף!

---

איך דערהער א געוויין... א היימיש הארציג קול וויינט... צי איז נישט דארט וואס געשען? צי איז נישט דארט אימיצער פון מיינע געשטארבן... א ברונעם איז דא אויפ'ן הויף, צי איז נישט מיין שוועסטערל אין ברונעם אריינגעפאלן?

און איך הער דער מאמע'ס שטימע:

— קינד מיינס, וואס טוסטו? דו שפילסט מיט'ן לעבן... אויפ'ן שפיץ טורעם שטייט דער וועכטער, ער וועט דיך פאר א שונא האלטן, שטעכן דיך!

— ברודערל, ברודערל מיינס! דארטן זיינען כשוף־מאכער, זיי וועלן דיר שלעכטס טאן! וועסט אין עפעס משונה־דינגס מגולגל ווערן!

— ארונטער!—בייזערט זיך דער טאטע,—נמרוד וועט דער־הערן, אז דו קריכסט אים אויפ'ן קיווער, וועט ער זיך א ריר טאן, פאלסטו אראפ, ווי א שטויב...

און אז איך פאלג נישט—

— א! די בת־מלכה צימ דיך! די בת־מלכה...

איך ווער פארציטערט!

— קום!—רופט ווייטער די שטימע.

איך גיי און אויף שטיקער רייסט זיך דאס הארץ.—

אט בליצט עפעס אויף! א שפיגל! ווער האט דא אויפגעהאנ־גען א שפיגל?

און—דאס בין איך?

דאס ליימיגע, געריגצלטע פנים, די מידע, האלב־אויסגערונענע אויגן, די ווייסע גרויע האר... ד א ס איז דער סוף?

—געוויים!—ענטפערן אלע מידע גלידער...

— אזוי איז... אקצענטירן די פיס...

— אזוי! בלוטיגט דאס הארץ.

איך ריים מיך מיט שרעק אוועק פון שפּיגל און וויל ווייטער לויפן.... ארויף, ארויף, וויינגסטנס דעם שפּיץ דערגרייכן, מיט׳ן לעצטן טראָפּן בלוט, מיט׳ן לעצטן אָטעם...

— אראָפּ! דונערט פּלוצלונג די זעלבע שטימע פון דער הויך.

— איך גיי נישט אראָפּ! — שפּאר איך פּארצווייפלט דעם פוס אין באָדן!

— ווער עס גייט נישט, פאלט!

און איך קאָלער מיך אראָפּ...

---

איך בין זיכער, אז קיינער האָט דערינען קיין טעות נישט געהאט; אז אלע האָבן פארשטאנען, אז איך פארצייל א חלום פון מיינע קינדער־יאָרן...

און, אויב אימיצער האָט א טעות געהאט, איז אויך קיין אומ־גליק נישט... א חלום ווערט אויך נישט אויסגעטראכט, ער בינדט זיך נאָר צוזאמען... שטעלט איבער, דרייט אויס; אָבער—אלץ פון לעבן... וואָס שאדט, אויב ער פארבט אמאָל שענער, מאָלט פאנטאסטישער?

און ווער קען די גרענעץ צווישן חלום און לעבן?

---

און נאָך א מעשה איז געשען...

און דעמאָלט בין איך שוין געווען אין די מיטעלע יאָרן... און נישט אין דער היים... איך האָב גלות געליטן... גע׳חלומ׳ט האָט זיך מיר שוין אויף פרעמדע בעטן, וואו פרעמד אימפּלוט האָט גע־ביסן, געוועקט און קיין איינציגער חלום האָט זיך ביז צו ענדע נישט אויסגעשפּינט! שוין לאנג ארויס פון די קינדער־שיך, פון כליפּען־לאנד... אויס יעוונוכן, קעבס־ווייבער, כשוף־מאכער, אויס נמרוד מיט׳ן קיווער, אויס בת־מלכה׳ס, וואָס שיקן אמאָל א לבנה־שטראל אין א מיד הארץ אריין...

א גלות־מענטש בין איך; איך ארבעט, פיר „מלחמה פאר׳ן לעבן", פאר מיר, פאר ווייב און קינד! אויס חלומות!

דאָס לעבן, דאָס ווירקלעכע לעבן איז צו האַרט, צו פעסט איינ־דרינגלעך, עס זאָל בלייבן פּלאַץ פאַר חלומות... קינדער אין וויגן חלום'ט שוין נישט...

און אָוונט־צייט איז עס געווען, א שיינער אָוונט, און איך בין מיר פאַר'ן הויז אין גערטנדל געשטאַנען, אין פרעמדן גערטנדל פאַר'ן פרעמדן הויז...

א וואונדערלעכער אָוונט געווען...

צו מיטאָג האָבן זיך אויפ'ן הימל צוזאַמענגעקליבן לייכטע, זילבערנע, דינע נעפּל, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעהעקלט, און ווי א פיין געשפּינען טישטעך אויסגעשפּרייט, און פון צווישן די לעכלעך זיינען טראָפּן, ווי טרערן פון אויגן געפאַלן... דערנאָך האָט דאָס טריפן אויפגעהערט, די לייכטע נעפּעלעך צעשווימען זיך...

די זון גייט אונטער, דאַרף ווערן טונקעלער; די לייכטע נעפּל צעפליען זיך—ווערט ליכטיגער—

בלייבט עס שטיין!—נישט ליכטיגער ווערט, נישט טונקעלער... עס האָט זיך די צייט ווי אָפּגעשטעלט! דער אומרו פון וועלט־זייגער איז שטיין געבליבן!

די ביימלעך אין גאָרטן וואונדערן זיך... די בלומען אין גראָז ווייסן נישט, וואָס מיט זיך צו טאָן... עפענען זיך נאָכ'ן רעגן, פאַרוויקלען זיך פאַר דער נאַכט?

איך שטיי דערשראָקן.

און וואָס וועט זיין אויב דער פאָדעם, וואָס באַוועגט אַלעם האָט זיך ווירקלעך אָפּגעריסן? אויב איך בין אויפ'ן גרעניץ פון דער צייט, עס שלאָגט אוים איר לעצטע סעקונדע! און דאָס, וואָס עס איז, וועט שוין אַזוי לעבן און דויערן אייביג; נישט פאַרענדערן זיך, נישט אויפהערן... אַלץ וועט פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט ווערן; אַלץ וועט בלייבן אין דער זעלבער פאָרם!

דער אָקס, וואָס האָט דעם קאָפּ געבויגן און אַרויסגעשטעקט די רויטע צונג צום גרעזל... וועט עס נישט דערגרייכן...

דער אָדלער, מיט'ן קינד, וואָס ער האָט אין די נעגל, וועט בלייבן הענגען אין דער לופט, אונטער'ן הימל, און די מוטער, וואָס קניט אויף דער ערד, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, פאַרשטאַרט

פאר שרעק, וועט שוין בלייבן אזוי קניען... דאָס געשריי פון קינד און פון דער מוטער וועלן פארפרירן אויף אייביג אין דער לופט!

געבוויגן אונטער א לאַסט, וועט פארשטארט ווערן דער טרעגער, ער וועט קיינמאָל נישט אויסגלייכן די אקסל... דער טראָפּן שוויים, וואָס האָט זיך אים געלאָזט פון שטערן, וועט נישט דערגרייכן דער באַק; וועט הענגען בלייבן איבער דער ברעם...

אן אַלטע מויד וועט בלייבן ביי די קאָרטן, וואָס זי לייגט זיך; דער „אייבער" וועט איר שוין קיינמאָל נישט אַרויס...

און דער, וואָס קניט פאַר'ן פרעמדן ווייב, וועט שוין נישט אויפשטיין; די ליפּן, וואָס זי טראָגט אים אנטקעגן, בלייבן אין דער לופט, און דער מאַן, וואָס לויפט מיט'ן מעסער צו, וועט ביידע נישט דערגרייכן...

א קינד כאָרכלט אין וויג, דיפטעריט... עס וועט נישט שטאַר־בען, נאָר אייביג כאָרכלען... דער קראַמפּ אויפ'ן פּנים פון דער מוטער, וואָס קניט ביי דער וויג, וועט נישט אַראָפּ...

די אַלטע זעק־פליקערן בלייבט מיט דער נאָדל אין איין האַנט, מיט'ן פאָדעם אין דער צווייטער...

דער מערדער אין וואַלד, מיט'ן בילד פון זיין אָפּפער אין אויג!

און די טויטע וועלן שוין נישט אויפשטיין, די לעבעדיגע— אין איין סעקונדע—די אַלע בילדער פון שרעק, פון פארצווייפלונג, נישט שטאַרבן... אַלץ וועט זיך איינציען און איינגעצויגן ווערן פון כעס, רציחה, רחמנות, געבעט—אויף תמיד!

אייביגער נחת, אייביגער צער, אייביגע פרייד, אייביגע טראָ־טוארן...

— גיי!

פריץ —142—

הער איך פלוצלונג א שטימע...

נישט ווילנדיג ריר איך מיט א פוס, און אַלץ הויבט זיך אָן אַרום מיר צו באַוועגן...

איז דאָס אויך געווען א חלום?

אָבער, די שטימע האָב איך דערקענט!

די זעלבע!

— וואוהין גיין?
קיין ענטפער!

---

.3

אַלט בין איך אַצינד און זע אויס, ווי דעמאָלט אין שפּיגל...

די פיס ווילן שוין נישט טראָגן... איך האָב שוין לאַנג קיין גערטל, קיין בלומען, קיין הויז, אפילו קיין פרעמדס... איך וואַנדער...

און צו חלום קומען: אייזערנע בלומען, קברים־קרענץ...

און פאַרגעסן פון אַלע, עלנט, צוגעשלאָגן אין א גאַסט־הויז צום בעט.

אין דרויסן, הינטער די ווענט, שטורעמט און זידט ווייטער דאָס לעבן, נישט מ י י ן לעבן שוין!

רייסט זיך אַמאָל צו מיר אריין א שטימע, פאַרשטיי איך זי נישט. א פרעמדע שפּראַך, און ווייס נישט, וועגן וואָס עס גייט...

איך הער נאָך: שווערדן קלינגען... הורא! אימיצער זיגט! אַנדערע שעלטן און פאַלן...

איך בין אויך אַמאָל א קריגער געווען, א שווערד געהאַט... וועגן עפּעס וואָס געפאָכט, אָבער וועגן וואָס, געדענק איך נישט...

דער קאָפּ איז צו שוואַך; איך ווייס שוין נישט, צי מיר האָבן געזיגט, צי דאָס פעלד געריינינגט...

צי געדענקט מיך נאָך אימיצער דאָרט? געוויס נישט; איך האָב זיי אויך פאַרגעסן!

אין אַלטן האַרץ שימערט נאָך א קליין פלעמל: דאַכט זיך, א ליכטל צאַנקט, נאָר עס האָט שוין קיין קראַפט נישט צו פאַרטרייבן די קאַלטע, שווערע שאָטנס, וואָס לייגן זיך מיר אַלץ מער אויף דער נשמה...

אַמאָל אַלטע שאָטנס; באַווייזן זיך אַמאָל אין געהירן, איך דערקען זיי נישט... איך ווייס נישט, ביי וואָס איך האָב אַמאָל געוויינט, פאַרוואָס איך האָב אַמאָל געלאַכט...

און די אויגן זיינען פארמאכט אויף אייביג... נאר די אויערן הערן נאך עפעס...

נאך וואס? דאס גערויש פון לעבן פארשטיי איך נישט...

און אפן זיינען זיי, איך זאל נאך אמאל ווערן גערופן! און די זעלבע שטימע וועט רופן... דאס ווייס איך...

— ווער ביזטו, וואס דו וועסט רופן?

— איך וויל גיין, איך וויל פאלגן, ווייל איך מוז! נאר ווער ביזטו?

בין איך גאר דיין ווערקצייג געווען, נישט וויסנדיג, דיינע צוועקען געדינט, און אצינד, אז איך טויג נישט מער, וועסטו מיך צעשמעטערן?

און איך זאל אפילו קיין רעכט נישט האבן צו פרעגן: צו וואס איך האב דיר גענוצט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

# א רייזע אין דער צייט

... און איך ווארף מיך ארום אין בעט; א געדאנק מאטערט און לאזט נישט שלאפן. אין דרעמל פלאנטערט ער זיך אריין אין מיינע חלומות...

„מיר לעבן אין צייט און ארט".

דאס ארט קען מען נאך באהערשן: ווילן מיר, שטייען מיר, ווילן מיר, באוועגן מיר זיך: טווישן מיר דעם פלאץ.

אבער מיט דער צייט—צי מיר ווילן צי ניט, מיר באוועגן זיך; אפילו די רעליגיאן רוקט זיך אויך פאראויס!

און דער ארט האט פיר זייטן.

מיר קענען גיין אהין און צוריק, רעכטס און לינקס.

דער ארט איז אן אומפאנג, א פארנעם.

אבער די צייט איז א שטריך. נישטא קיין רעכטס און לינקס, נאר א פארנט און הינטן.

די היסטאריקער קערן זיך אום צוריק, און מיט דער פאנטאזיע דערגרייכן זיי אמאל צוריק ביז אדם און חוה, און זעען זיי ארומגיין נאקעט און עסן גראז...

אנטקעגן זיי שטייען די פראפעטן, די טרוימער. נאר פאר־ווערטס! שפרינגען אמאל אין דער צוקונפט אריין, גלייך צום לעצטן גרויסן טאג אדער צום קליינעם אינגל, וואס פירט מיט א רויזן־שטעקל אין דער האנט וואלף און שעפס צוזאמען.

די זיינען אבער אויסנאמען, אויסטערלישע מענטשן, און באַ־נוגענען זיך אפט דעריבער מיט א זייפנבלאז פון לעבן אנשטאט לעבן. אבער גאט׳ס פאלק, די גרויסע מאסע, וואס גייט טריט ביי טריט, און איך, ניט אויסגערעדט זאל עס זיין, צווישן זיי, צווישן דעם ערב־רב... מיר וואס? מיר ווילן לעבן, און נישט קיין וועקסל אויפ׳ן לעבן. די דערינערונג פון טאפ פלייש איז עפעס מער ווערט

אַלס די זיסע האָפנונגען פון מילך און האָניג...

מיינע אויגן זיינען האַלב פאַרמאַכט, און איך פרעג זיך:

„פאַרוואָס ג י י ע ן מיר נישט און פ אָ ר ן נישט אין דער צייט?"

וואָס אנבאַלאַנגט דעם אָרט, אַנטוויקלען מיר זיך, ווערן מיר פאָלקאָמענער פון טאָג צו טאָג. אַמאָל ז י י נ ע ן מ י ר ג ע ג א נ ג ע ן, (און פילייכט נאָך אויף אַלע פיר), דערנאָך געקומען צום ר י י ט ן. האָט א גוטער מענטש דערפונדן דאָס ראָד, האָבן מיר צוגעשפּאַנט דאָס פערד און ג ע פ אָ ר ן! איז געקומען דער ד אַ מ ף און האָט באַזיגט דאָס פערד. איצט באַשטרייט די ע ל ע ק ט ר י צ י ט ע ט דעם דאַמף און זיגט! אַצינד בויט מען לופט־שיפן, און מיר וועלן פליען ווי די אָדלער!

נאָר מיט דער צייט? קיין עצה, קיין ראט אנטקעגן דער צייט!

די ברעמען זיינען שווער ווי בליי. פאַלן צו. קוים נאָך א קליינער, שמאָלער שפּאַלט... און דער געדאַנק הערט נישט אויף צו מאַטערן:

— „אַז מיר איז קאַלט דאָ, און איך האָב געלט, אנטלויף איך פון דער קעלט, פאַרבייט איך דאָס פינצטערניש מיט ליכט, ווינטער מיט זומער! און וויל איך און האָב געלט, מאַך איך מיר א גאַנץ יאָר פריילעך אָדער א זומער; דאָס געזאַנג פון די פייגעלעך הערט נישט אויף, און איך קוועל פון נחת—אין די וואַרעמע לענדער.

אָבער אַז עס איז מיר קאַלט אין דער צ י י ט, איז נישטאָ וואו צו אנטלויפן!

נישטאָ קיין רעדער, קיין דאַמף, קיין עלעקטריציטעט און קיין לופט־באַלון...

און—מען טאָר נישט בלייבן שטיין! איך מ ו ז מיך באַוועגן, און באַוועגן דורכאויס, — אַזוי וויל אימיצער — טריט ביי טריט!

צוריק, מיט די היסטאָריקער, קאָן איך זיך נישט אומקערן, מיך שקלען די דורות אָן ווייסע, געפּרעסטע העמדער...

און נביאות זאָגן קאָן איך אויך נישט: זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, ווייסט איר דאָך ביי וועמען אין די הענט דאָס

נביאות איז געבליבן!

איך וויל פ אַ ר ן אין דער צייט, איך וויל!

און דרעמל איין און טראַכט, אַז עס איז גאָרנישט אַזוי אומ־מעגלעך.

מען דאַרף נאָר ו ו ע ל ן! אַלץ הענגט אָפּ פון ווילן. און איך וויל, איך וויל מיט אַלע קרעפטן, מיט'ן גאַנצן האַרצן.

און פּלוצלונג—איך פאָר...

אוים! עס וואַקסט שוין מער קיין ברויט נישט. און אויפ־געהערט האָט די ערד צו זיין דאָס אייגנטום פון „פּריצים" און פעלקער... די כ ע מ י ע מאַכט ברויט פון דערנער, און מיר קאָנקורירן נאָר מיט די דערנער־פרעסער—די אייזלען. א רחמנות אפילו, וואָס קאָן מען אָבער מאַכן? אַזאַ וועלט, ס'רעדל דרייט זיך! הונדערטער יאָרן האָבן ז י י געגעסן און מ י ר גע־הונגערט! און נישט נאָר ברויט אַליין גיט אונז די כעמיע—אויך פלייש און פיש, און געפליגל און הערינג, ס'הייסט — נאָר דעם געשמאַק דערפון. און דער גראָבער בויך איז פאַרשוואונדן, דער טרעלבוך, דאָס איבעריגע שטיק פלייש, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט דעם מענטשן הונדערטער יאָרן נאָכאַנאַנד. און מיר עסן נישט, נאָר מיר טרינקען. און אין פּאַריז טרינקט מען שוין אויך נישט, נאָר מען שמעקט. די שפּייזן גייען אַריין דורכ'ן נאָז. די ענג־לענדער טראָגן קליינע זעקעלעך מיט שטויב, מיט פּודער פון שפּייז, אונטער דער נאָז, איבער די וואָנסן, און שמעקן ווען עס ווילט זיך זיי. און אויב דאָס מויל איז נאָך אינגאַנצן נישט פאַרשטאָפּט גע־וואָרן, איז עס נאָר ווייל עס קומט צונויף—ווייבער קאָמפּלימענטן צו מאַכן, צו פלירט!

און די ליבע—איז פריי, אָן א בייז אויג, אָן אייפערזוכט—גאָרנישט!

ניט דער מאַן שפּייזט דאָס ווייב, ווי אין צוואַנציגסטן יאָרהונ־דערט, און ניט די פרוי האַלט אויס דעם מאַן, ווי אין דרייסיגסטן! יעדער האָט זיין פלעשעלע מיט פּודער, און שמעקט, האָט די פרוי קיין באַזונדער רעכט איבער'ן מאַן און ניט פאַרקערט. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— און דו ווער ביזט ?

— איך ?

—יאָ, דו !

—איך, דער קוטשער !

— דער קוטשער ?

— יאָ, כ׳פיר דעם וואָגן אויפ׳ן צייט־וועג. ווילסט דאָך פאָרן... פאָרווערטס ? ! צו דער צוקונפט ?

— יאָ, צום קליינעם אינגל מיט׳ן רויזן־שטעקל. טרייב אָן ! און מיר פליען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— אין וואָס פאַר א צייט זיינען מיר איצט ? ווי הייסט זי ?

— זי האָט נאָך קיין נאָמען נישט ; זי איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן...

— שנעל, ווייטער !

און מענטשן לויפן הין און צוריק ארום, ווי פאַר׳סמ׳טע מייז און שרייען :

— וואָס טוט מען ? ניטאָ גאָר קיין הונגעריגע, זיי צו געבן ברויט, קיין דאָרשטיגע צו דערקוויקן מיט א טרונק, קיין נאַקעטע צו באַקליידן, קיין קראַנקע צו היילן ? נישטאָ גאָר קיין אומגליק־לעכע, קיין דערשלאָגענע, פעלקער אָדער איינצלנע מענטשן, רחמנות צו האָבן ?

די קי גיבן מילך און קיין קעלבער צו זויגן זיינען נישטאָ...

אַלעם לעבט און שטאַרבט—נאַטירלעך, צו דער צייט !

אַלעם לעבט און נעמט דאָס לעבן פון זעקעלע. שטאַרבן שטאַרבט מען בלויז פון אַלטקייט...

אַלץ לעבט אין א פולשטענדיגער האַרמאָניע מיט דער נאַטור און שטאַרבט אין א פולשטענדיגער האַרמאָניע מיט דער נאַטור.

נישטאָ קיין קראַנקהייט, נאָר עלטער...

מיט דער צייט שרימפּן זיך די גלידער אײַן ביז צום פאַרשווינדן און אַלע אין איין צייט, אין איין מאָס — לויט מ ע ט ש נ י ־ ק אָ ו ׳ ס מעטאָדע.

קיין איין גליד שטאַרבט פאַר זיינע חברים נישט אָפּ און טויט

זיי נישט מיט זיך פאר זייער צייט. און אָן ליידן, אָן שמערצן גייט מען פון דער וועלט.

זיי לעבן אין הארמאָניע און שטאַרבן אין הארמאָניע, אָן ווײ־טאָג, אָן לייד. און די נשמה און דער גוף גייען אויס אינאיינעם. נישטאָ קיין לעבעדיגע נשמה אין א טויטן גוף, און ניט פארקערט. נישטאָ קיין ווילן, גרעסער אַלס די מעגלעכקייט, און קיין מעגלעכ־קייט אָן ווילן... נישטאָ קיין פארלאַנג, וואָס קען נישט דערפילט ווערן, און נישטאָ קיין איינגעהאַלטענע, אָנגעזאַמלטע ענערגיע, וואָס גיסט זיך אין ווייטאָג איבער!

און מיט דער צייט איז אויך דער פלירט פארגעסן געוואָרן; נישטאָ קיין ווילן אָן מעגלעכקייט....

און קיין דיסקוסיעס אויך ניטאָ: די ט ע מ ע ס זיינען פארשוואונדן. די מיינונגען זיינען אָן אינטערעס און די שטימען אָן פארב. קיין צאָרן, קיין בארעדן; קיין שפּאַס, קיין וויץ! איינ־מאָל האָט זיך געמאכט א צופאַל, „שלום־עליכם״ איז דורכגעפאָרן, מען האָט אים איינגעלאַדן אויף א מאָלצייט—ער האָט געלעזן און אַלע—געגענעצט...

מיט דער צייט איז דאָס גענעצן געוואָרן אן אָנשטעקנדיגע קרענק, אן אַלגעמיינע וועלט־קראַנקהייט...

— און וואו איז דאָס אינגל מיט'ן רויזן־שטעקל?

— צו וואָס טויג ער אונז, צו וועלכע שווארצע יאָר? די וועלף, די שלאַנגען און די איבעריגע ווילדע חיות זיינען דער'הרג'עט גע־וואָרן דורך עלעקטריציטעט... אפילו די פרומע פרעש, א ליכטיגן גן־עדן זאָלן זיי האָבן!

— די ערד אפילו האָט שוין אַזוי לאַנג נישט געציטערט—האָט זיך איינער פון די אַלטע לייט געוואָלט באקלאָגן, און האָט א גענעץ געטאָן.

און איך ווענד זיך צום קוטשער און רוף אויס מיט שרעק:
טרייב אָן, ווייטער! — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס, א „יריד״?

— גאָט באַהיט! מען קויפט ניט און מען פארקויפט ניט!

— וואָס דען? קאָראָנאַציע?

— אויך דאָס האָט מען שוין פאַרגעסן! לאָמיר אָראָפּגיין זען—

די גאַס ווימעלט פון מענטשן.

און מען פאַרציילט אַ געשיכטע:

אַמאָל, אַז מען האָט אַרויסגעטריבן די יעזואיטן פון פראַנקרייך, האָט איינער פון די הייליגע, פאַר צאָרן און לייד, זיך אָנגעטרונקען מיט שאַרטרעז. אַ שכור'ער איז ער אַנידערגעפאַלן ביים פּאַס אין קעלער אין אַ לעטאַרגישן שלאָף ביז אויף היינטיגן טאָג. אָן יעזואיטן איז פראַנקרייך געפאַלן און געפאַלן, ווי שפּאַניע, נאָכדעם אַז מען האָט אַרויסגעטריבן די אידן. דאָס לאַנד האָט זיך געבאָדן אין שמוץ; פראַנקרייך האָט אַ ציטער געטאָן, אַ קראַמפּף האָט די ערד געכאַפּט און—אַ באַרג אַש, צי אַ סטעפּ, איצט האָט איינער פון די, וואָס גענעצן, זיך געוואָלט אויסגראָבן אַ קבר, און לעבעדיגערהייט באַגראָבן, און גראָבנדיג, געפונען דעם יעזואיט! האָט ער אים אַריינגעבראַכט אין שטאָט. מיט געווירצן האָט מען אים אויפגעמונטערט...

און ווי ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט אים דער גאַנצער עולם אַרומגערינגלט און געפרעגט: צי דעמאָלט, אין דער יעזואיטן-צייט האָט מען אויך גענענעצט?

— יאָ, ענטפערט ער. — עס האָבן גענענעצט לאָרדן אין ענגלאַנד, מיליאַרדערן אין אַמעריקע און דאָס גלייכן!

— און די איבעריגע? דער עולם?

— ניין, דאַכט זיך: ניין!

— וואָס האָט מען געטאָן?

— איידער מען האָט פאַרבאָטן די יעזואיטן, האָט מען אין אַלע לענדער געדאַוונט, גאָט געלויבט, געבעטן...

— אַ געשעפט! ליידיגגייער געווען? וואָס?

— מען האָט זיך געפרייט מיט דעם אויפגאַנג פון דער זון אין דער פרי, און מיט'ן אונטערגאַנג ביינאַכט, צום ביישפּיל: די פּאַעטן!

— מיר האָבן קיין מאָרגן און קיין אָוונט. די עלעקטרישע זון

ביינאַכט, לייכט נאָך בעסער ווי בייטאָג!

— עס זיינען אויך געווען קאָנצערטן פאַר וואוילטעטיגע צוועקן.

— מיר האָבן קיין „צדקה" נישט; נישטאָ קיין אָרימע לייט!

— קאַטערינקעס האָבן אין די גאַסן געשפּילט...

— מיר האָבן „קנעפּלעך"—אַ דריק און עס הערט זיך אַ געזאַנג. נאָר ווייל אַלע קאָנען דריקן און הערן — — —

— אַ!—דערמאָנט זיך דער יעזואיט,—ס'זיינען געווען אָרימע, וואָס פּלעגן צוליב פאַרגעניגן, אַזוי אַמאָל, אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט אַרויסשטעקן אַ פוס פון אונטער אַ קאָלדרע און אַריינכאַפּן צוריק!

— ניטאָ ביי אונז קיין קעלט און קיין ווינטער! איין מיטל־מעסיג קלימאַט אויף דער גאַנצער ערד!

— נאָך עפּעס געדענק איך,—זאָגט דער פאַרמאַטערטער יע־זואיט.—כ'וועל אייך זאָגן, נאָר—אַביסל ווייַן...

— אַביסל ווייַן־שטויב צו שמעקן, גוט!

— זעלנער פּלעגן דורכגייין אין די גאַסן, פאַר זיי אַ קאַפּעליע מיט מוזיק, און דער עולם פּלעגט זיי נאָכלויפן מיט פרייד.

— וואָס טייטש „זעלנער"?

— אָנגעטאָן אין אוניפאָרם, באַוואָפנט!

— וואָס הייסט אוניפאָרם? און וואָס איז אַזוינס באַוואָפנט?

— גיט מיר נאָך אַ שמעק ווייַן, ווייל מיין געדעכעניש ווערט שוואַך.

מען האָט אים געגעבן צו שמעקן, און ער האָט זיך אַלץ דער־מאָנט און דערקלערט.—גוט, זאָגט דער עולם, און גלייך זיינען באַשאַפן געוואָרן זעלנער מיט אוניפאָרמען און געווער.

און די „זעלנער" מאַרשירן איבער די גאַסן און גענעצן, און דער „עולם" גענעצט מיט...

— זאָגסט ליגן, יעזואיט!

— ניין, כ'זאָג קיין ליגן ניט... אָבער דאָס זיינען ניט קיין זעלנער.

— זיי גייען דאָך אין אוניפאָרם!

— ריכטיג.

— זיינען דאָך באוואָפנט?

— יאָ, אָבער — —

— וואָס „אָבער"?

— זיי האָבן נאָך קיין בלוט ניט פארגאָסן, און זיי האָבן קיין צייכן פון קיין זעלנער אויף די פנימ'ער.

— פארגיסט בלוט!—האָט דאָס פאָלק פלוצלונג אָנגעהויבן ליארעמען—שטעכט, שיסט, טויט!

— וועמען?—פרעגט דער גענעראל.

— אונז, אונז אלעמען, שיסט, אבי נישט גענעצן, שיסט!—דונערט די שטימע פון פאָלק; און דאָס פאָלק איז די לעצטע אינ־סטאנץ!

— שיסט!—קאָמאנדירט דער גענעראל...

איך האָב מיך אויפגעכאפט.